# געקליבענע

# שריפטען

— פון —

# איוואן טורגעניעוו

איבערזעצט פון

לעאָן קאָברין

ערשטער באנד

היברו פּאָבלישינג קאָמפּאַני

83-85 קאַנאַל סטריט, ניו יאָרק.

1911.

# אינהאלט פערצייכניס





**COLLECTION OF WRITINGS by I. S. TURGENEVE**

Translated by LEON KOBRIN

# איוואן סערגעיעוויטש טורגעניעוו

(פאָרוואָרט.)

---

I.

טורגעניעוו איז געבאָרען געוואָרען דעם 28טען אָקטיאָבר, 1812 אין אָריאָל, רוסלאַנד. זיין פאָטער סערגעי ניקאָלאַיעוויטש איז געוועזען אַ קאָלאָנעל, האָט בעלאַנגט צו אַן אַלטער אַריסטאָקראַטישער פאַמיליע, וואָס האָט געשטאַמט פון טאַטערען. זיין מוטער, וואַרוואַרא פּעטראָוונאַ, איז געוועזען אַ רייכע גוטס־בעזיצערין. ווען זיין פאָטער איז אַלט געוועזען 40 יאָהר, האָט ער שוין געהאַט גע׳פּטר׳ט זיין גאַנץ פערמעגען אין קאָרטען, אויף ציגיינערינס און שאַמפּאַניער... דאַן האָט ער זיך מישב געוועזען, ער וועט פּרובען אויפזובען פאַר זיך אַ רייכע כלה. אַזאַ כלה האָט ער געטראָפען אויף אַ גאַנץ ראָמאַנטישען אופן. ער איז געקומען אַמאָל אין דעם רייכען מאַיאָנטעק פון זיין צוקונפטיגער פרוי וועגען איינהאַנדלען פערד פאַר זיין רעגימענט. די יונגע גוטס־בעזיצערין האָט אויפגענומען דעם שעהנעם אָפיציער גאַנץ פריינדליך און צווישען אַנדערעס האָט זי איהם פאָרגעלייגט, צו שפּיעלען מיט איהר אַ קאָן אין קאָרטען, אָבער מיט דער בעדינגונג, אַז דער, וואָס וועט געווינען, זאָל זיך אליין אויסקלייבען דעם געווינס, לויט וואָס זיין האַרץ וועט געלוסטען. געוואונען האָט סערגעי ניקאָלאַיעוויטש און, בענוצענדיג זיך מיט דער געלעגענהייט, האָט ער גלייך אויף דער שטעל, אָהן לאַנגע שהיות, מעשה אָפיציער, פערלאַנגט, אַז דאָס געווינס זאָל זיין... זי, זיין פאַרטנערשע... יענע האָט איינגעוויליגט און אין גיכען האָבען זיי חתונה געהאַט. נאָך דער חתונה האָט טורגעניעוו׳ס פאָטער זיך אָנגעגעבען אין דימיסיע, זיך בעזעצט מיט זיין פרוי אין דעם זעהר גרויסען מאַיאָנטעק ספּאַסקאָיע און געגומען לעבען אויף אַ משונה׳דיג־ברייטען שטייגער. טורגעניעוו׳ס פאָטער איז געוועזען אַ ווייבער, מילדער מענש, אַ גאַסט־פריינדליכער און אַ לוידעכשאַפטליכער ליעבהאָבער פון געיעג. זיין ווייב האָט ער ניט

שטאַרק ליעב געהאַט, האָט זי אָבער רעספּעקטירט און אָביסעל מורא געהאַט פאַר איהר. זי, זיין ווייב, טורגעניעוו׳ס מוטער, איז, פערקעהרט, געווען אַ האַסט־הערציגע, הערשזיכטיגע פרוי, איהרע לייב־אייגענע האָט זי געדריקט און געשטיקט אָהן רחמנות. אין מאַנכע פון זיינע ערצעהלונגען האָט טור־געניעוו געשילדערט זיין מוטער, אויך אין דער שעהנער ערצעהלונג „מומו“, וועגען וועלכער דער בעריהמטער ענגלישער שריפטשטעלער קאַרלייל האָט זיך אויסגעדריקט, אַז די דאָזיגע ערצעהלונג איז די ריהרענדסטע פון אַלע, וואָס ער האָט ווען עס איז געלעזען. די פּריצה׳טע אין דער דאָזיגער ערצעהלונג איז אַ בילד פון זיין מוטער.

## II.

טורגעניעוו האָט זיך אויפגעהאָדעוועט אין דער שטיקענדיגער אַטמאָס־פערע, געשאַפען פון זיין מוטער׳ס שטרענגער דיסציפּלין. וואַרוואַראַ פּעט־ראָוונאַ האָט אַזוי שלעכט בעהאַנדעלט איהרע אייגענע קינדער, ווי איהרע קנעכט און דיענסטען, ווי אַלע איהרע לייב־אייגענע. פאַר די קינדער איז זי פריהער פון אַלעם געווען אַ שטרענגער ריכטער, וואָס האָט אָהן רחמנות זיי בעשטראָפט פאַר די מינדעסטע קלייניגקייט. אין די שפּעטערע יאָהרען האָט טורגעניעוו אליין אָפט דערצעהלט, אַז מען האָט איהם געשלאָגען אָהן רחמנות און כמעט יעדען טאָג.

— יאָ, אין אייזערנע הענד האָט מען מיך געהאַלטען אין מיין קינדער־הייט — פלעגט טורגעניעוו אָפט דערצעהלען — און פאַר מיין מאַמען האָב איך געציטערט, ווי פאַר פייער. בעשטראָפט האָט מען מיך פאַר אַלסדינג, אַזוי ווי אַ רעקרוט אין ניקאָלאַי׳ס צייטען...

נאַטירליך האָט דער אינגעל טורגעניעוו שטאַרק געליטען פון אַזאַ שטרענגער דיסציפּלין און מען קאָן אָננעהמען, אַז דאָס קערענדעל פון דעם שפּעטערדיגען פּראָטעסט, וואָס ער האָט אויסגעדריקט אין זיינע אונשטערבליכע „מעמוארען פון אַ יעגער“ געגען דעם רעזשים פון „פּאַנשצינאַ“ (לייב־אייגענשאַפט) בפרט און געגען ווילקיר בכלל אין אַלע זיינע אַנדערע שפּעטערע ווערק, — איז אין זיין נשמה פערזעהט געווען נאָך אין זיינע קינדער־יאָהרען...

די ערשטע ערציהונג און בילדונג האָט טורגעניעוו בעקומען אין זיינע עלטערען׳ס הויז. געלערענט האָבען מיט איהם גובערנערען, וואָס זיי־

נען צוליעב דעם אויסגעשריעבען געוואָרען פון אויסלאַנד. זיי האָבען מיט איהם גערעדט בלויז פרעמדע שפּראַכען. פון דער רוסישער שפּראַך און רוסישער ליטעראַטור, כאָטש זי איז געווען די מוטער־שפּראַך און די אייגע־נע ליטעראַטור, האָט מען צו יענער צייט אין די העכערע רוסישע קרייזען ניט געהאַלטען, אי די רוסישע שפּראַך, אי די רוסישע ליטעראַטור האָט מען אין יענע קרייזען פּשוט פעראַכטעט. דעריבער האָט מען טורגעניעוו׳ן זיין מו־טער־שפּראַך ניט געלערענט, די שפּראַך, אין וועלכער ער האָט שפּעטער גע־פונען די רייכסטע טענער און די הערליכסטע פאַרבען פון זיינע ווערק!...

מען ווייס ניט, ווען און זאָגאַר ווי אַזוי האָט זיך טורגעניעוו אויסגעלערענט צו לעזען און צו שרייבען רוסיש, מען רעכענט, אַז אַ קנעכט האָט איהם עס אויסגעלערענט, אַזוי ווי אַ קנעכט האָט איהם בעקאַנט געמאַכט מיט דער רוסישער ליטעראַטור, פאַרלעזענדיג פאַר איהם פערזען פון כערסאַקאָוו׳ן (אַ רוסישער דיכטער פון 18טען יאָהרהונדערט) און אַנדערע. דאָס האָט אין איהם ערוועקט ליעבע צו דער רוסישער ליטעראַטור און אַ חשק צו שרייבען אליין פערזען. איבערגעבענדיג דעם דאָזיגען פאַקט אין זיין ערצעה־לונג „פונין“, דערצעהלט טורגעניעוו:

— דאַן האָב איך אליין אָנגעהויבען צו לעזען פערזען און זאָגאַר גע־פּרובט עפּעס צו פערפאַסען אליין...

## III.

אין׳ם יאָהר 1830 קומט אָן טורגעניעוו אין אַ מאָסקווער פּריוואַט שוהלע, שפּעטער אין׳ם יאָהר 1634 טרעט ער אריין אין מאָסקווער אוניווער־סיטעט, וואו ער שטודירט ליטעראַטור. מיט אַ יאָהר שפּעטער שטאַרבט זיין פאָטער, זיין מוטער בעזעצט זיך אין פּעטערסבורג, ער פאָהרט אויך מיט זיין מוטער, ארויסטרעטענדיג פון מאָסקווער אוניווערסיטעט. און טרעט אריין אין פּעטערסבורגער. אין יענער אוניווערזיטעט איז פּראָפעסאָר איבער לי־טעראַטור פּלעטנעוו, וועלכער איז פערבונדען מיט דעם זשורנאַל „סאָווער־מעניק“, דער אייגענער זשורנאַל, אין וועלכען שפּעטער מיט יאָהרען ווערען די הויפּט מיטאַרבייטער טשערנישעווסקי, דאָבראָליובאָוו, נעקראַסאָוו און נאָך פיעל, וועלכע האָבען געשפּיעלט אַ גרויסע ראָלע אין דער ענטוויקלונג פון דעם ראַדיקאַלען געדאַנק און ליטעראַטור אין רוסלאַנד.

פּלעטנעוו האָט אַ גרויסען איינפלוס אויף די יוגענד. די סטודענטען

האָבען איהם ליעב. ער פערהאַלט זיך צו זיי אײנפאַך, פאָטערליך, אַזוי, אַז מאַנכע פון זיי פערטרויען איהם זייערע ערשטע ליטעראַרישע פערפאַסונגען.

— איך — דערצעהלט טורגעניעוו — האָב איהם אויך פערטרויט איינע פון מיינע ערשטע פערפאַסונגען, אַ פאַנטאַסטישע דראַמע אין פערזען מיט'ן נאָמען „דער פאָטער". אויף איינער פון די פאָלגענדע לעקציעס האָט ער, ניט אָנרופענדיג מיך ביים נאָמען, אַנאַליזירט אויף זיין געוועהנליך גוט־מוטהיגען שטייגער דאָס דאָזיג נאַריש ווערק, און וועלכען עס האָט זיך געפיהלט אַ קינדערשע נאָכאַהמונג פון בייראָנ'ס „מאַנפרעד". ארויסגעהענדיג פון אוניווערסיטעט־געביידע און דעריזעהענדיג מיך אויף דער גאַס, האָט ער, פלעטנעוו, מיך צוגערופען, אויסגעזידעלט מיך גוטמוטהיג, דערביי אָבער האָט ער אויך בעמערקט, אַז עפּעס איז יאָ דאָ אין מיר. די דאָזיגע צוויי ווערטער האָבען מיך אַזוי ערמוטהיגט, אַז איך האָב איהם געגעבען נאָך עט־ליכע געדיכטע; ער האָט אויסגעקליבען פון זיי צוויי און מיט אַ יאָהר שפּע־טער האָט ער זיי אָפּגעדרוקט אין „סאָוורעמעניק".

דאָס זיינען אָבער געווען שוואַכע אָנפאַנגען און טורגעניעוו האָט ניט אונטערגעשריעבען זיין נאָמען אונטער זיי.

## IV.

געענדיגט זיין שטודיאום אין פּעטערבורגער אוניווערסיטעט, פאָהרט ער דערנאָך אַוועק קיין בערלין און הערט אין דער דאָזיגער אוניווערסיטעט לעקציעס איבער פילאָזאָפיע צוזאַמען מיט באַקונין'ען און אַנדערע שפּעטער בעריהמט געוואָרענע מענער. ער איז דאַן אַלט אַ יאָהר צוואַנציג, אַ רייכער, אַ יונגער און א געזונדער, קיינער און גאָר נישט שטערט איהם ניט אין זיינע בעשעפטיגונגען און ער גיט זיך אָפּ צו זיין שטודיאום און צו די פערשיע־דענע פראַגען, וואָס אינטערעסירען אין יענער צייט די שטודירענדע יוגענד, מיט דער גאַנצער היץ פון זיין יונגער נשמה.

אין בערלין און אויף די רייזען אין אַנדערע לענדער פערברענגט ער עטליכע יאָהר און ווען ער קעהרט זיך צוריק קיין מאָסקווע אינ'ם יאָהר 1843, וואו זיין מוטער האָט זיך ווידער בעזעצט, איז ער שוין דעמאָלט אַ פאָלשטענדיגער איוראָפּעער, אַ מאַן מיט מערב־איוראָפּעאישער בילדונג און בליק, וואָס ער איז פערבליבען אויף לעבענס לאַנג. דעם רעזשים פון „פּאַנ־שצינאַ" האָסט ער איצט מיט'ן גאַנצען פייער פון זיין אַרטיסטישער זעעל,

דער דאָזיגער רעזשים פון שענדליכער קנעכטשאַפט איז ווידערווערטיג זיינע געפיהלען און געדאַנקען. ער וויל, אַז רוסלאַנד זאָל זיין פריי, ווי די לענדער פון מערב־איראָפּאַ. אָבער, די דאָזיגע געפיהלען ווייזט ער ניט גלייך ארויס. צוערשט זאָגאַר פּרובירט ער צוצופּאַסען זיך צו די רוסישע בעדינגונגען, טרעט אריין אַלס בעאַמטער אין דער קאַנצעליאַרי פון דעם מיניסטער פון אינערן. ער קען אָבער דאָרט לאַנג ניט פערבלייבען, ער קען ניט פערטראָגען די דריקענדיגע אַטמאָספערא פון אַ רוסישער קאַנצעליאַריע, און ער גיט אויף דעם אַמט און נעהמט זיך ערנסט צו שריפטשטעלערישער טהעטיגקייט.

צוערשט טרעט ער ארויס מיט אַ פּאָעמאַ „פּאַראַשאַ". אין דער דאָזיגער פּאָעמאַ זעהט זיך ניט ארויס דער גרויסער טאַלענט פון דעם שפּעטערדיגען טורגעניעוו, אָבער זי מאַכט אַ רושם, ווייל אין איהר האָט טורגעניעוו אויסגעדריקט זיין גאַנצען מערב־איראָפּעאישען בליק. דער גרויסער רוסישער קריטיקער ביעלינסקי בעמערקט שוין אפילו אין דער פּאָעמאַ אויך „אַן אונגעוועהנליך דיכטערשען טאַלענט" און „אַ טיעפען געפיהל פאר די ווירקליכקייט".

די דאָזיגע מיינונג פון ביעלינסקי'ן, וועלכען טורגעניעוו פערגעטערט, וועקט אויף אין טורגעניעוו'ן נאָך שטאַרקער זיין שאַפונגס־גייסט און ער הויבט אָן צו שרייבען זיינע ערצעהלונגען...

ער שרייבט אָן אַן ערצעהלונג „אַנדרעי קאָלאָסאָוו", אַ שוואַכע זאַך, וועלכע האָט קיין ערפאָלג, דאַן נאָך אַנדערע צוויי ערצעהלונגען: „דריי פּאָר־טרעטען" און „ברעטיאָר", וואָס האָבען אפילו מעהר ערפאָלג, אָבער אלץ ניט דעם, וואָס זאָל בעפריעדיגען דעם יונגען, אמביציעזען דיכטער. דאַן בעשליסט טורגעניעוו אין גאַנצען אויפגעבען זיין שריפטשטעלערשע אַרבייט.

אין דער זעלבער צייט, אין'ם יאָהר 1846, פאָהרט טורגעניעוו ווידער קיין אויסלאַנד. ערשטענס, קען ער ניט פערטראָגען די שטיקענדיגע אַטמאָספעראַ פון רוסלאַנד („איך האָב ניט געקענט אָטהעמען די איין לופט, לעבען אין שכנות מיט דעם, וואָס איך האָב געהאַסט... אלטדינג, וואָס איך האָב געזעהען אַרום זיך, האָט ערוועקט אין מיר אַ געפיהל פון שאַנד, ענטריס־טונג און עקעל" — שרייבט ער אין זיינע ליטעראַרישע עראינערונגען וועגען יענער רייזע זיינער קיין אויסלאַנד); צווייטענס, איז ער פערליעבט אין דער בעריהמטער פראַנצויזישער זינגערין און פּיאַניסטין מאַדאַם וויאַרדאָ, די פרוי פון דעם פראַנצויזישען שריפטשטעלער לואי וויאַרדאָ, וועלכע וואוינט אין פּאַריז, און ער פיהלט, אַז ער מוז זיין נאָהענט נעבען איהר... די דאָ־

זיגע ליעבע איז געווען דער אָנפאַנג פון אַ טראַגעדיע אין זיין לעבען, וואָס האָט זיך געענדיגט ערשט מיט זיין טוידט. ער האָט זי געליעבט, פערעהרט און פערהערליכט, בעגלייט זי אויף איהרע טורען, געוואוינט זאַגאר אין איין הויז מיט איהר און דאָך איז זי פערבליעבען די פרוי פון אַנאַנדער'ן...
און בעת ער, טורגעניעוו, איז געשטאָרבען איז זי לויט זיין צואה געבליבען זיין יורש'טע. (די דאָזיגע מאַדאַם וויאַרדאָ איז ערשט לעצטען יאָהר גע־שטאָרבען אין פּאַריז און, ווי די ציימונגען האָבען דאַן געמעלדעט, האָט מען ביי איהר געפונען טורגעניוו'ס אַ ניט־געדרוקטען מאַנוסקריפּט, וועלכער זאָל געדרוקט ווערען, לויט די צואה, וואָס זי האָט איבערגעלאָזט, ערשט אין צעהן יאָהר אַרום נאָך איהר טויט.)

אַלזאָ, אין יענער צייט, בעזעצענדיג זיך אין פּאַריז, וואַכט אויף אין איהם ווידער דער שאַפונגס־גייסט און ער שרייבט זיין ערשטע סקיצע אוים דעם לעבען פון די לייב־אייגענע: „כאָר און קאַליניטש". נאָך דער סקיצע פאַנגען אָן נאָך אַנדערע אַלץ פון דעם זעלביגען לעבען, וואָס ערשיינט שפּע־טער, אין'ם יאָהר 1852, אין בעזונדערע צוויי ביכער אונטער'ן נאָמען: „די מעמוארען פון אַ יעגער".

די דאָזיגע סקיצען מאַכען אַ גרויסען רושם, מאַכען בעריהמט דעם נאָמען טורגעניעוו. מערקווירדיג איז דער פאָלגענדער פאַקט, וואָס ביעלינסקי אליין האָט זיך פערהאַלטען קאַלט צו די דאָזיגע סקיצען, אויף וועלכע עס איז געלעגען די חתימה פון גאונות; וואָס אָפּגעשעצט זיינען זיי געוואָרען פריהער פון דעם לעזענדען פּובליקום, ווי פון דער קריטיק. דאָס לעזענדע פּובליקום האָט געפיהלט, אַז עס האָט פאַר זיך אַ נייעם גרויסען קינסטלערי־שען טאַלענט און איהם אויפגענומען מיט בעגייסטערונג. די אייגענע געשיכ־טע האָט, אגב, מיט העכער אַ פערטעל יאָהר הונדערט שפּעטער געטראָפען מיט אַ צווייטען גרויסען רוסישען שריפטשטעלער — מיט טשעכאָוו'ן.*) איהם האָט אויך אַנערקענט דאָס לעזענדע פּובליקום פריהער, ווי די קריטיק.

אויסער זייער גרויסען קינסטלערשען ווערטה האָבען „די מעמוארען פון אַ יעגער" געשפּיעלט זעהר אַ בעדייטענדע ראָלע אין דער געשיכטע פון דעם דעמאָקראַטישען געדאַנק אין רוסלאַנד בכלל און אין דער בעפרייאונג פון די רוסישע פּויערים פון פּאַנשצינאַ בפרט... זיי זיינען געלעזען גע־וואָרען פון אַלע קלאַסען אין רוסלאַנד, אין די סאַמע העכסטע קרייזען האָט

*) זעהט מיין פאָרוואָרט צו טשעכאָוו'ס פיער בענדער. ל. ק.

מען זיי געלעזען, און אויף אלעמען, אפילו אויף די רוסישע נאציאנאליסטען־קאנסערוואטארען, בעקאנט אין דער רוסישער געשיכטע אונטער'ן נאמען „סלאוואפילען“, האבען זיי געמאכט דעם טיעפסטען איינדרוק.

די דאזיגע סקיצען, כאטש אין זיי איז אויסגעדריקט געווען א פייערדיגער פראטעסט געגען דעם רעזשים פון פאנשצינא, זיינען זיי אין דער זעלביגער צייט ניט געווען קיין איינזייטיג־טענדענציעזע סקיצען, וואו די טענדענץ איז געשטעלט איבער די קונסט, נור די ריינסטע קונסט פון דעם העכסטען גראד. אין זיי האט טורגעניעוו געמאהלען מיט א מייסטער־פּינזעל דעם מענשען אין דעם פערשקלאפטען רוסישען פויער, האט אויפגעדעקט אין דעם לייב־אייגענעם, וועלכען די פריצים האבען געהאלטען אויף איין שטופע מיט זייערע הויז־חיות, א לעבעדיגע מענשליכע נשמה, וואס פיהלט און דענקט, ליעבט און ליידעט, טרויערט און פרעהט זיך. די פארם פון די דאזיגע סקיצען איז געווען א העכסט קינסטלערישע, אזוי אויך די שילדערונגען פון די כאראקטערע. און חוץ דעם האט טורגעניעוו אין זיי ארויסגעוויזען אן אונגעוועהנליכע קראפט צו מאהלען בילדער פון דער נאטור.

## V.

מיט צוויי יאהר פריהער, איידער די דאזיגע בעריהמטע סקיצען זיינען ערשינען אין א בעזונדערע זאמלונג, דאס הייסט אין'ם יאהר 1850, שטארבט טורגעניעוו'ס מוטער, איבערלאזענדיג איהם איהרע רייכע גיטער. די בשורה וועגען איהר טויט קומט צו איהם אן אין פאריז. ער פאהרט גלייך אהיים און בעפרייט זיינע אלע פויערים פון לייב־אייגענשאפט. אין'ם יאהר 1852 שטארבט דער בעריהמטער רוסישער שריפטשטעלער גאגאל, טורגעניעוו פערעפענטליכט וועגען איהם א נעקראלאג אין א מאסקווער צייטונג, די פאליציי געפינט אויס אין דעם דאזיגען נעקראלאג א פערדאמונג געגען דעם רוסישען צארענטהום, און מען ארעסטירט טורגעניעוו'ן. א מאנאט צייט זיצט ער אין טורמע, מען וואלט איהם גערן פערשיקט אין סיביר, אבער די שולד זיינע איז ניט גרויס גענוג פאר אזא שווערע שטראף און מען פערשיקט איהם אויף זיין גוט אין ארױאלער גובערניע. צוויי יאהר צייט איז ער דארט געבליבען, ער האט ניט געטארט אוועקפאהרען, ביז דער צאר אלעקסאנדער דער צווייטער האט בעפוילען צו בעפרייען איהם.

זיצענדיג אין טורמע, שרייבט ער אן זיין מייסטערהאפטע ערצעהלונג

„מומו“ און דערנאָך ביי זיך אויפ'ן גוט — די ערצעהלונגען: „צוויי פריינד“ און „אין אַ פערוואָרפען ווינקעלע“. אין אַ יאָהר שפּעטער, בעת ער איז בעפרייט געוואָרען, קומט ער צופאָהרען אין פּעטערסבורג און צווישען אַנדערע זאַכען שרייבט ער אויך אָן (אין'ם יאָהר 1855) זיין ערצעהלונג „יאַקאָוו פּאַסינקאָוו“.

אין'ם יאָהר 1855 פערלאָזט טורגעניעוו ווידער רוסלאַנד און פאָהרט אַוועק אין פּאַריז, וואו עס וואוינט די פרוי, וועלכע ער ליעבט און פערגעטערט, די זינגערין וויארדאָ. מיט איהר און איהר פאַמיליע פאָהרט ער דערנאָך אַרום איבער גאַנץ אייראָפּאַ. אין די נעכסטע פיער יאָהר ערשיינען זיינע מייסטערווערק: „רודין“ און „פאויסט“ (אין'ם יאָהר 1856). „אַסיאַ“ (אין'ם יאָהר .1858) זיין ראָמאַן “דער נעסט פון אַן אַריסטאָקראַט“ (אין'ם יאָהר 1659); און די ערצעהלונג „די ערשטע ליעבע“, וועלכע טורגעניעוו אליין האָט געהאַלטען פאַר זיין בעסטע ערצעהלונג (אין'ם יאָהר 1860).

די דאָזיגע אַלע ווערק מאַכען אַלץ מעהר און מעהר בעריהמט טורגעניעוו'ס נאָמען אין רוסלאַנד.

אין דער אייגענער צייט זעצט ער איבער צוזאַמען מיט לואי וויארדאָ, דער מאַן פון דער פרוי, וועלכע ער, טורגעניעוו, ליעבט, פּושקין'ען אויף פראַנצויזיש, אויך מאַנכע ערצעהלונגען פון טאָלסטאָי'ען, וועלכער האָט דאַן אויך אָנגעהויבען צו ווערען בעריהמט.

אין'ם יאָהר 1862 ערשיינט זיין בעריהמטער ראָמאַן „די פּאָטערס און די זיהן“ דער דאָזיגער ראָמאַן מאַכט אַ גוואַלדיגען רושם אין דער רוסישער ליטעראַרישער וועלט; פון אַלע זייטען בעפאלט מען טורגעניעוו'ן; די „פּאָטער'ס“ בעשולדיגען איהם, אַז ער איז געגען זיי, איז אין סימפּאַטיע מיט דעם ניהיליסט באַזאַראָוו, דעם הויפּט־העלד פון דעם ראָמאַן, און די „זיהן“, די ראַדיקאַלע יוגענד, זעהן אין דעם ראָמאַן אַ קאַריקאַטור אויף זיך און ערקלעהרען טורגעניעוו'ן, דעם אייגענעם טורגעניעוו'ן, וועלכען זיי האָבען ערשט ניט לאַנג פערגעטערט, אַלס „פעררעטהער צו דער פרייהייטס־בעוועגונג!!“ דאָס ווירקט אַזוי אויף טורגעניעוו'ן, אַז ער בעשליסט ווידער, ווי מיט יאָהרען צוריק, אויפצוגעבען זיין ליטעראַרישע טהעטיגקייט. דעם דאָזיגען בעשלוס דריקט ער אויס אין זיין וואונדער־שעהנעם לירישען פראַגמענט: „גענוג!“ — אין וועלכען עס פיהלט זיך אי אַ טיעפע בעליידיגונג, אי אַ ברענענדיגער וועהטאָג, למאי די קינדער פון דעם נייעם דור אין רוסלאַנד האָבען אויפגעהערט צו פערשטעהן איהם, איהם, דעם שרייבער,

וועלכער האָט תמיד אין אַלע זיינע ווערק מיט ליעבע געמאָהלען זיי און זייערע אידעאַלען... אַ געוויסע צייט דערנאָך שרייבט ער ניט; אָבער דער פערלאַנג צו שאַפען איז צו שטאַרק אין איהם, און סוף כל סוף מוז ער ווידער אריינגעהמען דעם פּינזעל אין די הענד אריין...

## VI

אין׳ם יאָהר 1867, דאָס הייסט נאָכדעם, ווי ער האָט פינף יאָהר ניט געשריעבען, ערשיינט זיין ראָמאַן „רויך". ווידער בעפאַלט מען איהם, ווידער מאַכט מען איהם פאָרוווירפען, אַז ער איז אַ פיינד פון דעם רוסישען ראַדיקאַ־לען עלעמענט, אַז ער פערשטעהט ניט די רוסישע ווירקליכקייט, אָבער דאָס מאָל פערהאַלט זיך טורגעניעוו שוין רוהיגער געגען די בעשולדיגונגען, וואַרפט שוין ניט מעהר די פעדער אין אַרבייט, פערקעהרט, מיט מעהר פלייס.

ער וואָוינט דאַן אין באַדען־באַדען, דייטשלאַנד, אין זיין אייגענער ווילאַ נעבען דער פרוי, וועלכע ער ליעבט, נעבען מאַדאַם וויאַרדאָ. דאָרט בעזוכען איהם אָפט זיינע פריינד, די דייטשע שריפטשטעלער — באָדענשטעדט, אַדאָלף מענצעל, פּויל הייזע, ערנסט דאָם, פּויל לינדאו, דער קריטיקער יוליאַן שמידט, וועלכער איז געווען אַ פייערדיגער פערעהרער פון טור־געניעוו׳ן און האָט אין זיינע ליטעראַרישע עטיודען איהם ניט איין מאָל בעצייכענט אַלס „די גרעסטע דיכטערישע קראַפט פון אונזער צייט"...

אין׳ם יאָהר 1870, בעת עס ברעכט אויס די מלחמה צווישען פראַנקרייך און דייטשלאַנד, פערלאָזט טורגעניעוו צוזאַמען מיט דער פאַמיליע וויארדאָ באַדען־באַדען און בעזעצט זיך אין פּאַריז. זיין היים איז אין וויארדאָ׳ס הויז. אין יענער צייט איז ער שוין נאָהענט בעפריינדעט מיט די בעריהמטע פראַנצויזישע שריפטשטעלער — פלאָבער, אזשיע, דאָדע, די ברידער האָנ־קור, ערנסט רענאַן און ער פּראָטעזשירט עמיל זאָלאַ׳ן און גיו דע־מאָפּאַ־סאַן׳ען... מיט די דאָזיגע הייגט וועלט־בעריהמטע שרייבער טרעפט ער זיך אָפט און זיין איינפלוס אויף זיי איז זעהר גרויס. אין זיינע געשפּרעכען מיט זיי דריקט ער זיך אויס שאַרף געגען די אַלטע ראָמאַנטישע פאָרמען פון אַ הוגאָ אָדער אַ דיומאַ, געגען די ראָמאַנען מיט די אויסגעטראַכטע אינ־טריגעס און די העכסט־אינטערעסאַנטע האַנדלונגען. די אויפגאַבע פון דעם שריפטשטעלער — מענה׳ט ער — איז צו שילדערן דאָס אמת׳ע לעבען, מעהר גאָר ניט, ווי דאָס אמת׳ע לעבען; מען מוז אָוועקוואַרפען די פריהערדיגע

פאַלשע, אויסגעטראַכטע אינטריגעס און די קנאַקענדיגע ריטאָריקע פון די ראָמאַנטיקער; די ליטעראַטור דאַרף ריידען מיט דער איינפאַכער שפּראַך פון'ם לעבען, די קונסט דאַרף אָפּשפּיגלען אין זיך דאָס לעבען, זי מוז זיין די געשיכטע פון'ם לעבען...

— גרייפט נור הינאיין אין'ם פאָללע מענשענלעבען! — פלעגט ער פאַר זיי אָפט ציטירען פון געטהע'ס „פאוסט" — איין יעדער לעבט'ס, ניכט פיעלען איזט'ס בעקאַנט, אונד וואָ איהר פאַקט, דאַ איזט'ס אינטערע־סאַנט". (דרינגט נור אריין אין די סאַמע טיעפעניש פון'ם מענשליכען לע־בען! יעדער לעבט, אָבער ניט פיעל פערשטעהן דאָס לעבען; און וואו נור איהר וועט עס אָנכאַפּען (דאָס לעבען), דאָרט וועט עס זיין אינטערעסאַנט). מיט די דאָזיגע ווערטער האָט טורגעניעוו זיך אויך שפּעטער געווענדעט אין זיינע ליטעראַרישע עראינערונגען צו די יונגע רוסישע שרייבער... דאָס לעבען, „וואו נור איהר וועט עס אָנכאַפּען", דאָס הייסט אַלע ערשיינונגען פון'ם לעבען זיינען פאַר דעם דיכטער אינטערעסאַנטער שטאָף...

## VII.

אין'ם אָנפאַנג פון די 70־ער יאָהרען פאַנגט זיך אָן אין רוסלאַנד צווישען דער יוגענד די בעוועגונג פון „געהן צום פאָלק" און די סאָציאַליס־טישע פּראָפּאַגאַנדע. טורגעניעוו, וועלכער פערפאָלגט פון אויסלאַנד אַלעס, וואָס קומט פאַר אין זיין פאָטערלאַנד, בעמערקט די דאָזיגע נייע בעוועגונג און איהם פאַלט איין צו שרייבען אַ גרויסען ראָמאַן, אין וועלכען עס זאָ־לען פיגורירען די „נייע מענשען". דעם מאַטעריאַל פאַר דעם דאָזיגען ראָ־מאַן זאַמעלט ער אין רוסלאַנד און אויסלאַנד, בעקאַנט זיך פּערזענליך מיט די נייע מענשען, קריגט דאָקומענטען וועגען זיי צוגעשיקט פון אַלע זייטען, שטודירט די דאָקומענטען און אין דער זעלביגער צייט שרייבט ער נאָך אַנדערע ערצעהלונגען אויך, וועלכע ערשיינען פּינקטליך יעדען יאָהר אין די רוסישע זשורנאַלען. צום סוף, אין'ם יאָהר 1876, איז זיין נייע ראָמאַן געענדיגט און אין'ם יאָהר 1877 ערשיינט ער אונטער'ן נאָמען „דער נייער דור". („נאָווי").

פּונקט אַזוי ווי פאַר די פריהערדיגע ראָמאַנען „פאָטערס און זיהן" און „רויך" בעפאַלט מען טורגעניעוו'ן אויך פאַר דעם ראָמאַן, אַזוי, אַז דאָס מאָל בעשליסט ער ווידער אויפצוגעבען זיין ליטעראַרישע טהעטיגקייט.

אַ יאָהר דריי נאָכדעם שרייבט ער ניט, לאָזט זיך ניט הערען. אין די דאָזיגע דריי יאָהר אָבער פּאַסירט עטוואָס אין זיין לעבען, וואָס איבערציוגט איהם, אַז די געבילדעטע לעזער, סיי אין אייראָפּאַ און סיי אין רוסלאַנד, פערשטעהן איהם און קאָנען אָפּשאַצען זיין גרויסע קינסטלערישע אַרבייט. אין דער צייט פון דער פּאַריזער וועלט־אויסשטעלונג אין׳ם יאָהר 1877 איז אין פּאַריז אַ ליטעראַטור קאָנגרעס, אין וועלכען עס בעטהייליגען זיך פאָרשטעהער פון אַלע אייראָפּעאישע ליטעראַטורען; טורגעניעוו ווערט איינשטימיג אויסגעוועהלט פּרעזידענט פון דעם דאָזיגען קאָנגרעס; אין׳ם יאָהר 1879, בעזוכענדיג לאָנדאָן, ווערט ער דאָרט געעהרט פון די גרעסטע ענגלישע שריפטשטעלער און פון אָקספאָרדער אוניווערסיטעט קריגט ער אַן עהרענדיפּלאָם פון דאָקטאָר פון רעכט אַלס אַנערקענונג פון זיין גרויסער ליטעראַרישער טהעטיגקייט. אין דעם אייגענעם יאָהר קומט ער אין רוסלאַנד און דאָרט, גאַנץ אונערוואַרטעט פאַר איהם אליין, ווערט ער אויפגענומען מיט דער גרעסטער בעגייסטערונג; אין מאָסקווע און אין פּעטערסבורג מאַכט מען איהם אָוואַציאָנען נאָך אָוואַציאָנען, אין וועלכען די יוגענד נעהמט דעם גרעסטען אַנטהייל... דאָס אַלעס ווירקט אַזוי אויף טורגעניעוו׳ן, אַז ער מאַכט ווידער שלום מיט זיין ליטעראַרישער טהעטיגקייט...

אין אַ יאָהר שפּעטער, 1880, שטעלט מען פּושקין׳ען אין מאָסקווע אַ מאָנומענט. ביי דער דאָזיגער פייערליכער צערעמאָניע איז טורגעניעוו איינער פון די הויפּט רעדנער. דאָס מאָל נעהמט מען איהם אויף מיט נאָך מעהרער בעגייסטערונג, ווי מיט אַ יאָהר צוריק. די מאָסקווער אוניווערסיטעט וועהלט איהם אויס אַלס איהר׳ן אַן עהרענ־מיטגליעד. אומעדום בעגלייטען איהם די פערעהרער, סטודענטען שפּאַנען אויס די פערד פון זיין קאַרעטע און שלעפּען זי אויף זיך...

עס איז איהם אָבער ניט בעשערט, טורגעניעוו׳ן, לאַנג נאָך הנאה צו האָבען פון דער דאָזיגער ליעבע און אַנערקענונג, נאָך וועלכער זיין קינסטלערישע זעעל האָט דעם גאַנצען לעבען לאַנג געבענקט: דער מורא׳דיגער טויט, וועלכען ער האָט תמיד געזעהען אין זיינע געדאַנקען און וועלכען ער דערמאָנט דערפאַר אין יעדען ווערק זיינעם,—יענע שרעקליכע „אַלטע" *) זוכט איהם שוין צו טרעפען אויפ׳ן וועג... נאָך אַ פּאָאַר יאָהר בלויז איז איהם פערבליבען צו לעבען. אין׳ם משך פון די דאָזיגע לעצטע פּאָאַר יאָהר

*) זעהט די „אַלטע" אין „די ליעדער און פּראָזאַ". ל. ק.

ערשיינען זיינע לעצטע מייסטערווערק: „דאָס ליעד פון דער טריאומפירענ־דיגער ליעבע„, די ערצעהלונג "אַ הפקר יונג", וועלכע דער גרויסער פראַנ־צויזישער ליטעראַטור־היסטאָריקער היפּפּאָליט טען האָט געהאַלטען פאַר אַ וואונדערבאַרען קונסטווערק, זיינע בעריהמטע לירישע „ליעדער אין פּראָזאַ", וואָס לויט דער שפּראַך, מיט וועלכע זיי זיינען געשריעבען, און דער שטי־מונג, וואָס זיי רופען ארויס, האָבען ניט קיין גלייכען צו זיך אין דער גאַנצער רייכער רוסישער ליטעראַטור, און די טיעף־פּסיכאָלאָגישע ערצעה־לונג: „קלאַראַ מיליטש". זיין לעצטע זאַך: „אַ שרפה אויפ׳ן דאַמפּפער" דיקטירט ער שוין, ליגענדיג אויף דער טויטענ־בעט.

ער איז געשטאָרבען דעם 23טען אויגוסט 1683 אין בוזשיוואָל פון אַ שווערע און פּיינליכער קראַנקהייט, געשטאָרבען נאָך ניט גאָר קיין אַלטער מאַן, 65 יאָהר אַלט. פאַר זיין טויט האָט ער מיט ציטערענדיגע הענד אָנגע־שריעבען אַ בריעף צו דעם צווייטען גרויסען רוסישען שריפטשטעלער ל. טאָלסטאָי׳ען, וועלכער האָט דאַן געהאַט געוואָרפען די ליטעראַרישע אַרבייט.

— ליעבער און טהייערער לעוו ניקאָלאַיעוויטש — האָט ער איהם גע־שריעבען — לאַנג האָב איך אייך ניט געשריעבען, וואָרום איך בין געווען און בין, איך רייד אָפען, אויף דער טויטער־בעט. געזונד ווערען קען איך ניט, עס איז איבריג אפילו וועגען דעם צו טראַכטען. איך שרייב דאָס אייך אייגענטליך, אום צו זאָגען אייך, ווי גליקלאַך איך בין, וואָס איך בין גע־ווען אייער צייט־גענאָסע און אום אויסצודריקען אייך מיין לעצטע, אויפ־ריכטיגע בקשה. פריינד מיינער, קעהרט זיך אום צוריק צו דער ליטעראַרישער טהעטיגקייט...

און ווייטער:

— פריינד מיינער, גרויסער שריפטשטעלער רולאַנד׳ס, פערנעהט מיין בקשה...

דאָס איז געווען די לעצטע אַרבייט פון זיין מעכטיגער פעדער...

זיינע לעצטע ווערטער זיינען געווענדעט געווען צו דער פרוי, וועלכע ער האָט ביז זיין לעצטען אָטהעם־צוג ליעב געהאַט, די מאַדאַם וויאַרדאָ און צו איהר הויז־געזינד:

— נעהענטער, נעהענטער צו מיר — האָט ער ארויסגעשעפּצעט — איך וויל אייך אַלעמען פּיהלען נעבען זיך... די מינוט פון זעגענען זיך איז אָנגעקומען... אדיע!...

זיין קערפּער האָט מען אָפּגעשיקט נאָך פּעטערסבורג, וואו מען האָט איהם מקבר געווען נעבען ביעלינסקי'ן. די גאַנצע ליטעראַרישע וועלט האָט דאַן געטרויערט נאָך איהם.

## VIII.

טורגעניעוו ווערט פון פיעל גערעכענט אלס דער גרעסטער קינסטלער.

— פון אַלע פּראָזאַ־שרייבער פון רוסלאַנד איז טורגעניעוו דער גרעסטער קינסטלער — זאָגט דער וועלט־בעריהמטער ליטעראַטור קריטיקער געאָרג בראַנדעס אין זיין בוך: „איינדריקע פון רוסלאַנד". און פּעטער קראָפּאָטקין אין זיין ווערק: „אידעאַלען און ווירקליכקייטען אין דער רוסישער ליטעראַטור" בעהויפּטעט, אַז טורגעניעוו איז דער גרעסטער ערצעהלער פון זיין יאָהרהונדערט.

צווישען אַלע רוסישע גרויסע שריפטשטעלער צייכענט זיך אויס טורגעניעוו מיט זיין נאַטור־מאַהלעריי, וואָס אין דעם איז קיין גלייכען צו איהם ניטאָ. אין דער גאַנצער וועלט־ליטעראַטור, מיט זיין שפּראַך און סטיל.

— זיינע מוזיקאַלישע פּראָזען — שרייבט דער רוסישער קריטיקער יעווגעני סאָלאָוויאָוו — זיין געשליפיגע שפּראַך, זיינע אַריסטאָקראַטישע איינגעהאַלטענקייט אין אויסדריקען, זיין פעהיגקייט ארויסצורופען שטימונג בלויז דורך דעם געבוי און קלאַנג פון ווערטער, — דאָס אַלעס מאַכט איהם פאַר אן ערשטען קלאַס שריפטשטעלער.

טורגעניעוו האָט געגלויבט, אַז די קונסט מוז זיין פריי און אונאַבהענגיג, אַז זי איז ניט פערפליכטעט צו דיענען קיינע פּאָליטישע אידעאַלען. אין זיין פראַגמענט „גענוג!" שטעלט ער זי העכער פון פרייהייט. ער פלעגט זיך אָפט, אויסדריקען מיט די בעקאַנטע פערזען פון פּושקין'ען: „מיט אַ פרייען וועג געה, וואוהין עס רופט דיך דער פרייער פערשטאַנד"..."

פריהער פון אַלס איז ער געווען אַ קינסטלער, אַ דיכטער און וועניגער פון אַלעס איז ער געווען אַ פּאַרטיי־מענש, אַ פּאָליטישער טהוער. מיטפיהלענדיג מיט'ן גאַנצען האַרצען די פרייהייטס־גייסטער אין זיין פאָטערלאַנד, האָט ער פונדעסטוועגען ניט געקענט אונטערדריקען די אַרטיסטישע וואַהרהייט וועגען זיי אין זיך, און דאָס וואָס ער האָט געזעהן שוואַרץ, האָט ער געמאָהלען שוואַרץ.

מיר האָבען פריהער, פערבייגעהענדיג בעמערקט, אַז טורגעניעוו'ן האָט

פערפאָלגט דער געדאַנק וועגען טויט; דאָס פיהלט זיך כמעט אין יעדען ווערק זיינעם, בעזאָנדער אין „די ליעדער אין פראָזאַ“. נאָך אין זיין בעוואוסטען ווערק „פאָטערס און זיהן“, וואָס ער האָט אָנגעשריעבען אין׳ם אָנפאַנג פון די זעכציגער יאָהרען, זאָגט ער צוזאַמען מיט דעם הויפט־העלד באַזאַראָוו׳ן (פאַר באַזאַראָוו׳ס טויט): „פרוב דו נאָר וועלען אָפּלייקענען דעם טויט: דער טויט לייקענט מיך אָפּ און — באַסטאָ!“

אָט דער דאָזיגער געשפּענסט פון׳ם טויט, וואָס לייקענט אָפּ דאָס לעבען, פערפאָלגט טורגעניעוו׳ן, דערפאַר פיהלט זיך אַזאַ טיעפער פעסימיזמוס, אַזאַ מעלאַנכאָליע און זאָגאַר יאוש אין זיינע ווערק...

כמעט אַלע כאַראַקטערע, וואָס טורגעניעוו שילדערט, זיינען האַמלעט׳ס אָדער דאָן קיכאָט׳ס, אָדער מענשען — ווי טורגעניעוו אליין ערקלעהרט דעם אונטערשייד צווישען די דאָזיגע צוויי קלאַסען מענשען — פעסימיסטען, צווייפלערס, וואָס גלויבען ניט אין קיין גוטעס, וואָס זעהען בלויז דאָס שלעכטע אויף דער וועלט און וואַגען נישט אליין צו טהאָן קיין זאַך אויס מורא, אַז ווי און וואָס זיי זאָלען ניט טהאָן, וועט זיין אַ פעהלער; אָדער מענשען אידעאַליסטען, וואָס שטרעבען דער פאָלקאָמענהייט, אין וועלכע זיי גלויבען, און קעמפּפען געגען אַלעס און אַלעמען, וואָס קומט זיי נור אַנטקעגען אויף דעם וועג צו זייער ציעל. אָבער אי די האַמלעטס אי די דאָן קיכאָטס „לייקענט אָפּ“ דער טויט...

טויט און ליעבע זיינען די הויפּט מאָטיווען פון טורגעניעוו׳ס שאַפונג. ביידע קומען צום מענשען, אום איהם צו פערניכטען. עפּעס, ווי אַ געהיימע קראַפט קומט די ליעבע מיט אַמאָל פון ערגעץ צום מענשען, ברענגט מיט זיך טויטליכען גיפט, און וועה איז צו יענעם, ווער עס האָט דעם דאָזיגען גיפט פערזוכט...

לעזט דורך אַלע טורגעניעוו׳ס ווערק: וועמען פון זיינע העלדען האָט די ליעבע גליק געבראַכט? זי האָט דער׳הרג׳עט אסיא׳ן, וויעראַ׳ן פון דער ערצעהלונג „פאוסט“, האָט צובראָכען דאָס האַרץ ביי נאַטאַשאַ׳ן פון „רודין“, האָט פעריאָגט ליזאַ׳ן פון „אַ נעסט פון אַן אַריסטאָקראַט“ אין אַ קלויסטער, פערמוטשעט דזשעמאַ׳ן פון „פריהלינגס־שטראָמען“ *), טאַניאַ׳ן פון דעם ראָמאַן „רויך“, מאַשאַ׳ן געצוואונגען זיך דערטרינקען...

---

*) איבערזעצט פון ל. קאָברין און ארויסגעגעבען פון דער „היברו פּאָבלישינג קאָמפּאַני.“

די ליעבע ביי טורגעניעוו'ן מוטשעט, מאַטערט און זאָגאַר מאָרדעט. זי איז אַן אונגליקליכע סטיכישע קראַפט, וואָס ביישטעהן געגען איהר איז אונמעגליך. לעזט דורך זיין גרויסע מייסטערווערק „דאָס ליעד פון דער טריאומפירענדיגער ליעבע", טראכט זיך אריין אין איהם; אין דעם דאָזיגען ווערק איז טורגעניעוו אין גאַנצען אויסגעדריקט. לעזט דאָרט ווי די פערהייראַטעטע פרוי וואַלעריא געהט ארויס ווי אַ בע'כשופ'טע אין גאָרטען און לאָזט זיך אַוועק אַזוי ווי אין אַן אָנפאַל פון אַ געהיימען שלאָף געגען מוציא'ן, וואָס ליעבט זי און וועלכער טראָגט זיך געגען איהר אויך ווי אַ פער'כשופ'טער. ווי אויף מאָרגען, בעת מוציא בעגעגענט זיך ווידער מיט וואַלעריא'ן, דערשטעכט איהר מאַן מוציאָ'ן... און די ערוואַכטע וואַלעריא דערמאָנט זיך מיט גרויס שרעק אָן דעם קאשמאר... עס איז קיין פראַגע ניט, אַז אין אַזאַ בליק אויף דער ליעבע איז שולדיג געוועזן טורגעניעוו'ס אייגענע אונגליקליכע, טראַגישע ליעבע...

## IX.

איצט אַ פּאָאַר ווערטער וועגען דער איבערזעצונג. די פּארליעגענדע פיער בענדער זיינען איבערזעצט געוואָרען פון מיר און מיין פרוי, (פּוילינע סעגאל), פּונקט ווי די פיער בענדער פון טשעכאָוו'ן. די איבערזעצונג איז אַ טרייע און אַ געטריי, הגם מען האָט געמוזט דערביי אַרבייטען גאַנץ שווער. איבערגעבען טורגעניעוו'ס סטיל, טורגעניעוו'ס שפּראַך, בעזאָנדערס די בילדער זיינע פון דער נאַטור און „די ליעדער אין פּראָזאַ", וועלכע איך האָב איבערזעצט ווערטערליך, אין אַנאַנדער שפּראַך איז ניט אַזאַ לייכטע זאַך. מאַנכער וואָלט נאָך געזאָגט: „בפרט נאָך אין אידיש"... איך זאָג עס ניט; פערקעהרט, איך וויל זאָגען, און אין דעם בין איך היינט איבערצייגט מעהר ווי ווען־עס איז פריהער, אַז די אידישע שפּראַך איז גענוג רייך, אַז אויף איהר קאָן מען איבערזעצען די בעסטע זאַכען פון דער וועלט־ליטעראַטור, אַז אפילו די טענער און די פאַרבען פון אַזאַ מייסטער, ווי פון אַ טורגעניעוו, קאָן זי איבערגעבען...

דערביי וויל איך בעמערקען, אַז, איבערזעצענדיג טורגעניעוו'ן, האָבען מיר געזוכט צו בעקאָנען דעם אידישען לעזער מיט פערשיעדענע זייטען פון זיין ליטעראַרישער פיזיאָנאָמיע. פון זיינע „מעמוארען פון אַ יעגער" האָבען מיר איבערזעצט „דעם קליינשטעדטעלדיגען רופא", „אַ צוזאַמענקונפט",

וואָס כאַראַקטעריזירט, אגב, טורגעניעוו'ן אַלס מאָהלער פון דער נאַטור; „מומו", „וואַלד און סטעפּע", וואו טורגעניעוו טרעט ארויס אַלס נאַטור־מאַהלער אין זיין גאַנצען גלאַנץ; די סקיצע „אַ לעבעדיג היילפּעל בייגער" און דיביידע סקיצען „טשערטאָפּכאַנאָוו", וואָס זיינען פון דאָס בעסטע, נאָך מיין מיינונג, וואָס איז אַמאָל ארויס פון טורגעניעוו'ס פּינזעל. אזוי פיעל פון „די מעמוארען פון אַ יעגער". די איבריגע ערצעהלונגען האָבען מיר אויך אויסגעוועהלט פון טורגעניעוו'ס בעסטע, נאַטירליך, לויט אונזער מיי־נונג, אויסער די ערצעהלונג „אַנדרעי קאָלאָסאָוו", טורגעניעוו'ס ערשטע און שוואַכסטע ערצעהלונג, וואָס מיר האָבען איבערזעצט, אום צו ווייזען, ווי אַזוי טורגעניעוו'ס טאַלענט האָט זיך ענטוויקעלט...

לאָמיר האָפפען, אַז אין גיכען וועלען מיר האָבען אויף אידיש די איב־ריגע ווערק פון טורגעניעוו'ן, זיינע ראָמאַנען...

לעאָן קאָברין.

ברוקלין, 16טען מערץ, 1911.



# אַסיאַ

.1

איך בין דאַן אַלט געווען פינף און צוואַנציג יאָהר — האָט נ. נ. אָנגעהויבען צו דערצעהלען — ווי איהר זעהט, איז עס אַ געשיכטע פון לאַנג פערגאַנגענע טעג. איך האָב זיך נור וואָס געווען ארויסגע־ריסען אויף דער פרייהייט און אין אויסלאַנד אַוועק, נישט אום צו "פערענדיגען מיין ערציהונג," ווי מען פלעגט דעמאָלט זאָגען, נור פשוט, ווייל מיר האָט זיך געוואָלט אויף גאָט'ס וועלט אַ בליק טהאָן.

איך בין געווען יונג, געזונד, פרעהלאַך, קיין געלד האָט מיר נישט געפעהלט, קיין זאָרג האָב איך נאָך דאַן ניט געהאַט, איך האָב גע־לעבט נישט טראַכטענדיג נישט וועגען פריהער און נישט וועגען שפּע־טער, האָב געטהאָן, וואָס מיין האַרץ האָט געגלוסט, קורץ: איך האָב געבליהט. מיר איז דעמאָלט אפילו אויפ'ן זינען ניט ארויף, אַז אַ מענש איז ניט קיין פלאַנצונג און בליהען קען ער נישט לאַנג. די יוגענד בויט זיך גאָלדענע שלעסער אין דער לופטען און מיינט, אַז זי בויט עס וואוינונגען פאַר זיך, עס וועט אָבער קומען אַ צייט, ווען אַן איינ־פאַכע וואוינונג אויף דער ערד וועט אויך נישט אימער זיין... נור ריידען וועגען דעם איז איבעריג.

איך האָב געררייזט אָהן אַ שום צוועק, אָהן אַ פּלאַן, האָב זיך אָפּגע־שטעלט אומעדום, וואו מיר איז נור געפעהלען געווען, און בין באַלד געפאָהרען ווייטער, ווי נור איך האָב דערפיהלט אַ פערלאַנג צו זעהן נייע פנים'ער — אַט טאַקי נור נייע פנים'ער.

אינטערעסירט האָבען מיך דאַן אויסשליסליך בלויז מענשען. איך האָב געהאַסט די בעריהמטע דענקמאַלען, די מערקווירדיגע פערזאַמ־לונגען, דאָס איין אויסזעהן פון אַ לאַקעי האָט אין מיר ערוועקט אַ גע־

פיהל פון חלשות און כעס; אין דער דרעזדענער „גרינע געוועלבע" בין איך שיער נישט משוגע געוואָרען. די נאַטור האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק, איך האָב אָבער נישט ליעב געהאַט איהרע זאָגענאַנטע שעהנהייטען, די אונגעוועהנליכע בערג, די פעלזען, די וואַסער־פאַלען; איך האָב נישט געוואָלט ליידען, זי זאָל זיך מיר אויפצווינגען, זי זאָל מיר מישען. דערפאַר אָבער פּנים'ער, לעבעדיגע, מענשליכע פּנים'ער — דאָס שמועסען פון מענשען, זייערע בעוועגונגען, זייער געלעכטער — אָט אָהן וואָס איך האָב נישט געקענט בעגעהן זיך, נישט געקענט לעבען. צווישען אַן עולם איז מיר אימער געווען זעהר לייכט און גוט אויפ'ן הארצען; מיר איז פרעהלאַך געווען צו געהן, וואו אַלע געהען, שרייען, ווען אַלע שרייען, און אין דערזעלבער צייט האָב ליעב געהאַט צו קוקען, ווי יענע אַנדערע שרייען. מיך האָט אַמוזירט די מענשען צו בעאָבאַכטען... אין דער אמת'ן גערעדט, האָב איך זיי אפילו נישט בעאָבאַכטעט אויך — איך האָב זיי בעטראַכט מיט עפּעס אַ מין פריידיגער, אונערזעטליכער נייגעריגקייט. אָבער איך בין ווידער אַראָב פונ'ם ענין.

אַלזאָ, מיט אַ יאָהר צוואַנציג צוריק, האָב איך געלעבט אין אַ קליין דייטש שטעדטעל ז. אויף דעם לינקען ברעג פונ'ם טייך רהיין.

איך האָב געזוכט איינזאַמקייט: מיין הארץ איז דאַן געהאַט פערוואונדעט געווען פון אַ יונגער אלמנה, מיט וועמען איך בין בעקאַנט געוואָרען אין די בעדער. זי, די דאָזיגע אלמנה, איז געווען זעהר שעהן און קלוג, האָט מיט אַלעמען קאָקעטירט — אויך מיט מיר, דעם זינדיגען אין אָנהויב האָט זי מיר אַליין צוגעגעבען מוטה, דערנאָך האָט זי מיך טיעף פערוואונדעט אָפּפערענדיג מיט מיר פאַר אַ געוויסען בייערישען לייטענאַנט מיט רויטע בעקלאַך.

צווישען אונז גערעדט, איז די וואונד אין מיין הארצען געווען נישט גאַנץ טיעף; איך האָב אָבער געהאַלטען פאַר מיין פליכט אויף אַ געוויסער צייט איבערצוגעבען זיך דער איינזאַמקייט, דעם טרויער... קינדערשע נאַרישקייטען! — אָט דאַן האָב איך זיך דאָס באַזעצט אין דער שטעדטעל ז.

די שטעדטעל איז מיר געווען געפעלען דערמיט, וואָס זי איז געלעגען אין אַ טהאָל צווישען צוויי הויכע בערג, איז מיר געפעלען געווען מיט איהרע אַלטע האַלב איינגעפאַלענע ווענט און טורעמס, מיט די

הונדערט יאָהריגע לינדען־בוימער, מיט דעם קרומען בריק איבער'ן קלאָהרען טייכעל, וואָס איז אריינגעפאלען אין רהיין — און, בעזונדערס, מיט איהר גוטען וויין.

אבענד־צייט, ווי נור די זון איז אונטערגעגאנגען, האָבען איבער די שמאָלע געסלאַך פון ז. געשפּאַצירט שעהנע, בלאָנדע דייטשקעס, וועלכע, אז זיי האָבען בעגעגענט אַן אויסלענדער, האָבען זיי איהם מיט אַן אנגענעהמער שטים געזאָגט: „גוטען אבענד!"

און מאנכע פון די דאָזיגע דייטשקעס זיינען נישט אוועק אהיים אפילו דאַן, ווען די לבנה איז ארויסגעשוואומען פון אהינטער די שאַר־פע דעכער פון די אַלטינקע הייזלאַך, און די קליינע שטיינדלאַך פון ברוק האָבען זיך קלאָהר און דייטליך ארויסגעזעהן אין איהרע אונבע־וועגליכע פארגליווערטע שטראַהלען.

אין דער דאָזיגער צייט האָב איך ליעב געהאַט ארומצוגעהן איבער דער שטעדטעל; די לבנה האָט, דאַכט זיך, שטאַרק אראָבגעקוקט אויף איהר פון דעם ריינעם הימעל; און די שטעדטעל האָט געפיהלט דעם דאָזיגען בליק און איז געשטאַנען רוהיג און פרידליך, אין גאַנצען פארגאָסען מיט איהר ליכטיגען שיין, מיט דיזען רוהיגען, קאַלטען שיין, וועלכער ציהט און צופּט אייך ביי דער נשמה...

דער האָהן אויף דעם הויכען, גאָטישען גלאָקען־טהורעם האָט גע־בליסטשעט מיט בלאַסען גאָלד; מיט דעם זעלבען גאָלד האָבען אויך געבליסטשעט די שטראָמען, וואָס האָבען געפלאָסען איבער'ן דונקעלען טייכעל; דינינקע ליכטלאַך האָבען בעשיידען געברענט אין די שמאָלע פענסטער אונטער גריפעלנע דעכער; די וויינשטאָקען האָבען געהיימ־ניספול ארויסגעשטעקט זייערע געקרויזטע בלעטעלאַך פון הינטער די שטיינערנע צוימען; עטוואָס איז פארבייגעלאָפען אין דעם שאָטען נעבען דעם אַלטען ברונעם אויף דעם דרייקאַנטיגען סקוועך; פּלוצים האָט זיך דערהערט אַ פערשלאָפענער פייפען פון'ם נאַכטוועכטער, אַ גוטמוטיגער הונד האָט שטיל, פאַר זיך, געגנומען בורטשען, און דאָס ווינטעל האָט זיך אַזוי געלאַסטשעט צום פּנים, און די לינדען האָבען אַזוי זיס געשמעקט, אַז אייער ברוסט האָט נישט ווילענדיג געאָטהעמט אַלץ טיעפער און טיעפער, און דאָס וואָרט: „גרעטכען" איז אַזוי ווי פון זיך אַליין אויף אייערע ליפּען געקומען.

די שטעדטעל ז. ליעגט צוויי וויאָרסט ווייט פון דעם טייך רהיין.

איך בין אָפט געגאַנגען קוקען אויף דעם שטאָלצען, מאַיעסטעטישען טייך און, טרוימענדיג מיט אַ געוויסער, אָנשטרענגונג פון דער פאַל־שער אַלמנה, בין איך דאָרט אָבגעזעסען לאַנגע שטונדען אויף אַ שטיי־נערנער באַנק, אונטער אַן איינזאַמען, ריזיג גרויסען בוים. אַ קליינע סטאַטוע פון דער מאַדאָננאַ מיט אַ כמעט קינדערשען פנים און אַ פערבלוטיגטען האַרץ, וואָס איז דורכגעשטאָכען געווען מיט שווערדען, האָט אומעדיג אַרויסגעקוקט דורך זיינע צווייגען.

אויף דעם אַנטקעגענדיגען ברעג האָט זיך געפונען די שטעדטעל ל., אַביסעל אַ גרעסערע פון דער, אין וועלכער איך האָב זיך באַזעצט.

איין מאָל, פאַרנאַכט בין איך געזעסען אויף מיין געליעבטער באַנק און געקוקט דאָ אויפ'ן טייך, דאָ אויף דעם הימעל און דאָ אויף די וויינשטאָקען. פאַר מיר האָבען אינגלאַך מיט ווייסע קעפלאַך געקלע־טערט איבער די זייטען פון אַ שיפעל, וועלכען זיי האָבען אַרויסגע־שלעפט אויפ'ן ברעג און עס איבערגעקעהרט מיט דעם פעטיגען בויך אַרויף. אַקרענטלאַך זיינען שטיל געלאָפען אויף די שוואַך אָנגעבלאָזענע זעגלען; גרינע כוואַליעס האָבען זיך געטראָגען פאַרביי מיט אַ שטילען געמורמעל און בולבען.

פלוצים האָבען זיך צו מיר דערטראָגען טענער פון מוזיק: איך האָב זיך צוגעהערט. אין דער שטעדטעל ל. האָט מען געשפיעלט אַ וואַלס; דער קאָנטרבאַס האָט געהודעט געבראָכענע טענער, די פידעל האָט נישט קלאָהר זיך צוגאַסען, די פלייטע האָט לעבעדיג צוגעפייפט.

— וואָס איז דאָס דאָרט? — האָב איך געפרעגט ביי אַן אַלטינקען, וועלכע איז צוגעגאַנגען צו מיר, אָנגעטהאָן אין אַ וועסט, אין בלויע זאָ־קען און אין קאָמאַשען מיט ספּראָנזשקעס.

— דאָס זיינען די סטודענטען פון ב. געקומען אויף אַ קאָממערש.

— האָט ער מיר געענטפערט, איבעררוקענדיג דעם מונדשטיק פון זיין ליולקע פון איין זייט מויל אין דעם אַנדערן.

— איך וועל גאָר געהן אַ קוק טהאָן אויף דעם דאָזיגען קאָממערש

— האָב איך אַ טראַכט געטהאָן — סיי־ווי בין איך אין ל. נאָך נישט געווען.

איך האָב אויפגעזוכט אַ שיפער און זיך אַריבערגעשיפט אויף דער אַנדערער זייט.

.2

עס קאָן זיין, אַז נישט אַלע ווייסען, וואָס איז אַזוינס אַ קאָממערש. דאָס איז אַ בעזונדערער מין פייערליכע הוליאַנקע, אויף וועלכען עס קו־מען זיך צוזאַמען אַלע לאַנדסלייט סטודענטען. כמעט אַלע אנטהייל־נעהמער פון דעם דאָזיגען קאָמעררש טראָגען דעם קאָסטיום פון דייטשע סטודענטען: אַ ווענגערקע, גרויסע שטיוועל און קליינע היטעלאך מיט קאָזירקעס פון געוויסע פאַרבען. אַזוי איז שוין איינגעפיהרט פון קדמונים אָן.

געוועהנליך, קלייבען זיך די דאָזיגע סטודענטען צוזאַמען מיטאָג צייט, וועהלען אויס צווישען זיך איינעם פון די עלטערע סטודענטען אַלס פאָרזיצענדען און הוליען אָב ביז אין דער פריה, זיי טרינקען, זינ־גען ליעדער, רויכערען, זידלען די פיליסטער און צייטענווייז דינגען זיי אויך אַן אָרקעסטער מוזיק.

אָט אַזאַ מין סאָרט קאָממערש איז אָנגעגאַנגען אין דער שטעדטעל ל. אין דעם גאָרטען פון אַ קליין גאַסט הויז, וועלכער איז ארויסגעקומען צו דער גאַס.

איבערן גאַסט הויז און איבערן גאָרטען האָבען געפלאַטערט פאָה־נען; די סטודענטען זיינען געזעסען אַרום טישען אונטער אונטערגע־שאָרענע לינדען־בוימלאך; אַ משונה'דיג גרויסער בולדאָג איז געלעגען אונטער איינעם פון די טישען. אָן דער זייט, אין אַ ליעטאַנקע, פון פלאַנצען אויסגעפלאָכטען, זיינען געזעסען די מוזיקאַנטען און פלייסיג געשפיעלט, ערמונטערענדיג זיך יעדע ווייל מיט אַ גלעזעל ביער.

אויף דער גאַס פאַר'ן ניעדעריגען צוים פון גאָרטען האָט זיך צוזאַ־מענגעקליעבען אַ גאַנץ היבשער עולם: די גוטע בירגער פון שטעדטעל ל. האָבען נישט געוואָלט דורכלאָזען די געלעגענהייט, אָנצוקוקען די אָנגעפאָהרענע געסט.

איך האָב זיך אויך ארייגעשטופט צווישען עולם צושויער. מיך האָט אַמוזירט צו קוקען אויף די פנים'ער פון די סטודענטען; עס איז מיר פרעהלאך געווען צו צוזעהן זייערע אומאַרמונגען; די געשרייען, דאָס אונשולדיגע קאָקעטירען פון דער יוגענד, די פייערדיגע בליקען, דער געלעכטער אָהן אַן אורזאך — דער בעסטער געלעכטער אויף דער

וועלט — אַט דאָס גאַנצע פרעהליכעס זידען און קאָכען פון׳ם יונגען, פרישען לעבען, דאָס רייסען זיך אין פּאָראויס — וואו עס זאָל נישט זיין, אבי אין פּאָראויס, פּאָרוועטס — די דאָזיגע גוטמוטהיגע, פרייע פרעהליכקייט האָט מיך געריהרט און צוברענט. אפשר איז אַ סברה, איך זאָל גאָר אַוועק צו זיי?... — האָב איך זיך געפרעגט...

— אסיא, אפשר גענוג? — האָב איך פּלוצים הינטער מיר דער־הערט אַ מענער־שטים, ריידענדיג רוסיש.

— לאָמיר נאָך וואַרטען אַ וויילע — האָט געענטפערט אַ צווייטע פרויען שטים אויך אין דער זעלבער שפּראַך.

איך האָב זיך שנעל אומגעקעהרט... מיין בליק איז געפאַלען אויף אַ שעהנעם יונגען מאַן אין אַ קליין היטעלע און אַ ברייטען רעקעל; ער האָט געהאַלטען אונטער׳ן אָרעם אַ מיידעל פון ניט קיין הויכען וואוקס אין אַ שטרויענער הוט, וועלכע האָט פאַרדעקט דעם גאַנצען אויבערשטען טהייל פון איהר פּנים.

— איהר זייט רוסישע? — האָט זיך נישט ווילענדיג ביי מיר ארויסגעריסען.

דער יונגער מאַן האָט אַ שמייכעל געטהאָן און ארויסגערעדט:

— יאָ, רוסישע.

— איך האָב גאָר נישט ערוואַרטעט... אין אַזאַ העק — האָב איך געוועזט אָנגעהויבען.

— און מיר האָבען אויך נישט ערוואַרטעט — האָט ער מיר אי־בערגעשלאָגען די רייד — נור וואָס מאַכט עס אויס? אַזוי איז נאָך בעסער. ערלויבט מיר זיך פאָרצושטעלען: מיך רופט מען גאַגין, און זי, אַט, איז מיין . . . — ער האָט זיך אויף אַן אויגענבליק פאַרכאַפּט — איז מיין שוועסטער. און ווי איז אייער נאָמען?

איך האָב זיך אָנגערופען און מיר האָבען זיך צורעדט. איך האָב ערפאַהרען, אַז גאַגין, רייזענדיג פּונקט אַזוי ווי איך, פון זיין אייגענעם פערגעניגען וועגען, איז מיט אַ וואָך צוריק אריינגעפאָהרען אין דער שטעדטעל ל. און איז דאָרט געבליבען שטעקען.

דעם אמת געזאָגט, האָב איך נישט גערן געמאַכט בעקאַנטשאַפט מיט די רוסישע לאַנדסלייט אין אויסלאַנד. איך האָב זיי נאָך פון ווייטען דערקאָנט נאָך זייער גאַנג, נאָך דעם שניט פון די קליידער און איבער־הויפּט נאָך דעם אויסדרוק פון זייערע פּנים׳ער. דער געוועהנליך זעלבסט־

צופריעדענער און פערעכטליכער, אָפט בעפעהלענדער אויסדרוק האָט זיך פּלוצים פערביטען אויף אַן אויסדרוק פון פאַרזיכטיגקייט און מורא... דער מענש האָט פּלוצים אָנגעשטעלט מויל און אויערען, די אויגען זיינען אונרוהיג אַרומגעלאָפען... „טאַטעלאַך מיינע! האָב איך אפשר עפּעס אַ ליגען געזאָגט, צו לאַכט מען נישט פון מיר?" האָט, דאַכט זיך, גערעדט דיעזער צומישטער בליק... עס איז אוועק איין אויגענבליק און ווידער האָט דער רוסישער פּנים אָנגענומען זיין פריהער־דיגע גדלות, וועלכע פלעגט זיך ווען־ניט־ווען פערענדערען אויף אַ טעמפּער פערוואונדערונג.

יאָ, איך האָב אויסגעמיעדען די רוסישע; נור גאַגין איז מיר גלייך געפעלען געוואָרען. אויף דער וועלט זיינען פאַראַן אַזעלכע גליקליכע פּנים׳ער: יעדער האָט ליעב אויף זיי צו קוקען, עפּעס ווי זיי וואָלטען אייך וואַרעמען, אָדער לאַסטשען. גאַגין האָט געהאַט גראָד אַזאַ פּנים, אַ ליעב, פריינדליך פּנים, מיט גרויסע, גוטע אויגען און ווייכע, גע־קרויזטע האָאָר. גערעדט האָט ער אַזוי, אַז ווען איהר האָט אפילו זיין פּנים נישט געזעהן, האָט איהר נאָך דעם קלאַנג פון זיין שטימע אליין געפיהלט, אַז ער שמייכעלט!..

דאָס מיידעל, וועלכע ער האָט פאָרגעשטעלט אַלס זיין שוועסטער האָט מיר פון דעם ערשטען בליק אויסגעוויזען זעהר רייצענד. עס איז געלעגען עטוואָס אייגענאַרטיגעס, עטוואָס בעזאָנדערעס אין די שטרי־כען פון איהר דונקעלען, רונדען פּנים, מיט דעם קליין, דין נעזעל, מיט די כמעט קינדערשע בעקלאַך און די שוואַרצע, ליכטיגע אויגען.

זי איז געוועזען שעהן געבויט, נור עפּעס ווי נאָך נישט אין גאַנצען ענטוויקעלט. צום ברודער איז זי נישט געוועזען עהנליך אפילו אויף אַ האָאָר.

— ווילט איהר אריינגעהן צו אונז? — האָט מיך געפרעגט גאַגין

— מיר האָבען, דאַכט זיך, שוין גענוג אָנגעקוקט זיך אויף די דייטשען. עס איז אמת, אונזערע וואָלטען טאַקע אויסגעזעצט די שויבען און די שטולען צוברעכען, אָבער דיעזע זיינען שוין צו שטיל, צו בעשיידען. ווי דענקסטו, אסיא, זאָלען מיר געהן אהיים?

דאָס מיידעל האָט אַ מאַך געטהאָן מיט׳ן קאָפּ: יאָ.

— מיר וואוינען היגטער דער שטאָדט — האָט ווייטער גערעדט גאַגין — אין אַן איינזאַם שטיבעלע, וואָס שטעהט אויף אַ הויכען פּלאַץ

ארומגערינגעלט פון א וויינשטאָק. ביי אונז איז זעהר שעהן, איהר וועט זעהן. די בעל הבית'טע האָט צוגעזאָגט אָנצוגרייטען פאַר אונז זויער מילך. אויסער דעם, וועט שוין באַלד פינסטער ווערען און פאַר אייך איז בעסער אַריבער צופאָהרען איבער'ן רהיין פאַר דעם שיין פון דער לבנה.

מיר זיינען אוועק.

דורך די נידעריגע שטאָדט-טויערען זיינען מיר אין פעלד ארויס, און אָבגעהענדיג א וואָסערע הונדערט טריט פאַזע א שטיינערנעם צוים, האָבען מיר זיך אָבגעשטעלט פאַר א שמאָלינקער גאָרטען-טירעל. גאגין האָט זי געעפענט און אונז גענומען פיהרען בארג ארויף איבער א קרומען שטעג.

פוןביידע זייטען וועג האָבען געוואַקסען וויינטרויבען; די זון איז נור וואָס אונטערגעגאַנגען, און א העלער, דינער פאַס ליכט איז נאָך געלעגען אויף די גרינע צווייגען, אויף די הויכע שטאַבעטען, אויף דער טרוקענער ערד, פול מיט קליינע און גרויסע שטיינדלאך, און אויף דער ווייסער וואַנד פון דעם קליין שטיבעלע מיט די קרומע, שוואַרצע באַלקענס און די פיער ליכטיגע פענסטערלאך, וועלכע איז געשטאַנען אויף דעם סאַמע שפיץ פון באַרג, אויף וועלכען מיר זיינען איצט ארויפגעקראָכען.

— אָט איז אונזער וואוינונג! — האָט אויסגעשריען גאגין, ווי נור מיר האָבען זיך גענומען דערנעהענטערן צום שטיבעל: און אָט טראָגט אונז די בעל'הבית'טע מילך. גוטען אבענד, מאַדאַם!... מיר וועלען זיך באַלד נעהמען צום עסען; נור אַפריהער — האָט ער צוגע־זעצט — קוקט זיך אַרום... זעהט, וואָס פאַר א אויסזיכט!...

און די אויסזיכט איז ווירקליך געווען א וואונדערבאַרע. דער רהיין, אין גאַנצען א זילבערנער, איז געלעגען פאַר אונז צווישען גרינע ברעגען, אין איין פלאַץ האָט ער געברענט מיט דעם פורפור-רויטען גאָלד פון זונן אונטערגאַנג.

די שטעדטעל, צוגעטוליעט צום ברעג, האט ארויסגעקוקט מיט אַלע איהרע הייזלאך און גאַסען; ווייט און ברייט האבען זיך צוואָנאַר־פען די בערגלאך און פעלדער.

אונטען איז געווען גוט, אבער אויבען איז געווען נאָך בעסער; בעזונדערס האט מיך איבעראַשט די ריינקייט און טיעפקייט פון'ם

הימעל, די שטראהלענדע דורכזיכטיגקייט פון דער לופט.

— אן אויסגעצייכענטע וואוינונג האט איהר זיך אויסגעקליעבען
— האב איך געזאגט.

— דאס האט אסיא זי געפונען — האט געענטפערט גאגין —
א נו, אסיא — האט ער פארגעזעצט — זיי א בעל הבית'טע, הייס
אלעם דערלאנגען אהער. מיר וועלען עסען אונזער אבענד־מאהלצייט
אויף דער פרייער לופט. דא הערט זיך די מוזיק אויך בעסער. האט
איהר בעמערקט — האט ער צוגעזעצט, ווענדענדיג זיך צו מיר —
פון נאהענטען הערט איהר אמאל א וואלס און ער טויג אויף כפרות—
שמוציגע, גראבע טענער — און פון דערווייטענס איז עס גאר א וואונ־
דער! גלייך וועקט עס אין אייך אויף אלע אייערע ראמאנטישע
סטרונעס.

אסיא (איהר נאמען איז אייגענטליך געווען אננא, נור גאגין האט
זי גערופען אסיא און איהר וועט מיר שוין אויך מוזען ערלויבען זי
אזוי צו רופען) אסיא איז אוועק אין שטוב אריין און באלד צוריק־
געקעהרט זיך מיט דער בעל הבית'טע. זיי האבען ביידע צוזאמען גע־
טראגען א גרויסע טאץ מיט א טאפ מילך, מיט טעלער, לעפעל, צוקער,
יאגדעס און ברויט.

מיר האבען זיך צוזעצט און גענומען עסען. אסיא האט אויסגע־
טהאן איהר הוט; איהרע שווארצע האאר, וועלכע זיינען געווען אב־
געשארען און פערקאמט, ווי ביי אן אינגעל, זיינען אין קרייזלאך
אראבגעהאנגען איבער'ן האלז און די אויערען. אין אנהויב האט זי
זיך געהאלטען פון מיר פון דערווייטענס, ווי זי וואלט פאר מיר מורא
געהאט; נור גאגין האט איהר געזאגט:

— אסיא, גענוג דיר קרימען זיך! ער בייסט זיך נישט.

זי האט א שמייכעל געטהאן און אין א ווייל'ע ארום האט זי
אליין גענומען ריידען מיט מיר. איך האב נאך קיין מאל נישט געזעהן
א מעהר לעבעדיגען, בעוועגליכערען וועזען: קיין איינציגען אויגענ־
בליק האט זי נישט געקענט איינזיצען רוהיג; איז אויפגעשטאנען,
אנטלאפען אין שטוב אריין און ווידער געקומען צו לויפען צוריק, האט
געזונגען שטיל, פאר זיך, האט אפט געלאכט אויף א בעזונדערען שטיי־
גער: עס האט זיך געדאכט, אז געלאכט האט זי נישט דערפון, וואס זי
האט געהערט, נור פון די פערשיעדענע געדאנקען, וועלכע זיינען איהר

אין קאָפּ געקראָכען. איהרע גרויסע אויגען האבען געקוקט גלייך, ליכ־טיג און דרייסט, נור צייטענווייז האָבען איהרע אויגען־לעדלאך זיך ליכט געזשמורעט, און דאן איז איהר בליק פּלוצים טיעף און צארט געוואָרען.

מיר האבען אָבגעפּלוידערט א שעה צוויי. דער טאָג האט זיך שוין לאנג אויסגעלאָשען און דער פּארנאכט, פריהער אין גאנצען א פייערדיגער, דערנאָך א ליכטיגער און א העלער, דערנאָך א בלייכער און אומעדיגער איז שטיל איבערגעגאנגען אין דער נאכט, און מיר האָ־בען נאָך אלץ געפיהרט אונזער געשפּרעך, א פריעדליכען און רוהיגען, ווי די לופט, וועלכע האט אונז ארומגערינגעלט.

גאגין האט געהייסען ברייגנען א פלאַש רהיינווייין; מיר האבען זי אויסגעטרונקען נישט איילענדיג זיך. די מוזיק האט נאָך ווי פריהער זיך דערטראָגען צו אונז, איהרע טענער האבען איצט געקלונגען זיסער, צארטער; אין שטאָדט און איבער'ן וואסער האבען זיך אָנגעצונדען פייערן.

אַסיאַ האט פּלוצים אראָבגעלאָזען דעם קאָפּ, אזוי אז די לאָקען זיינען איהר אויף די אויגען אראָבגעפאלען, איז אנשוויגען געוואָרען און האט א זיפץ געטהאָן. דערנאָך האט זי אונז געזאָגט, אז זי וויל שלאָפען און איז אין שטוב אוועק; איך האב אבער געזעהן, ווי זי, נישט אָנצינדענדיג קיין ליכט, איז לאנג געשטאנען פאר דעם פער־מאכטען פענסטער.

צום סוף, איז די לבנה ארויס און גענומען זיך שפּיעלען איבער'ן רהיין; אלעס איז בעלויכטען געוואָרען, האט זיך געענדערט, אפילו דער וויין אין אונזערע געשליפענע גלעזער האט אויך גענומען בלים־טשען מיט א געהיימניספולען גלאנץ. דער ווינד האט נאכגעלאָזען, ווי ער וואָלט די פליגעל צוזאמענגעלייגט, און איז פארשטאָרבען; פון דער ערד האט א ווייהע געטהאָן מיט א ביינאכטיגער, שמעקעדיגער ווארימקייט.

— עס איז שוין צייט! — האב איך אויסגערופען — אז נישט, קאָן זיין, אז מען זאָל נאָך קיין שיפער נישט געפינען.

— ס'איז צייט! — האט אויך געזאָגט גאגין.

מיר זיינען געגאנגען אראָב איבער'ן שטעגעל. פלוצים האָבען

זיך שטיינדלאַך גענומען שיטען הינטער אונז: דאס האט אסיא אונז אָנגעיאָגט.

— דו שלאָפסט נאָך נישט? — האט דער ברודער זי געפרעגט.

זי אבער איז פארבייגעלאָפען, נישט ענטפערענדיג איהם קיין וואָרט.

די לעצטע, צאַנקענדיגע לעמפעלאַך, וועלכע די סטודענטען האָבען אָנגעצונדען אין'ם גאָרטען פון'ם גאַסט־הויז, האבען פון אונטען בעלויכטען די בלעטער פון די בוימער און זיי צוגעגעבען א יום טוב'־דיגען און פאַנטאַסטישען אויסזעהן.

מיר האבען געפונען אסיא'ן ביים ברעג; זי האט גערעדט מיט א שיפער.

איך בין אריינגעשפרונגען אין שיפעל און זיך געזעגענט מיט מיינע נייע פריינד. גאַגין האט פערשפראָכען מיך צו בעזוכען אויפ'ן צווייטען טאָג; איך האב א דריק געטהאָן זיין האנד און אויסגעצויגען מיינע צו אסיא'ן; זי האט נור אויף מיר א קוק געטהאָן און גענומען שאָקלען מיט'ן קאָפּ.

דאס שיפעל איז אָבגעשוואומען פון ברעג און גענומען זיך טראָגען איבער דעם שנעל פליסענדען טייך. דער שיפער, א לעבעדיגער אַלטינקער, האט מיט אָנשטריינגונג געפּאַטשט מיט די וועסלעס איבער'ן דונקעלען וואסער.

— איהר זייט אריינגעפאָהרען אין דעם לבנה־זייל, איהר האט איהם צובראָכען! — האט צו מיר א געשריי געטהאָן אסיא.

איך האב אַראָבגעלאָזט די אויגען; ארום דעם שיפעל האבען זיך געוויגט דונקעלע כוואַליעס.

— לעבט וואָהל! — האט זיך ווידער דערהערט איהר קול.

— ביז מאָרגען! — האט געזאָגט גאַגין נאָך איהר.

דאס שיפעל איז צוגעקומען צום צווייטען ברעג. איך בין ארויס און ארומגעקוקט זיך. אויף דעם אַנטקעגענדיגען ברעג האט מען שוין אַצינד קיינעם נישט געזעהן. דער לבנה־זייל האט זיך ווידער געצויגען, ווי א גאָלדערנע בריק איבער'ן גאַנצען טייך. עפּעס אזוי ווי אַלס אָבשייד האבען זיך דערטראָגען טענער פון אַן אַלטען וואַלס. גאַגין איז גערעכט געווען: איך האב דערפיהלט, ווי אַלע סטרונעס פון מיין האַרצען האבען א ציטער געטהאָן און אָבגערופען זיך אויף די דאָזיגע איינשמייכעלדיגע קלאַנגען.

איך בין אוועק אהיים איבער די דונקעל־געוואָרענע פעלדער, איינזויגענדיג אין זיך די פרישע, שמעקעדיגע לופט, און אין מיין צי־מער בין איך אריין, אין גאנצען א צונומענער, א צוצערטעלטער, מיט א זיסער נאָגענעש פון אונענדליכע ערוואַרטונגען.

איך האב זיך געפיהלט גליקלאך... אבער וואס אזוינס האט מיך גליקליך געמאכט? ... איך האב גאָרנישט פערלאַנגט, וועגען גאָר־נישט געטראכט.... איך בין נור גליקליך געוועז.

שיעור ניט צולאכט זיך פון דעם איבערפלוס פון גוטע, אנגע־נעהמע געפיהלען, האב איך זיך אריינגעוואָרפען אין בעט און האב שוין געוועזט די אויגען פערמאכט, ווען מיר איז פלוצים געקומען אויף די געדאנקען, אז אין פערלויף פון גאנצען אָבענד האב איך זיך קיין איין מאָל נישט דערמאָנט אָן מיין הארטהערציגער, שעהנער אלמנה...

„וואס זאָל דאס בעדייטען? — האב איך זיך אליין געפרעגט — שוין זשע בין איך פערליעבט?" אבער געשטעלט זיך די דאָזיגע פראגע, בין איך, דאכט זיך, גלייך אויפ׳ן שטעל איינגעשלאָפען, ווי א קינד אין וויעג.

---

3.

אויף מאָרגען אין דער פריה (איך האב זיך שוין געהאט אויפגע־כאפט, בין אבער נאָך נישט אויפגעשטאנען), האט זיך אונטער מיין פענסטער דערהערט א קלאפען פון א שטעקען און א שטים, אין וועל־כער איך האב גלייך דערקענט גאגין׳ס קול, האט גענומען זינגען:

„צו שלאָפסטו? מיט א גיטארע
וועל איך דיך אויפוועקען..."

איך בין ארונטערגעלאָפען איהם עפענען די טהיר.

— גוט מאָרגען — האט געזאָגט גאגין, אריינקומענדיג — איך האב אייך בעאונרוהיגט אביסעל צו פריה, אבער טהוט א קוק, וואס פאר א פריהמאָרגען. פרישקייט, טהוי, לערכען זינגען...

מיט זיינע געקרויזטע, גלאַנצענדיגע האָר, מיט דער אָפענער

האַלז און ראָזע באַקען, איז ער אליין געווען פריש, ווי דער פריה־מאָרגען.

איך האב זיך אָנגעטהאָן; מיר זיינען ארויס אין גערטעל, גע־זעצט זיך אויף א ביינקעל, געהייסען דערלאַנגען קאַפע און גענומען שמועסען.

גאַגין האט מיר מיטגעטהיילט זיינע פּלענער אויף דער צוקונפט. בעזיצענדיג א גאַנץ היבשען פערמעגען און נישט זייענדיג פון קיינעם אָבהייננגיג, האט ער בעשלאָסען צו ווערען א מאהלער און האט נור בעדויערט, וואס ער איז אזוי שפּעט צום שכל געקומען און וואס ביז אהער האט ער א סך צייט פערשוועגדעט אומזיסט און אומנישט. איך האב אויך גערעדט וועגען מיינע ערוואַרטונגען און צווישען אַנדערעס האב איך איהם אויך פערטרויעט דאס געהיימניס פון מיין אונגליק־ליכער ליעבע. ער האט מיך אויסגעהערט מיט נאַכזיכט, אבער אויף וויפיעל איך האב געקענט באמערקען, האב איך קיין שטאַרקען מיט־געפיהל צו מיין ליידענשאַפט ביי איהם נישט ארויסגערופען. א זיפץ געטהאָן פון העפליכקייט וועגען א מאָל צוויי, האט גאַגין מיר פאָרגע־שלאָגען צוגעהן צו איהם און א קוק טהאָן זיינע עטיודען. איך בין גלייך מרוצה געוואָרען.

אַסיאַ'ן האבען מיר אין דער היים נישט געטראָפען. ווי די בעל הבית'טע האט דערצעהלט, איז זי אוועק צו די „רואינען."

א וויאָרסט צוויי פון שטעדטעל ל. האט זיך געפונען די רואינע פון אן אמאָליגען פריצישען שלאָס.

גאַגין האט מיר געוויזען אלע זיינע בילדער. אין זיינע עטיודען איז געווען א סך לעבען און וואהרהייט, עטוואָס פרייעס און גרויסעס האט זיך אין זיי געפיהלט; אבער נישט איינער פון די אלע בילדער איז געווען פערענדיגט און מיר האט זיך געדאַכט, אז זיי זיינען גע־מאָהלען געוואָרען נאַכלעסיג, . אונאויפמערקזאם און נישט ריכטיג. איך האב אָפענהערציג ארויסגעזאָגט מיין מיינונג.

— יאָ, יאָ — האט ער אונטערגעכאַפּט מיט א זיפץ — איהר זייט גערעכט; די דאָזיגע ארבייט מיינע איז זעהר שלעכט און נישט רייף, אבער וואס קען מען טהאָן! איך האב זיך נישט געלערענט ווי דער סדר איז, און דערצו איז נאָך די פערפלוכטע רוסישע אָבגעלאָזענקייט. בעת דו חלום'סט וועגען דער ארבייט, הייבסטו זיך אויף הויך, הויך, ווי

אן אָדלער, די גאַנצע ערד, דאכט זיך, וואָלסטו פון פלאַץ אראָבגע־שלעפט, און ווי דו נעהמסט זיך ארבייטען, אזוי ווערסטו גלייך אָב־געשוואַכט און מיעד.

איך האב געוועזט איהם געגומען טרייסטען, צוגעבען מוטה, נור ער האט אַ מאַך געטהאָן מיט אַ האנד, צונויפגענומען אלע זיינע צייכ־נונגען און זיי אַ וואָרף געטהאָן אויף דער זאָפע.

— וועט כאַפּען געדולד, וועט פון מיר עפּעס ארויסקומען — האט ער ארויסגערעדט צווישען די ציינער — וועט נישט כאַפּען, וועל איך בלייבען נישט אהער און נישט אהין. קומט, לאָמיר בעסער געהן אויפזוכען אסיא'ן.

מיר זיינען אוועק.

---

## .4

דער וועג צו די רואינען האט זיך געדרעהט איבער אַ שמאָלען טהאָל, וואס איז געלעגען אין מיטען פון אַ וואַלד; אונטען האט גע־פּלאָסען אַ טייכעל און איז טומולדיג געלאָפען דורך די שטיינער, ווי עס וואָלט זיך געאיילט צונויפגיסען זיך מיט'ן גרויסען טייך, וועלכער האט רוהיג געשיינט אונטער דעם דונקעלען פּאַנציר פון די הויכע בערג. נאַגין האט מיר אויפמערקזאַם געמאַכט אויף אייניגע זעהר שעהן בע־לויכטענע פלעצער, אין זיינע רייד האט זיך געפיהלט דער קינסטלער.

באַלד האבען זיך אויך בעוויזען די רואינען; אויפ'ן סאַמע שפּיץ פון אַ נאַקעטען פעלז איז געשטאַנען אַ פיער־עקיגער טהורם, אין גאַנ־צען אַ שווארצער, נאָך אַ שטאַרקער, אבער עפּעס אזוי ווי אַ צופּלאַצ־טער אין דער לייגג און אין דער ברייט פון שפּאַלטען און לעכער. בע־וואַקסענע מיט מאָך וועגט האבען זיך געדריקט צום טהורם. וואו ניט וואו האבען אויף זיי זיך געפלאָכטען פלאַנצונגען.

אַ שטיינערדיגער שטעג האט געפיהרט צו די נאָך גאַנץ געבליע־בענע טויערען. מיר זיינען שוין געוועזט צוגעגאַנגען צו זיי, ווען פלוּ־צים האט זיך פאר אונז אַ מיניע געטהאָן אַ פרויען־געשטאַלט, זי איז פלינק געלאָפען איבער דער קופּע איינגעפאַלענע ברעטער און שטיינער

און האט זיך אוועקגעזעצט אויפ'ן ברעג פון דער פאָדערשטער וואַנט, גלייך איבער דעם אָבגרונד.

— דאס איז דאָך אַסיא! — האט אויסגערופען גאגין — וואס פאר א משוגענע זי איז!

מיר זיינען אריין אין די טויערען און ארויף א קליינעם הויפעל, האלב א פערוואקסענעם מיט ווילדע עפעל־בוימער און קראָפּיווע. אויף דער וואַנט איז ווירקליך געזעסען אַסיא. זי האט זיך אומגעקעהרט צו אונז מיט'ן פנים און זיך צולאַכט, האט זיך אבער נישט געריהרט פון אָרט. גאגין האט איהר א סטראשע געטהאָן מיט א פינגער, און איך האב איהר געמאַכט א פאָרוואורף פאר איהר אונפאָרזיכטיגקייט.

— הערט אויף — האט צו מיר אין דער שטיל געזאָגט גאגין — רייצט זי נישט; איהר קענט זי נישט: זי קען זיך נאָך אויף דעם טהורם אויך ארויפדראַפּען. איהר טהוט בעסער א קוק און בעוואונדערט די קלוגשאַפט פון די היגע איינוואוינער.

איך האב זיך ארומגעקוקט. אין א ווינקעל, אין א קליינטשינקען ביידעל איז געזעסען אן אַלטיטשקע, האט געשטריקט א זאָק און פון דער זייט געקוקט אויף אונז דורך די ברילען. זי האט פערקויפט די רייזענדע ביער, קיכלאַך און סעלצער־וואַסער.

מיר האבען זיך צוגעזעצט אויף א ביינקעל און גענומען טרינקען פון שווערע, צינענע קריגלאַך קאַלטען ביער.

אַסיא איז נאָך אַלץ געזעסען אונבעוועגליך, מיט די פיס אונטער זיך, דעם קאָפּ ארומגעוויקעלט מיט א קיסעיענעם שאַרף. איהר גלייכע, גראַציעזע געשטאַלט האט זיך דייטליך און שעהן ארויסגעזעהן אונטער דעם קלאָרען הימעל; נור איך האב געקוקט אויף איהר מיט א פיינדליכען געפיהל. נאָך נעכטען האב איך אין איהר באַמערקט עטוואס געמאַכטעס, נישט נאַטירליכעס... „זי וויל מיר זאָלען זי בעוואונדערען,“ האב איך געטראַכט: — „אבער צו וואס פּאַסט עס? וואס פאר א קינדערשער איינפאַל?“ און עפּעס ווי זי וואָלט מיינע געדאַנקען געלעזען, האט זי פּלוצים געוואָרפען אויף מיר א שנעלען און דורכדרינגענדען בליק, האט זיך ווידער צולאַכט, מיט צוויי שפּרונג פון וואַנט אראָבגעשפּרונגען און, צוגעגאַנגען צו דער אַלטעטשקער, האט זי ביי איהר געבעטען א גלאָז וואַסער.

— דו מיינסט, איך וויל טרינקען? — האט זי ארויסגערעדט,

זיך וועגדענדיג צום ברודער —ניין; דאָ אויף די ווענט געפינען זיך בלומען, וועלכע מען מוז אונבעדינגט בעגיסען.

גאַנין האט איהר גאַרנישט געענטפערט; און זי מיט דער גלאָז וואסער אין האנד האט גענומען קלעטערען איבער די רואינען, צייטענ־ווייז זיך אָבשטעלענדיג און מיט א קאָמישער וויכטיגקייט פארגיסענ־דיג עטליכע טראָפּען, וועלכע האבען העל געלויכטען אויף דער זונן. איהרע בעוועגונגען זיינען געווען רייצענד, אבער מיר האט נאָך אלץ פערדראָסען אויף איהר, כאָטש איך האב נישט ווילענדיג געקוואָלען פון איהר לייכטקייט און ריהרעוודיגקייט. אויף איינעם זעהר א גע־פעהרליכען פלאַץ האט זי אומיסטנע א געשריי געטהאָן און דערנאָך זיך צולאַכט... מיר האט נאָך מעהר פערדראָסען.

— זי שפּרינגט, ווי א ציעג — האט ארויסגעברומט אונטער דער נאָז די אלטיטשקע, זיך אָברייסענדיג אויף אן אויגענבליק פון איהר זאָק.

צום סוף האט אסיא אויסגעלעדיגט איהר גלאָז און, שטיפעריש שאָקלענדיג זיך אין גאַנג, האט זי זיך צו אונז אומגעקעהרט. א מאָד־נער, שפּאָטישער שמייכעל האט לייכט בעוועגט איהרע ברעמען, די נאָזלעכער און די ליפען; האלב פרעך און האלב פרעהלאך האבען זיך איהרע דונקעלע אויגען געזשמורעט.

— איהר דענקט, אז איך פיהר זיך אויף נישט אנשטענדיג — האט איהר פּנים, דאַכט זיך, געפרעגט — דאס מאכט נישט, איך וויים, אז איהר קוועלט סיי ווי סיי פון מיר אָן.

— קונציג, אסיא, זעהר קונציג — האט געזאָגט גאַגין אין דער שטיל.

זי האט זיך פּלוצים ווי פערשעהמט, האט אראָבגעלאָזט איהרע לאַנגע אויגען־לידער און זיך בעשיידען צוגעזעצט צו אונז, ווי א פער־שולדיגטע.

דאָ האב איך ערשט צום ערשטען מאָל גוט בעטראַכט איהר פּנים. איך האב ביז אהער נאָך קיין מאָל נישט געזעהן א געזיכט, וואס זאָל זיך אזוי לייכט קענען ענדערען, ווי ביי אסיא'ן. אין א פּאָאָר אויגענבליקען ארום איז ער שוין געווען בלאַס און האט אָנגענומען אן אָנגעשטריינגטען, כמעט טרויעריגען אויסדרוק; איהרע געזיכטס־שטריכען האבען מיר זיך אצינד אויסגעוויזען גרעסער, שטרענגער,

איינפאַכער. זי איז עפּעס אין גאַנצען שטיל געוואָרען. מיר זיינען אַרומגעגאַנגען די רואינען, (אַסיאַ איז געגאַנגען הינטער אונז) און מיר האָבען בעוואונדערט די אויסזיכטען. דערווייל האָט זיך אונטער־געררוקט די מיטאָגס־שטונדע. זיך פונאַנדערצאָהלענדיג מיט דער אַלטינ־קער, האָט גאַגין פערלאַנגט נאָך א קריגעל ביער, זיך אומגעקעהרט צו מיר און מיט א כיטרער מינעלע אויסגעשריען:

— פאַר דעם געזונד פון אייער געליעבטער דאַמע!

— האָט ער דען, האָט ער דען אַזאַ דאַמע? — האָט פּלוצים גע־פרעגט אַסיאַ.

—און ווער האָט זי דען נישט? — האָט געענטפערט גאַגין.

אַסיאַ האָט זיך אויף אַן אויגענבליק פערטראַכט; איהר פּנים האָט זיך ווידער אומגעביטען, ווידער האָט זיך אויף איהם בעוויזען דער אַרויספאָדערענדער, כמעט פרעכער, שפּאָטישער שמייכעל.

אויף צוריקוועגס האָט זי נאָך מעהר געלאַכט און געשטיפט. זי האָט אָבגעבראָכען א לאַנגען צווייג, האָט עם אַרויפגעלעגט צו זיך אויפ'ן פּלייצע, ווי א ביקס, און זיך פערבונדען דעם קאָפּ מיט איהר שאַרפע. עס געדענקט זיך מיר, אַז מיר האָבען אָנגעטראָפען א גרויסע פאַמיליע בלאָנדע, שטייפע ענגלענדער; זיי אַלע האָבען, אַקוראַט ווי אויף א בעפעהל, א קוק געטהאָן אויף אַסיאַ'ן מיט זייערע גלעזערנע אויגען און זייער בליק האָט אויסגעדריקט קאַלטע פערוואונדערונג, און זי האָט, אַקוראַט ווי זיי אויף צו להכעיס, גענומען זינגען אין דער הויך.

צוריקגעקעהרט זיך אַהיים, איז זי גלייך אוועק צו זיך אין צימער און האָט זיך ערשט ווידער בעוויזען צו מיטאָג, אָנגעטהאָן אין איהר בעסטען קלייד, נעט פערקאַמט און אין האַנדשוה. ביים טיש האָט זי זיך געהאַלטען פיין, אַנשטענדיג, צירליך־מאַנירליך, האָט קוים פער־זוכט דאָס עסענוואַרג און געטרונקען וואַסער פון א קליין גלעזעל. איהר האָט זיך קענטיג געוואָלט שפּיעלען פאַר מיר א נייע ראָלע, — די ראָלע פון אַן אַנשטענדיגער, גוט־ערצויגענער פריילען.

גאַגין האָט איהר נישט געשטערט, ווי עס האָט אויסגעזעהן, איז ער געוועהנט געווען איהר אין אַלעם נאָכצוגעבען. צייטענווייז נור האָט ער גוטמוטיג געקוקט אויף מיר און לייכט געדריקט מיט א פּליי־

צע, ווי ער וואָלט וועלען זאָגען: „זי איז א קינד; האט נאכזיכט מיט איהר.”

ווי נור מיר האבען אָבגעגעסען, איז אסיא אויפגעשטאַנען, האט זיך פאר אונז פערנויגט און, אָנטהוענדיג די הוט, האט זי געפרעגט גאַגין'ען: צו קען זי געהן צו פרוי לואיזע?

— זייט וועהן פרעגסטו ביי מיר אום ערלויבניש? — האט ער איהר געענטפערט מיט זיין שטענדיגען, דיעזען מאָל עטוואָס צומישטען שמייכעל — איז דיר דען אומעדיג מיט אונז?

— ניין, נור איך האב נעכטען פערשפּראָכען פרוי לואיזע'ן צו זיין ביי איהר; דערצו האב איך געדענקט, אז אייך וועט זיין אָנגענעהמער צו זיין אליין. הערר נ. (זי האָט אָנגעוויזען אויף מיר) וועט דיר נאָך עפּעס דערצעהלען.

זי איז אוועק.

— פרוי לואיזע — האט געזאָגט גאַגין, סטאַרענדיג זיך אויסצומיידען מיין בליק — איז די אלמנה פון דעם פריהערדיגען היגען בירגערמייסטער. א גאַנץ וואוילע, איינפאַכע אלטעטשקע. זי האט זעהר ליעב געקראָגען אסיא'ן.. אסיא האט א ליידענשאפט צו שליעסען בעקאַנטשאַפטען מיט מענשען פון א נידעריגערען קרייז. איך האב באַמערקט, אז די אורזאכע פון אזא מין ליידענשאַפט, איז אימער דער שטאָלץ. ווי איהר זעהט, איז זי ביי מיר אזוי נישקשה'דיג צופּיעסטשעט — האט ער צוגעגעבען נאָך א קורצען שווייגען — אבער וואס קען מען זיך העלפען? איך קען מיט קיינעם נישט זיין שטרענג און מיט איהר אודאי נים. איך בין פערפליכטעט צו זיין צו איהר גוט און נאָכגעביג.

איך האב פארשוויגען. גאַגין האט אומגעביטען דעם געשפּרעך.

וואס מעהר איך האב איהם דערקענט, אלץ מעהר האב איך זיך צו איהם צוגעבונדען. איך האב איהם שנעל פערשטאַנען. ער האט געהאט א העכסט רוסישע נשמה, אן עהרליכע, אן אמת'ע, אן איינפאַכע, אבער צום בעדויערען, אביסעל א פוילע, אָהן קראַפט, אָהן אינערליכען פייער. די יוגענד האט אין איהם נישט געברויזט, נישט געזאָדען. ער איז געווען ליעב און קלוג, אבער איך האב זיך פאר קיין פאַל נישט געקענט פאָרשטעלען, וואס פון איהם וועט ארויסקומען, ווען ער וועט עלטער ווערען. א מאהלער?... אבער אָהן שטענדיגער, שווערער, בי-

טערער פראצע ווערען נישט קיין מאהלער... און ארבייטען, פראצעווען, האב איך געטראכט קוקענדיג אויף זיינע ווייכע, צארטע געזיכטסשטריכען, הערענדיג זיינע נישט געאיילטע רייד — ניין! צו דער וועסטו קיין גערולד נישט האבען, פראצעווען וועסטו נישט קענען. אבער ליעב האבען האט מען איהם געמוזט, דאס הארץ האט אזוי געצויגען צו איהם.

אזוי האבען מיר פערבראכט מיט איהם א שעה פיער. דאָ זיצענדיג מיט איהם אויף דער זאָפע און דאָ שפּאצירענדיג מיט איהם ארום הויז, און אין די דאָזיגע פיער שעה האבען מיר זיך נאָהענט בעפריינדעט.

די זונן איז אונטערגעגאנגען און מיר איז שוין צייט געוועזן צו געהן אהיים. אסיא האט זיך נאָך אלץ נישט צוריקגעקעהרט.

— וואס פאר א פרייער פייגעל זי איז ביי מיר! — האט גאגין זיך אָנגערופען — איהר ווילט, איך זאָל אייך בעגלייטען? אויפ'ן וועג וועלען מיר פערגעהען צו פרוי לואיזע, איך וועל פרעגען, אויב זי איז דאָרט? מיר וועלען ניט פיעל וועג דארפען אָנלייגען.

מיר האבען זיך ארונטערגעלאָזט אין שטאָדט און, פערקירעוועט אין א שמאָל, קרום געסעל, האבען מיר זיך אָפּגעשטעלט פאר א פיערשטאָקיג הויז. צוויי פענסטער די ברייט און פיער שטאָק די הויך. דער צווייטער שטאָק איז ארויסגעטראָטען אין פאָראויס צו דער גאס צו מעהר, ווי דער ערשטער שטאָק, דער דריטער און פיערטער נאָך מעהר, ווי דער צווייטער; דאס גאנצע הויז מיט די פארצייטיגע שניצערייען, מיט די צוויי גראָבע זיילען פון אונטען, מיט דעם פארשפיצטען דאך, האט אויסגעזעהן, ווי א גרויסער, איינגעהויקערטער פויגעל.

— אסיא! — האט א געשריי געטהאָן גאגין — דו ביזט דאָ?

דאס בעלויכטענע פענסטערל אין דריטען שטאָק האט א קלאפּ געטהאָן און זיך געעפענט, און מיר האבען דערזעהן אסיא'ס דונקעל קעפּעלע. הינטער איהר האט ארויסגעקוקט דאס פּנים פון אן אלטער דייטשקע אָהן צייהן און מיט האלב־בלינדע אויגען.

—איך בין דאָ! — האט געזאָגט אסיא, זיך אָנשפּארענדיג קאָקעטיש מיט די עלענבויגענס אָן די פענסטער־געזשימס — מיר איז דאָ גוט! נא, נעהם — האט זי צוגעזעצט, א וואָרף טהאָנדיג צו גאגין'ען

א דזשעראניאום צווייגעל — זאָל זיך דיר דאכטען, אז איך בין די דאמע פון דיין הארצען.

פרוי לואיזע האט זיך צולאכט.

— נ. געהט אוועק — האט געענטפערט גאגין — ער וויל זיך מיט דיר זעגענען.

— אזוי? — האט ארויסגערעדט אסיא — דאן גיעב איהם מיין צווייגעל, און איך וועל באלד קומען.

זי האט צוגעמאכט דאס פענסטער און, דאכט זיך, א קוש גע־טהאָן פרוי לואיזע'ן. גאגין האט מיר שווייגענדיג דערלאנגט דאס צווייגעל. איך האב זי שווייגענדיג אריינגעלעגט אין קעשענע, בין צו־געגאנגען צום פאראָם און אריבערגעפאָהרען אויף דער אנדערער זייט טייך.

עס געדענקט זיך מיר, ווען איך בין אהיים געגאנגען, האב איך פון גאָר נישט געטראכט, נור אויפ'ן הארצען איז מיר געווען מאָדנע שווער. און פלוצים האט מיר א האק געטהאָן אין נאָז א שטארקער, א בעקאנטער גערוך, א גערוך, וועלכער איז אזוי זעלטען אין דייטשלאנד. איך האב זיך אָבגעשטעלט און האב דערזעהן נעבען וועג א קליינע בייט מיט האָפען. דער דאָזיגער גערוך האט מיר אין איין אויגענבליק דערמאָנט אָן מיין היימאט און האט אין מיין נשמה ערוועקט א ליידענ־שאפטליכע בייגקעניש נאָך איהר. מיר האט זיך פארוואָלט אָטהעמען רוסישע לופט, טרעטען איבער רוסישען באָדען.

— וואס טהו איך דאָ? צו וואס שלעפּ איך זיך ארום אין דער פרעמד, צווישען פרעמדע? — האב איך אויסגעשריען; די טויטע שווערקייט, וואס איז מיר געלעגען אויפ'ן הארצען, איז פלוצים איבער־געגאנגען אין א שטארקע און א ביטערע אויפרעגונג. איך בין געקו־מען אהיים גאָר אין אן אנדער געמיטס־צושטאנד, ווי נעכטען. איך בין געווען אין כעס, כמעט צורייצט און האב זיך לאנג נישט געקענט בערוהיגען. איך האב אליין נישט פערשטאנען, וואס עס האט מיך אזוי אויפגערעגט. צום סוף האב איך זיך געזעצט און, דערמאָנט זיך אָן מיין פערעטערישער אלמנה (יעדער טאָג האט זיך ביי מיר געוועהנליך געענדיגט מיט אן עראינערונג אָן דער דאָזיגער דאמע), האב איך ארויסגענומען איינעם פון איהרע בריעפעלאך. נור איך האב איהם אפילו נישט געעפענט; מיינע געדאנקען האבען גלייך אָנגענומען אן

אנדער וועגדרונג, איך האב גענומען טראַכטען... טראַכטען וועגען אַסיאַ'ן. מיר איז געקומען אויף די געדאַנקען, אז גאַגין האט אין פער־לויף פון זיין געשפּרעך מיר געגעבען אָנצוהערענעש אויף געוויסע שוועריגקייטען, וועלכע שטערען איהם צוריק צו קומען נאָך רוסלאַנד... „עט, צו איז זי גאַר אין גאַנצען זיינע א שוועסטער?״ — האב איך ארויסגערעדט אין דער הויך.

איך האב זיך אויסגעטהאָן, געלעגט זיך און געסטאַרעט זיך איינצושלאָפען; אבער אין א שטונדע ארום בין איך ווידער געזעסען אין בעט, אָנגעשפּאַרט מיט'ן עלענבויגען אָן קישען, און האב ווידער געטראַכט וועגען דער דאָזיגער „צובאַלעוועטער מיידעל מיט'ן גע־צוואונגענעם געלעכטער״.... „זי איז געבויט ווי די קליינע גאַלאַטעאַ אין פאַרנעזין פון ראַפאַעל'ן״ — האב איך געשעפּטצעט — „יאַ, און קיין שוועסטער זיינע איז זי נישט״....

און דער אלמנה'ס בריעפעלע איז זיך גאַנץ רוהיג געלעגען אויף דער פּאָדלאָגע און אויף איהם האבען זיך געשפּיעלט די שטראַהלען פון דער לבנה.

---

5.

אויף מאָרגען אין דער פריה בין איך ווידער אוועק אין ל. איך האב זיך איינגערעדט, אז מיר ווילט זיך זעהן מיט גאַגין'ען, אבער אין דער אמת'ן האט מיר געצויגען א קוק טהאָן אויף אַסיאַ'ן, וואס זי וועט היינט טהאָן, צו וועט זי היינט אויך אָנגעבען אזעלכע מעשים, ווי נעכטען.

איך האבביידען געטראָפען אין גאַסט־צימער, און א מערקוויר־דיגע זאך! צו דערפאַר, ווייל איך האב ביי נאַכט און אין דער פריה א סך געטראַכט וועגען רוסלאַנד — נור אַסיאַ האט מיר היינט אויס־געוויזען, ווי אַן עכט רוסיש מיידעל, יאַ, אַן איינפאַך מיידעל, כמעט ווי א פּראָסטע דיענסט־מיידעל. זי איז געווען אָנגעטהאָן אין אַן אַל־טינקען קליידעל, די האָאָר פערקאַמט גלאַט הינטער די אויערען, איז שטיל געזעסען ביים פענסטער און האט רוהיג, מיט אַן אונשולדיגער

מינע עפּעס אויסגענייהט, אזוי ווי זי וואָלט איהר גאנץ לעבען לאנג זיך גאָר מיט קיין אנדער זאַך זיך נישט פערנומען. זי האט כמעט גאָרנישט גערעדט, האט רוהיג געקוקט אויף איהר ארבייט און איהר פּנים האט אָנגענומען אזא געוועהנליכען, אזא אַלטעגליכען אויסדרוק, אז איך האב זיך נישט ווילענדיג דערמאָנט אָן אונזערע היימישע קאַ־טיאס און מאשאס. און אום צו מאכען די עהנליכקייט נאָך שטארקער, האט זי שטיל אונטער דער נאָז גענומען זינגען „מאטושקא, גאָלו־בושקא."

איך האב געקוקט אויף איהר געל, פערלאָשען פּנים'ל, האב זיך דערמאָנט אָן מיינע נעכטיגע טרוימען און מיין הארץ האט גענומען נאָך עפּעס בייַנקען, בייַנקען.

דאס וועטער איז געווען א זעלטענער. גאַגין האט אונז ערקלערט, אז ער געהט היינט מאָהלען אָן עטיוד פון דער נאַטור. איך האב איהם געפרעגט, צו וועט ער מיר ערלויבען איהם בעגלייטען, צו וועל איך איהם ניט שטערען?

— אין געגענטהייל — האט ער געענטפערט — איהר קענט מיר געבען א גוטען ראטה.

ער האט אָנגעטהאָן א רונדע הוט, א בלוזע, האט גענומען זיינע צייכנונגען אונטער'ן פּאכווע און איז אוועק; איך האב זיך אוועקגע־שלעפּט נאָך איהם. אסיא איז געבליעבען אין דער היים. אוועקגעהענ־דיג, האט זי גאַגין געבעטען, זי זאָל נאָכזעהן, אז דער סוף זאָל ניט זיין צו שיטער; אסיא האט איהם צוגעזאָגט אריינצוגעהן אין קיך און אכטונג געבען.

גאַגין איז צוגעקומען צום בעקאנטען טהאָל, האט זיך צוגעזעצט אויף א שטיין און גענומען מאָהלען אָן אַלטען, לעכערדיגען דעמב מיט ברייט פונאנדערגעוואָרפענע צווייגען.

איך האב זיך געלייגט אויף די גראָז און גענומען אריינקוקען אין א ביכעל. איך האב קוים צוויי בלעטלאך איבערגעלעזען, ווי גאַגין האט שוין געהאט צופּיאטשקעט זיין גאנצע פּאפּיער. דערנאָך האבען מיר פערפיהרט א געשפּרעך און, לויט איך פערשטעה, א גאנץ קלוגען, אינטערעסאנטען און זאכליכען געשפּרעך, וועגען דעם, ווי מען דארף ארבייטען, וואס מען מוז אויסמיידען און וואס מען מוז אין זינען

האבען בשעת דער ארבייט, וועגען דעם אמת'ן בערוף פון'ם קינסטלער און זיין ראָלע אין אונזער יאָהרהונדערט.

צום סוף האט גאַגין ערקלערט, אז ער איז היינט ניט אויפגע־לייגט צו דער ארבייט, האט זיך אוועקגעלייגט נעבען מיר אויף די גראָז און דאָ ערשט האָט פריי גענומען שטראָהמען אונזער ויכוח, באַלד היציג, באַלד פערטראַכט און באַלד ווידער בעגייסטערט.

אַנגערעדט זיך זאַט, זיינען מיר אוועק אהיים צופריעדען, אקו־ראט ווי מיר וואָלטען מיט אונזער פיעל ריידען געהאט עפּעס אויפ־געטהאָן.

איך האב געטראָפען אסיא'ן פּונקט אזא, ווי איך האב זי פריהער פערלאָזט; קיין סמן פון קאָקעטעריי, פון אוננאַטירליכע מינעס האב איך איצט אין איהר נישט בעמערקט; דאס מאָל האט מען ניט געקענט אויפוואַרפען, אז זי איז אוננאַטירליך.

— א — הא! — האט זיך אַנגערופען גאַגין — זעהט נור, וואס פיר א שטילע קאַטינקע, זי האט אויף זיך גענומען תשובה צו טהאָן.

פאַרנאַכט האט זי עטליכע מאָל א געגעץ געטהאָן און איז פאַר־פריה אוועק צו זיך אין צימער. איך האב זיך אויך באַלד געזעגענט מיט גאַגין'ען און, געהענדיג אהיים, האב איך שוין וועגען גאָר נישט געטראַכט. דער דאָזיגער טאָג איז אריבער אָהן בעזונדער־שווערע גע־פיהלען. דאָך, געדענק איך, בעת איך האב זיך שלאָפען געלייגט, האט זיך געגען מיין ווילען ביי מיר ארויסגעריסען:

— וואס פאר א מאָדנע מיידעל דאס איז!

און א ווייל געטראַכט, האב איך צוגעלייגט:

— און זיין שוועסטער איז זי פאָרט ניט!

6.

אזוי זיינען אוועק צוויי גאַנצע וואָכען. יעדען טאָג האב איך בע־זוכט די גאַגינס. אסיא האט עפּעס ווי אויסגעמידען מיך, האט זיך שוין מעהר נישט ערלויבט יענע שפּאַסען און שטיפערייען, וואס האבען מיך אזוי געוואונדערט גאָר די ערשטע צייט פון אונזער בעקאַנט־

שאפט. זי האט אויסגעזעהן, ווי צומישט און פערביטערט עפּעס, און לאכען האט זי אויך וועניגער געלאכט. איך האב זי נייגעריג בעאָבאכטעט.

זי האט גאָר ניט שלעכט גערעדט אויף פראנצויזיש און דייטש, אבער עס איז קאָנטיג געווען, אז פון קינדווייז אָן איז זי ניט געווען אונטער דער השגחה פון פרויען און אַן ערציהונג האט זי געקראָגען א מאָדנע, אן אונגעוועהנליכע, וואס איז גאָר ניט עהנליך געווען צו דער ערציהונג פון גאגין׳ען אליין.

אין איהם, נישט אַכטענדיג אויף זיין איינפאַכע קליידונג, האט זיך דאָך געפיהלט דער ווייכער, פערצערטעלטער רוסישער אַדעליגער און זי איז גאָר נישט עהנליך געווען צו א פריילען. אין אַלע איהרע בעוועגונגען האט זיך געפיהלט עטוואָס אונרוהיגעס.

פון דער נאַטור אויס א שעהמעוודיגע און ניט דרייסטע, האט איהר גערגערט, ווארום זי איז אַזא, און פאר פערדרוס האט זי איבער גוואלד זיך געסטאַרעט צו זיין פריי און דרייסט, וואס עס האט זיך איהר אבער נישט אַלע מאָל איינגעגעבען.

עטליכע מאָל האב איך פערפיהרט מיט איהר א שמועס וועגען איהר לעבען אין רוסלאנד, וועגען איהר פערגאַנגענהייט; זי האט ניט גערן געענטפערט אויף מיינע פראגען; דאָך האב איך זיך דערוואוסט, אז פאר איהר אָפּפאָהרען נאָך אויסלאַנד, האט זי א לאַנגע צייט געוואוינט אין דאָרף.

איינמאָל האב איך זי געטראָפען אליין. זי האט געלעזען א בוך.

אָנגעשפּאַרט מיט׳ן קאָפּ אָןביידע הענד, מיט די פינגער טיעף אין די האָאָר, האט זי מיט די אויגען געשלונגען די שורות.

— בראַוואָ! — האב איך געזאָגט, צוגעהענדיג צו איהר — ווי פלייסיג איהר זייט!

זי האט עטוואָס אויפגעהויבען דעם קאָפּ, האט שטאָלץ און שטרענג א קוק געטהאָן אויף מיר.

— איהר מיינט, איך קאָן נור לאַכען? — האט זי ארויסגערעדט און געוואָלט אוועקגעהן...

איך האב א קוק געטהאָן אויף דאס פאָדער־בלאַט פון׳ם בוך, עס איז געווען א פראַנצויזישער ראָמאַן.

— פון דעסטוועגען געפעלט מיר אייער בוך ניט זעהר — האב איך בעמערקט.

— וואס־זשע זאל מען לעזען? — האט זי אויסגעשריען און, א ווארף געטהאן דאס בוך אויפ'ן טיש, האט זי צוגעלייגט:

— איך וועל בעסער געהן זיך נאריש מאכען!

און זי איז אוועקגעלאפען אין גארטען.

אין דעם זעלביגען טאג אויפ'ן אבענד האב איך געלעזען פאר גאגין'ען „הערמאן און דאראטעא." אסיא האט פון אנהויב זיך בלויז ארומגעדרעהט ארום אונז, דערנאך האט זי זיך פלוצים אפגעשטעלט, צוגעהערט זיך, האט זיך שטילינקערהייט צו מיר צוגעזעצט און אויס־געהערט דאס לעזען ביז'ן סוף.

אויפ'ן צווייטען טאג האב איך זי שוין ווידער ניט דערקאנט, ביז וואנען איך האב זיך געכאפט, אז איהר איז איינגעפאלען נאכצו־טהאן „דאראטעא'ן," אויך זיך אויפפיהרען אזוי סטאטעטשנע און געלאסען ווי יענע. מיט אייןווארט, זי איז פאר מיר געווען א האלב־רעטזעלהאפט וועזען. איהר אייגענליעבע איז געווען אהן א גרענעץ, דאך האט זי מיך צו זיך צוגעצויגען אפילו דעמאלט בעת איך בין געווען אויף איהר בייז. אין איין זאך נור האב איך זיך אלץ מעהר און מעהר איבערצייגט: אז זי איז ניט גאגין'ס קיין שוועסטער. ער איז זיך בעגאנגען מיט איהר ניט מעשה ברודער: צו צערטליך, צו נאכגעגעבען און אין דער אייגענער צייט עטוואס געצוואונגען.

א מערקווירדיגער צופאל האט שטארקער געמאכט מיין פער־דאכט.

איינמאל אין אבענד, צוגעהענדיג צום וויינשטאק, וואו זיי האבען געוואוינט, האב איך געטראפען די טהיר פון'ם גארטען צוגעשלאסען.

ניט לאנג געטראכט, בין איך אוועק צו א געוויסען פלאץ, וואס איך האב פריהער נאך געהאט בעמערקט, וואו דער פארקאן איז געווען האלב איינגעפאלען, און בין אריבערגעשפרונגען אין גארטען אריין.

ניט ווייט פון דעם דאזיגען פלאץ אין א זייטיגער אלעע האט זיך געפונען א לעטאנקע פון אקאציען־בוימער. איך בין צוגעגאנגען אהין, בין שוין געוועזט פערבייגעגאנגען די לעטאנקע... פלוצים האט מיך איבערראשט אסיא'ס קול, וואס האט מיט היץ און דורך טרערען ארויסגערעדט די דאזיגע ווערטער:

— ניין, איך וויל קיינעם נישט ליעב האבען, אויסער דיך. ניין, ניין! דיך אליין וויל איך ליעבען. — און אימער, אימער.

— גענוג דיר, אסיא, בערוהיג זיך — האט זיך געהערט גאגין'ס קול — דו ווייסט דאָך, אז איך גלויב דיר.

זייערע שטימען האבען זיך געטראָגען פון דער לעטאַנקע; איך האב זיי ביידען דערזעהן דורך די שיטערע צווייגען; זיי האבען מיך נישט בעמערקט.

— דיך, דיך בלויז אליין — האט זי ווידער גערעדט, זיך גע־וואָרפען איהם אויפ'ן האלז און מיט פיעברישען שלוכצען גענומען איהם קושען און זיך געדריקט צו זיין ברוסט.

— גענוג, גענוג! — האט ער גערעדט, גלעטענדיג זי איבער די האָר.

א ווײלע בין איך געשטאַנען ווי פערגליווערט... פּלוצים האב איך זיך א כאַפּ געטהאָן — צוגעהן צו זיי?... בשום אופן נישט! — האט זיך דורכגעטראָגען ביי מיר אין מוח.

מיט שנעלע טריט האב איך זיך צוריקגעקעהרט צום פּאַרקאָן, אריבערגעשפּרונגען איהם און כמעט לויפענדיג האב איך זיך אוועק־געלאָזט אהיים.

איך האב געשמייכעלט, זיך געריבען די הענד, געוואונדערט זיך איבער דעם צופאל, וואס האט אזוי אונערווארטעט מיר בעוויזען, אז מיין חשד איז געווען א גערעכטער, און אין דער זעלבער צייט איז מיר אויפ'ן הארצען געווען זעהר ביטער.

— אָט — האב איך געטראַכט — ווי קונציג זיי קאָנען זיך פאר־שטעלען! אבער צו וואס? וואס לוינט זיי צו דרעהען מיר א קאָפּ? איך האב פון איהם אזוינס ניט ערווארטעט.... און וואס פאר א הייסע ליעבעס־ערקלערונג?..

---

## 7.

**יענע נאכט האב איך שלעכט געשלאָפען און אויף מאָרגען בין אויפגעשטאַנען זעהר פריה, האָב פערכאַפּט מיט זיך א רייזע־טאַש, געזאָגט מיין בעל הבית'טע, אז זי זאָל מיך ניט ערווארטען צוריק ביי־**

נאַכט און איך בין אוועק צופוס אין די בערג מיט'ן טייך, ארום וועל־בען עס ליעגט דאס שטעדטעל ז.

איך האב זיך ניט אָפּגעגעבען קיין קלאָרע רעכנונג, וואס איז אין מיר פאָרגעקומען, בלויז איין געפיהל איז מיר קלאָר געווען: דאס ניט וועלען אָנקוקען גאגין'ען.

איך האב זיך איינגערעדט, אז די איינציגע אורזאַך פון מיין פּלעצליכער פיינדשאַפט צו זיי, איז דער פערדרוס אויף זייער פאַלש־קייט. ווער האט זיי געצוואונגען ארויסצוגעבען זיך פאר ברודער און שוועסטער? איך האב זיך געסטאַרעט וועגען זיי ניט צו טראַכטען. האב געוואַנדערט נישט געאיילט איבער בערג און טהאָלען, האב פער־בראַכט אין די דאָרפישע שענקען, שמועסענדיג רוהיג מיט די בעלי בתים און געסט, אדער האב זיך אוועקגעלייגט אויף א פלאַכען, אָנ־געוואַרעמטען שטיין און געקוקט, ווי די וואָלקענס האבען געשוואומען. גראָד איז דאס וועטער געווען זעהר שעהן.

אזוי האב איך פערבראַכט גאַנצע דריי טעג און ניט אָהן פערגנע־ניגען, הגם דאס האַרץ האט ביי מיר צייטענווייז געקלעמט. מיין שטי־מונג און מיינע געדאַנקען האבען זיך גוט צוגעפּאַסט צו דער רוהיגער נאַטור פון יענעם געגענד.

איך האב זיך צוריקגעקעהרט אהיים פאַרנאַכט אויפ'ן דריטען טאָג. איך האב פערגעסען צו דערצעהלען, אז פאר פערדרוס אויף די גאַגינס האב איך געפּרובט ארויסרופען אין מיין געדעכניש דאס בילד פון דער האַרט־הערציגער אלמנה, אבער מיר איז עס ניט געלונגען. איך געדענק, בעת איך האב געגומען טרוימען וועגען איהר, האב איך גראָד דעמאָלט פאר זיך דערזעהן א פויערען־מיידעלע א יאָהר פינף אַלט, מיט א רונד פנים'ל און מיט אונשולדיג־אויסגעשצערעטע אוי־געלאַך. זי האט אזוי קינדעריש־גוטמוטהיג געקוקט אויף מיר... איך האב זיך פערשעהמט פאר איהר ריינעם בליק, אין איהר אנוועזענהייט האב איך ניט געוואָלט לייגען און דעמאָלט האב איך אין גאַנצען און אויף אימער זיך אין האַרצען געזעגענט מיט דער אלמנה...

קומענדיג אהיים, האָב איך דאָרט געפונען א צעטעלע פון גאגין'ען. ער האָט זיך געוואונדערט, וואָס מיר איז אזוי פּלוצים איינגעפאַלען, אוועקצוגעהן וואַנדערען, האָט מיר פאָרווירפע געמאכט, וואָרום איך האָב איהם מיט זיך ניט גענומען און האָט מיך געבעטען צו קומען צו

זיי, אזוי שנעל ווי איך וועל זיך צוריקקעהרען. מיט אן אונאנגענעהמען געפיהל האב איך איבערגעלעזען דאס צעטעלע, אָבער אויף מאָרגען בין איך אוועק צו זיי.

---

## .8

גאגין האט מיך אויפגענומען מעשה פריינד, אויפגעוואָרפען מיר ווייך, וואָרום איך בין אוועק אָהן איהם; אָבער אסיא, אזוי ווי אויף צולהכעיס, גלייך ווי זי האט מיך דערזעהן, האט זיך צולאכט אָהן א פארוואס און איז באלד אנטלאָפען. גאגין איז צומישט געוואָרען, האט איהר נאָכגעשריען, אז זי איז א משוגענע און מיך געבעטען, איך זאָל איהר פערצייהען. איך בין זיך מודה, עס האט מיך שטארק פערדראָסען אויף אסיא'ן: אָהן דעם בין איך אויך ניט געוועזען בעזונדערס גוט אויפגעלייגט און דאָ נאָך ווידער איהר אונגאטירליכער געלעכטער, איהרע מאָדנע גאנגען.

דאָך האב איך געמאכט א מינע, אזוי ווי איך וואָלט גאָר נישט בעמערקט און אָנגעהויבען איהם צו דערצעהלען איינצעלהייטען פון מיין קורצען וואנדערען איבער די בערג און טהאָלען.

ער האט מיר אויך דערצעהלט, וואָס ער האט געטהאָן פאר די דריי טעג. אָבער אונזערע רייד האָבען זיך ניט געקלעבט; אסיא איז אריין אין צימער און באלד ווידער אנטלאָפען; צום סוף, האָב איך ער־קלעהרט, אז איך האָב א נויטיגע ארבייט צו טהאָן און מוז געהן אהיים. גאגין האט מיך געפרובט צוריקהאלטען, דערנאָך, אז ער האט מיך גוט אָנגעקוקט, האט ער זיך אָנגערופען, אז ער וועט מיך בעגלייטען.

אין פאָדער־צימער איז אסיא פלוצים צו מיר צוגעגאנגען און האט מיר דערלאנגט די האנד; איך האָב לייכט א דריק געטהאָן איהרע פינגער און קוים זיך פערנויגט פאר איהר.

איך מיט גאגין'ען זיינען איבערגעפאָהרען אויף יענער זייט רהיין און פערבייגעגאנגען מיין ליעבסטען פלאץ מיט דער פיגור פון דער מאדאנע, האָבען מיר זיך צוגעזעצט אויף א באנק. דאָ איז צווישען אונז פאָרגעקומען א מערקווירדיגער געשפּרעך.

אפריהער האָבען מיר וועניג גערעדט, דערנאָך זיינען מיר אנשוויגען געוואָרען, קוקענדיג אויפ׳ן העלען טייך.

— זאָגט נור — האָט זיך פּלוצים אָנגערופען גאַגין מיט זיין געוועהנליכען שמייכעל — וואָס דענקט איהר וועגען אסיא׳ן? ניט אמת, זי מוז זיך אייך הפּנים אויסווייזען אביסעל א מאָדנע מיידעל?

— יאָ — האָב איך געענטפערט אביסעלע פערוואונדערט. איך האָב ניט ערוואַרטעט, ער זאָל מיט מיר וועגען איהר ריידען.

— אום זי צו פערשטעהן, מוז מען זי גוט קאָנען — האָט ער ארויסגערעדט — זי האָט זעהר א גוט הארץ, אָבער א קאָפּ א שד׳ישען. עס איז שווער מיט איהר אויסצוקומען. אגב, מען קען זי ניט בעשולדיגען, ווען איהר וואָלט געוואוסט איהר געשיכטע...

— איהר געשיכטע? — האָב איך זיך א כאַפּ געטהאָן... איז זי דען ניט אייערע...

גאַגין האָט א קוק געטהאָן אויף מיר.

— איהר מיינט אפשר, אז זי איז ניט מיין שוועסטער? . . . ניין — האָט ער גערעדט ווייטער, ניט אַכטענדיג, וואָס איך בין צומישט געוואָרען: — זי איז יאָ מיין שוועסטער, זי איז מיין פאָטער׳ס א טאָכטער. הערט אויס, איך האָב צו אייך צוטרויען און וועל אייך אַלעס דערצעהלען.

— מיין פאָטער איז געווען א מענש א גאַנץ גוטער, א געבילדעטער — און אָן אונגליקליכער. דער שיקזאַל האָט זיך מיט איהם בעגאַנגען ניט ערגער ווי מיט א סך אַנדערע, מיין פאָטער אָבער האָט שוין דעם ערשטען שטויס ניט אויסגעהאַלטען. ער האָט געהייראַטעט יונג, אויס ליעבע; זיין פרוי, מיין מוטער, איז באַלד געשטאָרבען, אין זעקס חדשים נאָכדעם, ווי זי האָט מיך געבאָרען. דאַן האָט דער פאָטער מיך אַוועקגעפיהרט אין דאָרף און איז גאַנצע צוועלף יאָהר ערגעץ פון דאָרט ניט ארויסגעפאָהרען. ער האָט זיך אַליין אָפּגעגעבען מיט מיין ערציהונג און וואָלט זיך קיינמאָל מיט מיר ניט צושיידט, ווען ניט זיין ברודער, מיין לייבליכער אָנקעל, וועלכער איז איינמאָל צו אונז געקומען צופאָהרען אין דאָרף.

דער דאָזיגער אָנקעל האָט געוואוינט אין פּעטערסבורג, פערנומען דאָרט א וויכטיגע שטעלע. ער האָט איינגערעדט מיין פאָטער, ער זאָל מיך אָפּלאָזען צו איהם אין פּעטערסבורג און ער וועט שוין

אכטונג געבען אויף מיין ווייטערע ערציהונג, דען מיין פאָטער אליין האָט בשום אופן נישט געוואָלט פערלאָזען די דאָרף. דעם אָנקעל'ס הויפט טענה איז געווען, אז אן אינגעל פון מיין אלטער איז שעדליך צו לעבען אזוי אָפּגעזונדערט פון דער וועלט, אז מיט אזא מרה שחורה'דיגען ערציהער, ווי מיין פאָטער איז געווען, וועל איך בלייבען ווייט הינטערשטעליג געגען די אנדערע בחורים'לאך פון מיין אלטער און וועל אויסוואקסען א מענש מיט א פערקריפּעלטען כאראקטער.

מיין פאָטער האָט אין אָנפאנג ניט געוואָלט וועגען דעם הערען, צום סוף אָבער האָט ער דאָך נאָכגעגעבען מיין אָנקעל.

זעגענדיג זיך מיט מיין פאָטער, האָב איך געוויינט; איך האָב איהם ליעב געהאט, הגם איך האָב קיינמאָל ניט געזעהן קיין שמייכעל אויף זיין פנים...

אין פּעטערסבורג האָב איך באלד פערגעסען אָן אונזער פינסטע־רען, טרויעריגען נעסט. איך בין אריינגעטראָטען אין דער מיליטער־שוהלע און פון שוהלע אין א רעגימענט פון גוואַרדיע.

יעדען יאָהר פלעג איך קומען אין דאָרף אויף עטליכע וואָכען און מיט יעדען יאָהר האָב איך געטראָפען מיין פאָטער אלץ מעהר טרויע־ריג, אלץ מעהר פערטיעפט אין זיך. ער האָט גענומען געהן יעדען טאָג אין קלויסטער און האָט כמעט פערגעסען ווי צו ריידען צו א מענ־שען.

אזוי פאָהרענדיג יעדען יאָהר אהיים צוגאסט, האָב איך איינמאָל דאָרט געטראָפען א צעהן יאָהריג מאָגער מיידעלע, מיט שווארצע אויי־גען מיט'ן נאָמען אסיא. איך בין דאן אלט געווען איבער צוואנציג.

דער פאָטער האָט מיר ערקלעהרט, אז דאס מיידעלע איז א יתומה און ער האָט זי אריינגענומען צו זיך אין הויז אוים רחמנות.

זי האָט מיך ניט זעהר אינטערעסירט און האָב זיך וועניג וואָס אומגעקוקט אויף איהר. זי איז געווען ווילד, פלינק און ניט רעדעווודיג, ווי א חיה'לע, און בין איך נור אריינגעקומען אין דעם ליעבסטען צימער פון מיין פאָטער, א גרויסעם און א פינסטערעס, וואו מיין מוטער איז געשטאָרבען און וואו ליכט פלעגען ברענען אפילו אין מיטען העלען טאָג, האָט זי זיך גלייך בעהאַלטען הינטער דעם גרויסען וואלטער־פאטעל אָדער הינטער דעם אַלמער מיט ביכער.

שפּעטער האָב איך צוליעב מיינע דיענסט־פפליכטען ניט געקאָנט

בעזוכען די היים א יאָהר דריי—פיער נאָכאנאנד. יעדען מאָנאט פלעג איך בעקומען פון מיין פאָטער א קורץ בריעפעלע; אסיא'ן האָט ער זעלטען דערמאָנט, נור ווען ניט ווען מיט א וואָרט, מיט צוויי. ער איז אַלט געווען איבער פופציג, אָבער האָט אויסגעקוקט נאָך גאָר א יונגער מאַן. שטעלט זיך פאָר מיין שרעק: פלוצים בעקום איך א ידיעה פון דאָרף, אז מיין פאָטער איז געפעהרליך קראַנק און איך זאָל וואָס שנע־לער קומען, אויב איך וויל איהם נאָך טרעפען א לעבעדיגען.

איך בין אוועקגעפלויגען ווי א פייל פון בויגען אין דאָרף און ווען איך בין אהין אָנגעקומען, האָט מיין פאָטער נאָך געלעבט. ער האָט זיך דערפרעהט מיט מיר, ארומגענומען מיך מיט זיינע אויסגעדארטע הענד, האָט לאַנג געקוקט מיר אין די אויגען מיט א האַלב פאַרשענדיגען און האַלב בעטענדיגען בליק און, נעהמענדיג פון מיר א וואָרט, אז איך וועל ערפילען זיין לעצטע ביטע, האָט ער געהייסען זיין אלטען דיענער אריינפיהרען אסיא'ן. דער אַלטער האָט זי אריינגעפיהרט. זי האָט זיך קוים געהאַלטען אויף די פיס און געציטערט מיט איהר גאַנצען קער־פער.

— אָט — האָט ארויסגערעדט מיט מיה מיין פאָטער — איך לאָז איבער אויף דיינע הענד מיין טאָכטער — דיין שוועסטער. יאַקאָוו וועט דיר אַלעס דערצעהלען — האָט ער צוגעלייגט, אָנווייזענדיג אויף זיין אלטען דיענער.

אסיא האָט זיך צויאָמערט און איז צוגעפאלען מיט'ן פנים צו דער בעט... שפעטער אין א האַלב שטונדע איז מיין פאָטער געשטאָר־בען.

אָט וואָס איך האָב זיך דערוואוסט:

אסיא איז געווען די טאָכטער פון מיין פאָטער און דער אמאָליגער קאמערמעדכען פון מיין מוטער, טאַטיאַנע.

טאַטיאַנע'ן געדענק איך זעהר גוט, איך געדענק איהר הויכע, שלאַנקע געשטאַלט, איהר שעהנעם, שטרענגען און קלוגען פנים מיט די גרויסע, דונקעלע אויגען.

זי האָט געהאַט א שם פאַר א זעהר שטאָלץ מיידעל. וויפיעל איך האָב געקאָנט זיך אָנשטויסען פון יאַקאָוו'ס אָנצוהערענישען, האָט מיין פאָטער מיט איהר אָנגעהויבען צו לעבען עטליכע יאָהר שפעטער נאָך מיין מוטער'ס טויט. טאַטיאַנע האָט שוין דאַן ניט געוואוינט אין פריי־

צישען הויז, נור ביי איהר פערהייראטעטער שוועסטער אינ'ם שטיבעל.

מיין פאטער האט זיך שטארק צוגעבונדען צו איהר און ווען איך האב פערלאזען די דארף, האט ער זאגאר געוואלט חתונה האבען מיט איהר געזעצליך, נור זי האט בשום אופן ניט געוואלט ווערען זיין גע־זעצליכע פרוי, ניט אכטענדיג אויף זיינע אלע טענות.

— די דאזיגע טאטיאנע וואסיליעוונא — האט מיר ערקלעהרט דער אלטער יאקאוו, שטעהענדיג ביי דער טהיר מיט די הענד פערלייגט אהינטען: איז געוועזן א קלוגע פרוי, וועלכע האט אלעס אויסגערעכענט אפריהער און זי האט ניט געוואלט בעגעהן אן עולה געגען אייער פא־טער. ווי פאס איך צו זיין אייער פרוי? ווי קום איך צו זיין א פריצה'טע?

— אזוי האט זי געטענה'ט, איך אליין האב עס געהערט — האט ער־קלעהרט דער אלטער יאקאוו.

זי האט אפילו ניט געוואלט אריבערציהען אין אונזער הויז און איז געבליבען וואוינען ביי איהר פערהייראטעטער שוועסטער צוזאמען מיט אסיא'ן.

אלס קינד האב איך געזעהן טאטיאנע'ן בלויז אין די יום טובים אין קלויסטער.

מיט א דונקעלען טיכעל אויפ'ן קאפ און מיט א געלער שאל אויף די אקסלען איז זי געשטאנען צווישען עולם, נעבען פענסטער, און איהר שטרענגער פראפיל האט זיך קלאהר אפגעשפיעגעלט אויפ'ן דורכזיכ־טיגען שויב, בעת זי האט מיט הכנעה איהרע תפלות געזאגט, בוקענדיג זיך ניעדריג; ניעדריג, אויף דעם אלט־פרענקישען שטייגער.

ווען דער אנקעל האט מיך צוגענומען קיין פעטערסבורג, איז אסיא דאן אלט געווען צוויי יאהר און אויפ'ן ניינטען יאהר איז איהר מוטער טאטיאנע געשטארבען.

באלד ווי טאטיאנע איז געשטארבען, האט מיין פאטער אריינגע־נומען צו זיך אין הויז אסיא'ן. ער האט נאך געהאט פריהער געוואלט זי צו נעהמען צו זיך, בעת טאטיאנע האט געלעבט, אבער די לעצטע האט עס ניט דערלאזט.

היינט שטעלט זיך פאר, וואס אסיא האט איבערגעלעבט, בעת מען האט זי אריינגענומען צום פריץ אין הויז.

נאך היינט קען זי ניט פערגעסען יענע מינוט, בעת מען האט זי דאס ערשטע מאל אנגעטהאן אין א זיידענעם קלייד און א קוש

געטהאָן ביי איהר די האַנד. די מוטער, כל זמן זי האָט געלעבט, האָט זי געהאַלטען זעהר שטרענג און ביים פאָטער האָט זי געהאַט פאָלקאָ־מענע פרייהייט.

ער איז געווען איהר לעהרער, אויסער איהם האָט זי מעהר קיינעם ניט געזעהן.

ער האָט זי ניט געבאַלעוועט, דאָס הייסט האָט זיך ניט געניאַנ־טשעט מיט איהר; אָבער ער האָט זי געליעבט ליידענשאַפטליך און קיינמאָל איהר גאָר גישט ניט געשטערט: אין הארצען האָט ער זיך געפיהלט שולדיג געגען איהר.

אַסיאַ האָט באַלד פערשטאַנען, אַז זי איז די הויפּט פּערזאָן אינ׳ם הויז, אַז דער פּריץ איז איהר פאָטער, זי האָט אָבער אויך אַזוי שנעל בעגריפען איהר פאַלשע לאַגע; די אייגענליעבע האָט זיך ביי איהר שטאַרק ענטוויקעלט, דאָס אונצוטרוי; די שלעכטע געוועהנהייטען האָבען זיך איינגעוואָרצעלט אין איהר, די איינפאַכקייט איז פער־שוואונדען. זי האָט געוואָלט (איינמאָל האָט זי זיך אַליין פאַר מיר אין דעם מודה געווען), אַז די גאַנצע וועלט זאָל פערגעסען, אַז זי איז אַן אונגעזעצליך קינד; זי האָט זיך אי געשעהמט מיט איהר מוטער אי זיך געשעהמט מיט דעם, וואָס זי שעהמט זיך, און איז שטאָלץ געווען אויף איהר מוטער. ווי איהר זעהט, האָט זי אַ סך געוואוסט און וויים, וואָס אַזאַ יונג מיידעל האָט ניט געדאַרפט וויסען... אָבער איז זי דען שולדיג? די יונגע קרעפטען האָבען זיך אין איהר צושפּיעלט, דאָס יונגע בלוט האָט געקאָכט און געזאָדען, און נעבען איהר איז קיינער ניטאָ, וואָס זאָל זי ריכטען אויפ׳ן ריכטיגען וועג. אַ פאָלקאָמענע אונאַבהענ־גיגקייט אין אַלעם! וואָס פאַר אַ גוטס האָט געקאָנט פון דעם ארויס־קומען!

זי האָט געוואָלט זיין ניט ערגער פון די אַנדערע פריילייגס, האָט זי זיך ארויפגעוואָרפען אויף ביכער. קיין תכלית האָט פון דעם אויך ניט געקענט ארויסקומען. דאָס לעבען, וואָס האָט זיך ניט ריכטיג אָנגעהויבען, האָט זיך אויסגעבילדעט ניט ריכטיג. אָבער איהר הארץ איז ניט איבערגעפיהרט געוואָרען, דער פערשטאַנד איז גאַנץ גע־בליבען.

אויף אַזאַ׳ן אופן האָב איך דער צוואַנציג יאָהריגער יונגער מאַן פלוצים געקראָגען אַ דרייצעהן יאָהריג מיידעלע אויפ׳ן קאָפּ.

די ערשטע צייט נאָך מיין פאָטער'ס טויט האָט זי זיך געטריי־סעלט ביי דעם מינדעסטען קלאַנג פון מיין שטים, זי האָט זיך גע־שראָקען פאר מיינע לאַסקעס, עס האָט גענומען א היבשע צייט, ביז זי האָט זיך ביסלעכווייז זיך צוגעוועהנט צו מיר. אמת, דערנאָך, אז זי האָט זיך איבערצייגט, אז איך אַנערקען זי אלס מיין שוועסטער און האָב זי ליעב בעקומען, האָט זי זיך ליידענשאַפטליך צו מיר צוגעבונדען, פון קיין האלבע געפיהלען ווייסט זי ניט, ביי איהר איז אָדער גאָר, אָדער גאָר נישט.

איך האָב זי געבראַכט קיין פעטערסבורג. ווי שווער מיר איז ניט געוועזן צושיידען זיך מיט איהר, וואוינען מיט איהר צוזאַמען האָב איך ניט געקענט. איך האָב זי ארייגגעגעבען אין איינעם פון די בעסטע פּאַנסיאָנען.

אסיא האָט פערשטאַנען, אז מיר מוזען לעבען צושיידט, זי איז אָבער קראַנק געוואָרען און איז שיעור ניט אוועקגעשטאָרבען. דערנאָך איז זי געקומען צו זיך און איז אָפּגעווען אין פּאַנסיאָן פיער יאָהר; אָבער, נעגען אַלע מיינע ערוואַרטונגען, איז זי געבליבען די איינענע, די זעלבע אסיא ווי פריהער.

די אויפזעהערין פון דעם פּאַנסיאָן האָט זיך אָפט געקלאָגט פאר מיר אויף איהר:

— און בעשטראָפען זי קען מען ניט — האָט זי זיך געקלאָגט — און מיט גוטען קען מען אויף איהר אויך ניט ווירקען.

אסיא איז געווען זעהר פעהיג, האָט זיך זעהר גוט געלערענט, בע־סער פון אַלע איהרע חבר'טעס, אָבער זי האָט זיך בשום אופן ניט געוואָלט אונטערוואַרפען אונטער די אָרדנונגס־רעגלען פונ'ם פּאַנסיאָן, איז תמיד געווען פער'עקשנ'ט און האָט זיך געהאַלטען פון ווייטען פון אַלעמען...

שטאַרק האָב איך זי ניט געקענט בעשולדיגען: אין איהר לאַגע האָט זי געמוזט אָדער צושמייכלען זיך צו אַלעמען, אָדער האַלטען זיך פון ווייטען.

פון אַלע איהרע חבר'טעס האָט זי זיך בעפריינדעט בלויז מיט איינער, א מיאוס, דערשלאָגען און אָרעם מיידעלע. די אנדערע פריי־ליינס, מיט וועלכע זי האָט זיך ערצויגען, די מעהרסטע פון זיי טעכטער פון בכבוד'ע פאַמיליען, האָבען זיך גערייצט מיט איהר און זי גע־

שטאַרבען, פיעל גור זיי האָבען געקאָנט, אַסיא איז זיי ניט געבליבען שולדיג.

איינמאָל, אויף דער לעקציאָן פון רעליגיאָן, האָט דער לעהרער פערפיהרט א שמועס וועגען פעהלערען.

— חניפה און פייגהייט זיינען די ערגסטע פעהלערען — האָט אסיא ארויסגערעדט הויך אויפ'ן קול.

קורץ: זי איז געגאַנגען מיט איהר פריהערדיגען וועג; בלויז מאַניערען האָט זי געקראָגען עטוואָס בעסערע.

צום סוף איז זי אַלט געוואָרען זיעבצעהן יאָהר; לענגער האָט זי ניט געקענט פערבלייבען אינ'ם פּאַנסיאָן. איך האָב ניט געוואוסט, וואָס איך זאָל אָנהויבען מיט איהר צו טהאָן ווייטער.

פּלוצים פאַלט מיר איין א פּלאַן: איך וועל זיך אָנגעבען אין דיס־מיסיע און אוועקפאָהרען מיט אסיא'ן נאָך אויסלאַנד אויף א יאָהר, אָדער צוויי... און אזוי האָב איך געטהאָן. מיט איין וואָרט, אָט אזוי, ווי איהר זעהט, האָבען מיר זיך בעזעצט ביים טייך רהיין, וואו איך מאָהל אמאָל און זי... שטיעפּט און מאַכט איהרע אַלטע שטיק. איצט האָף איך, וועט איהר שוין צו שטרענג זי ניט אורטהיילען; זי, כאָטש זי מאַכט זיך, אז איהר קימערט ניט, וואָס פאַר א מיינונג מען וועט וועגען איהר האָבען, קימערט זיך שוין גאָר וועגען א יעדענס מיינונג, בעזאָנדערס וועגען אייערען.

און גאַגין האָט ווידער גענומען שמייכלען מיט זיין רוהיגען שמייכעל. איך האָב איהם פעסט א דריק געטהאָן די האַנד.

— אזוי איז דאָס — האָט גאַגין ווידער אָנגעהויבען — זי פערשאַפט מיר א סך דאגות. זי איז א שטיק פייער. ביז היינט איז איהר נאָך קיינער ניט געווען געפעהלען, וועט זי זיך אָבער אמאָל פערליעבען אין עמיצען, וועט זי אזוי ליעבען, ווי זעלטען ווער! גאַנץ אָפט ווייס איך ניט, וואָס איך זאָל טהאָן מיט איהר. מיט א פּאָאָר טעג צוריק איז איהר גאָר איינגעפאַלען, אז איך בין קעלטער געוואָרען צו איהר, אז זי ליעבט בלויז מיך אליין און וועט אויביג בלויז מיך ליעבען...

און דערביי האָט זי זיך אזוי צו־וויינט...

— אזוי גאָר... האָב איך שיעור ניט אויסגעשריען און א ביס געטהאָן די צונג.

— זאָגט מיר אָקאָרשט — האָב איך זיך געווענדעט צו גאַגין׳ען — אַז מיר ריידען שוין אַזוי אָפען: שווין־זשע איז קיינער ביז היינט איהר ניט געפעלען געוועזן? אין פעטערסבורג האָט זי דאָך מסתמא געטראָפען יונגע לייט?

— די פעטערסבורגער יונגע לייט זיינען איהר גאָר ניט געפעהלען. ניין, אַסיאַ׳ן קאָן בלויז געפעהלען אַ העלד, אַן אונגעוועהנליכער מענש, אָדער אַ שעהנער הירט פון די בערג. אָבער איך האָב זיך פעררעדט מיט אייך, האָב פערהאַלטען אייך — האָט ער צוגעלייגט און זיך אויפגעהויבען פונ׳ם אָרט.

— הערט אויס — האָב איך זיך אָנגערופען — קומט גאָר צו אייך, מיר ווילט זיך ניט אַהיים.

— און אייער אַרבייט?

איך האָב גאָר נישט געענטפערט; גאַגין האָט גוטמוטהיג אַ שמייכעל געטהאָן און מיר זיינען אַוועק צו איהם אַהיים. דערזעהן דעם בעקאַנטען וויינגאָרטען און דאָס וויים הייזעל אויפ׳ן שפּיץ באַרג, האָב איך דערפיהלט אַ מין זיסקייט, ממש אַ זיסקייט, אינ׳ם האַרצען, אַקוראַט ווי שטילינקערהייט וואָלט מען דאָרט האָניג אַריינגעגאָסען. נאָך גאַגין׳ס מעשה איז מיר געוואָרען זעהר לייכט.

---

**9.**

אויפ׳ן שוועל פונ׳ם הויז האָט אונז בעגעגענט אַסיאַ. איך האָב ווידער ערוואַרטעט, זי זאָל זיך צולאַכען; זי איז אָבער אַרויס צו אונז אַ בלייכע, אַ שווייגענדיגע, מיט אַרונטערגעלאָזטע אויגען.

— ער איז דאָ ווידער — האָט גאַגין געזאָגט — און שטעל זיך פאָר, איצט האָט ער אַליין זיך אויסגערופען צוריק צו קעהרען צו אונז.

אַסיאַ האָט מיך אָנגעקוקט מיט פרעגענדיגע אויגען. איך, פון מיין זייט, האָב איהר אויסגעשטרעקט די האַנד און פעסט געדריקט איהרע קאַלטע פינגער.

איך האָב דערפיהלט רחמנות צו איהר; איצט איז מיר שוין פיעל קלאָהר געוואָרען אין איהר, וואָס איז פריהער פאַר מיר רעטזעלהאַפט געוועזן: איהר אינערליכע אונרוה, דאָס ניט קאָנען האַלטען זיך, איהר קאָקעטעריי, — אַלעס אין איהר איז מיר קלאָהר געוואָרען. איך האָב אריינגעדרונגען אין די דאָזיגע נשמה: אַ געהיימער דרוק האָט זי תמיד געשטיקט, אונרוהיג האָט זיך געפּלאָנטערט און געצאַפּעלט די אונערפאַהרענע אייגענליעבע, איהר גאַנץ וועזען אָבער האָט זיך געריסען צו דער וואהרהייט. איך האָב פערשטאַנען, וואָרום דאָס דאָזיג מערקווירדיג מיידעל האָט מיך אַזוי בעצויבערט; ניט בלויז מיט איהר האַלב ווילדער שעהנקייט, וואָס איז צוגאָסען געוועזן איבער איהר גאַנצען עדעלען קערפּער, האָט זי מיך אַזוי פער'כשופ'ט, נור מיט איהר נשמה אויך.

גאַגין האָט זיך אָנגעהויבען צו גראָבען אין זיינע צייטונגען; איך האָב פאָרגעשלאָגען אסיא'ן, זי זאָל זיך דורכגעהן מיט מיר איבער'ן וויינגאָרטען. זי האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם מיט אַ פרעהליכער און אין דער זעלבער צייט הכנעה'דיגער מינע.

מיר האָבען גענומען געהן אַראָפּ בארג און האָבען זיך באַלד צוגעזעצט אין מיטען בארג אויף אַ ברייטען פלאַכען שטיין.

— און אייך איז ניט געווען אונמוטהיג אָהן אונז? — האָט אסיא געפרעגט.

— און אייך אָהן מיר איז געווען אונמוטהיג? — האָב איך געפרעגט.

אסיא האָט אַ קוק געטהאָן אויף מיר פון דער זייט.

— יאָ — האָט זי געענטפערט — איז עפּעס שעהן אין די בערג? — האָט זי גערעדט ווייטער — זיינען זיי עפּעס הויך? העכער פון די וואָלקענס? דערצעהלט מיר, וואָס איהר האָט געזעהן. איהר האָט דערצעהלט דעם ברודער, אָבער איך האָב גאָר גישט געהערט.

— האָט איהר געדאַרפט הערען — האָב איך בעמערקט — וואָרום זייט איהר אַנטלאָפען?

— איך בין אַנטלאָפען... וויל... אַט איצט וועל איך ניט אַנטלויפען — האָט זי צוגעלייגט מיט אַ פערטרויליכער פריינדשאַפט אינ'ם קול — איהר זייט היינט בייז געוועזן.

— איך?

— איהר.

— פאַרוואָס, וואָס פאַלט אייך איין...

— איך ווייס ניט, פאַרוואָס, נור איהר זייט היינט געווען בייז און זייט אַ בייזער אוועק פון אונז. מיך האָט אַזוי פערדראָסען, וואָס איהר זייט אַזוי אוועק, און איך בין אַזוי צופריעדען, וואָס איהר האָט זיך צוריקגעקעהרט.

— און איך בין אויך צופריעדען, וואָס איך האָב זיך צוריקגע־קעהרט.

אַסיא האָט אַ מאַך געטהאָן מיט די אַקסלען, ווי דאָס טהוען אָפט קליינע קינדער, בעת זיי איז גוט.

— אה, איך קאָן טרעפען — האָט זי גערעדט ווייטער — עס פלעגט אָפט פּאַסירען, אַז נאָכ'ן פּאַפּאַ'ס הוסט אינ'ם צווייטען צימער פלעג איך דערקאָנען, אויב ער איז צופריעדען מיט מיר צו ניט.

ביז דעמאָלט האָט אַסיא קיינמאָל פאַר מיר ניט דערמאָנט איהר פאָטער. דאָס האָט מיך איבערראַשט.

— איהר האָט ליעב געהאַט אייער פאָטער? — האָב איך ארויס־גערעדט, און פּלוצים האָב איך דערפיהלט, צו מיין גרויסען פערדרוס, אַז איך ווער רויט.

זי האָט גאָר ניט געענטפערט און איז אויך רויט געוואָרען.

מיר זיינען אנשוויגען געוואָרען. ווייט איבער'ן רהיין איז געלאָ־פען און האָט זיך געריכערט אַ דאַמפּף־שיף. מיר האָבען גענומען קוקען אויפ'ן טייך.

— וואָרום דערצעהלט איהר ניט? — האָט אַסיא ארויסגע־שעפּצעט.

— וואָרום האָט איהר זיך היינט צולאַכט, ווי־נור איהר האָט מיך דערזעהן? — האָב איך געפרעגט.

— איך ווייס אליין ניט. אמאָל גלוסט זיך מיר וויינען און איך לאַך... איהר דאַרפט מיך ניט אורטהיילען נאָך דעם, וואָס איך טהו... יאָ, וואָס מיר פאַלט איין, וואָס איז דאָס פאַר אַ לעגענדע מכוח דער לאָרעליי? יענער פעלז, וואָס זעהט זיך דאָרט, איז דאָך איהרער? מען זאָגט, אַז פריהער פלעגט זי אַלעמען דערטרינקען און, אַז זי האָט זיך אליין פערליעבט, האָט זי זיך אליין אין טייך אריינגעוואָרפען. מיר געפעלט דיעזע לעגענדע. פרוי לואיזע דערצעהלט מיר פערשיעדענע לעגענדעס. פרוי לואיזע האט אַ שוואַרצען קאָטער מיט געלע אויגען...

אסיא האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און א טרייסעל געטהאָן מיט איהרע לאָקענס.

— אך, ווי מיר איז גוט — האָט זי ארויסגערעדט.

אין דיעזער צייט האָבען זיך צו אונז דערטראָגען אָפּגעהאקטע איינטאָניגע קלאַנגען. הונדערטע שטימען האָבען צוזאמען און צווייגען געזונגען א תפלה: אונטען האָט זיך געצויגען א רעליגיעזע פּראָצעסיאָן מיט צלמים און הייליגע בילדער...

— אָט מען האָט געדארפט גאָר געהן מיט זיי — האָט זיך אָנגע־רופען אסיא, צוהערענדיג זיך צו די שטימען, וואָס זיינען אַלץ שוואכער און שוואכער געוואָרען אין דער ווייטקייט.

— איהר זייט דען אזוי רעליגיעז?

— אוועקגעהן ערגעץ ווייט, תפלה טהאָן, צו אויף א שווערען העלדענטהאט — האָט זי גערעדט ווייטער—אניט געהען די טעג אוועק, דאָס לעבען געהט אוועק, און וואָס האָבען מיר אויפגעטהאָן?

— איהר זייט עהרגייציג — האָב איך בעמערקט — איהר ווילט ניט אומזיסט לעבען, איהר ווילט איבערלאָזען נאָך זיך א שפּור...

— אפשר איז עס ניט מעגליך?

— ניט מעגליך — האָב איך שיעור זיך ניט ארויסגערעדט... נור א קוק געטהאָן אויף איהרע ליכטיגע אויגען, האָב איך בלויז גע־זאָגט:

— פּרובט.

— זאָגט נור — האָט אָנגעהויבען אסיא נאָך א קורצען שווייגען, און עפּעס שאָטענס האָבען זיך דורכגעטראָגען איבער איהר פּנים, וואָס איז בלייך געוואָרען: — יענע דאמע איז אייך עפּעס שטארק גע־פעהלען... געדענקט איהר, דער ברודער האָט געטרונקען אויף איהר געזונד ביי די „רואינען”, אויפ'ן צווייטען טאָג, ווי מיר האָבען זיך בעקאנט?

איך האָב זיך צולאכט.

— אייער ברודער האָט שפּאס געמאכט; מיר איז קיין דאמע ניט געפעלען געווען, אם וועניגסטען איצט ניט.

—און וואָס געפעהלט אייך אין פרויען? — האָט אסיא געפרעגט און אָפּגעוואָרפען דעם קאָפּ מיט אן אונשולדיגער נייגעריגקייט.

— וואָס פאר א מאָדנע פראגע! — האָב איך אויסגעשריען.

אסיא האָט זיך אַביסעלע פערשעהמט.

— איך האָב אייך ניט געדארפט שטעלען אזא פראגע, ניט אמת? ענטשולדיגט מיר, איך בין געוואוינט ארויסצופלאפלען אלעס, וואָס מיר קומט נור ארויף אויפ'ן זינען. דערפאר האָב איך דאָך מורא צו ריידען.

— אום גאָטעס ווילען, רעדט, האָט ניט מורא — האָב איך אונ־טערגעכאפט — איך פרעה מיך אזוי, וואָס איהר ועט ענדליך זיך ניט האלטען מעהר פון ווייטען.

אסיא האָט אַרונטערגעלאָזט די אויגען און זיך צולאכט מיט א שטילען און לייכטען געלעכטער, דאָס ערשטע מאָל האָב איך זי גע־הערט אזוי לאכען.

— נו דערצעהלט־זשע עפּעס — האָט זי ווידער אָנגעהויבען, אויסגלייכענדיג די ברעגעס פון איהר קלייד און צונויפלייגענדיג זיי אויף איהרע פיס, אַקוראַט ווי זי וואָלט בדעה געהאַט צו זיצען נאָך לאַנג: — דערצעהלט עפּעס, אָדער לעזט פאָר עפּעס, אזוי, איהר גע־דענקט, ווי איהר האָט אונז פאָרגעלעזען פון פושקין'ס „אָניעגין"...

זי האָט זיך פּלוצים פערטראַכט...

„וואו איז איצט דער קרייץ און דער שאָטען פון די צווייגען אויף דער אָרימער מאַמע'ן מיינער!" — האָט זי ארויסגערעדט האַלב שטיל.

— ביי פושקין'ען איז ניט אזוי — האָב איך בעמערקט.

— און איך וואָלט געוואָלט זיין טאַטיאַנא*) — האָט זי ווייטער גערעדט פערטראַכט — נו, דערצעהלט עפּעס — האָט זי זיך א כאַפּ געטהאָן מיט א לעבהאַפטער בעוועגונג.

אָבער איך בין ניט געווען אויפגעלייגט פאָר מעשות צו דערצעה־לען. איך האָב געקוקט אויף איהר. זי איז אין גאַנצען פערגאָסען גע־ווען מיט די ליכטיגע זונען־שטראַהלען, האָט אין גאַנצען געשיינט א פריינדליכע און א רוהיגע. ארום אונז האָט אַלעס געשטראַהלט אזוי יום טוב'דיג, אזוי פרעהלאַך, אונטען, אויבען, דער הימעל, די ערד,

---

*) טאַטיאַנא איז די העלדין פון פושקין'ס בעריהמטע אָפּערא „יעווגעני אָניעגין". ל. ק.

דאָס וואַסער, די לופט אליין, דאכט זיך, איז אָנגעפילט געווען מיט פרעהליכען גלאַנץ.

— ווי גוט דאָ איז! — האָב איך שטיל געזאָגט.

— יאָ, גוט! — האָט זי אויך שטיל געענטפערט, ניט קוקענדיג אויף מיר: — ווען איך מיט אייך וואָלטען פויגעל געווען, ווי וואָלטען מיר זיך אַ הויב געטהאָן, ווי וואָלטען מיר אַוועקגעפלויגען... מיר וואָלטען אזוי זיך געבאָדען און געבאָדען אין יענער בלויקייט... אָבער מיר זיינען ניט קיין פויגעל.

— אָבער פליעגלען קאָנען ביי אונז אויסוואקסען — האָב איך געזאָגט.

— וואָס מיינט איהר?

— אַז איהר וועט לעבען, וועט איהר פערשטעהן וואָס איך מיין. עס זיינען פאראַן געפיהלען, וואָס טראָגען אונז אַוועק ווייט פון דער ערד. זייט רוהיג, איהר וועט נאָך האָבען פליעגלען.

— און איהר האָט געהאַט?

— ווי זאָל איך אייך זאָגען... דאכט זיך, ביז היינט בין איך נאָך ניט געפלויגען.

אסיא האָט זיך ווידער פערטראַכט. איך האָב זיך אביסעלע צו־געבויגט צו איהר.

— קאָנט איהר טאַנצען אַ וואַלס? — האָט זי פּלוצים געפרעגט.

— איך קאָן — האָב איך געענטפערט, עטוואָס פערוואונדערט.

— טאָ קומט, קומט... איך וועל אַ בעט טהאָן דעם ברודער, ער זאָל פאַר אונז שפּיעלען אַ וואַלס... אונז וועט זיך אויסדאכטען, אַז מיר פליהען, אַז ביי אונז זיינען פליעגלען אויסגעוואַקסען.

זי האָט זיך געלאָזט לויפען צום הויז, איך נאָך איהר, און עטליכע מינוטען שפּעטער האָבען מיר זיך געדרעהט אינ'ם ענגען צימער, אונ־טער די זיסע קלאַנגען פון לאַננער'ן.

אסיא האָט געטאַנצט שעהן, היינגעריסען. עטוואָס ווייכעס, צאַר־טעס, פרויענהאַפטעס האָט פּלוצים ארויסגעטראָטען אויף איהר מיי־דעלישען פּנים.

לאַנג האָט דערנאָך מיין האַנד געפיהלט אויף זיך די בעריהרונג פון איהר צאַרטער טאַליע, לאַנג האָט דערנאָך מיר זיך געהערט איהר שנעלער, נאָהענטער אָטהעם, לאַנג האָבען פאַר מיר געשוועבט איהרע

דונקעלע, אונבעוועגליכע, כמעט צוגעמאַכטע אויגען אויפ'ן בלייכען, אָבער בעלעבטען פּנים, אויף וועלכען עס האָבען פרעהלאך געשטיפּט שעהנע לאָקען.

---

.10

דער טאָג איז פאַראיבער זעהר אנגענעהם. מיר האָבען זיך גע־פרעהט, ווי קינדער. אסיא איז געווען זעהר ליעב און איינפאך. גאַגין האָט אָנגעקוואָלען, קוקענדיג אויף איהר. איך בין אַוועק שפּעט. איבער־פאַהרענדיג דעם רהיין אין אַ שיפעל, האָב איך ווען איך בין געווען אין מיטען טייך געבעטען דעם שיפער, ער זאָל לאָזען דעם שיפעל זיך טראָגען ארונטער מיט'ן שטראָם און ניט פאָהרען צום אנדערען ברעג. דער אלטער האָט אויפגעהויבען די וויעסלעס און דער מאַיעסטעטישער טייך האָט אונז אַוועקגעטראָגען.

קוקענדיג ארום, צוהערענדיג זיך און דערמאָנענדיג זיך, האָב איך מיט אמאָל דערפיהלט אַ געהיימע אונרוהיגקייט אויפ'ן הארצען... האָב אויפגעהויבען די אויגען צום הימעל, אָבער אויפ'ן הימעל איז אויך ניט געווען רוהיג: אויסגעזייהט מיט שטערען, האָט ער זיך געריהרט, בעוועגט, געצאַפּעלט; איך האָב זיך צום טייך צוגעבויגט... אָבער אייך דאָרט, אין יענעם דונקעלען, קאַלטען טיעפעניש האָבען זיך אויך בעוועגט און געציטערט שטערען; און אונרוהיגע לעבעדיגקייט האָט זיך מיר גע'חלום'ט אומעדום, וואָהין נור איך האָב מיינע אויגען געווענדעט און די אונרוהיגקייט אין מיר אליין האָט געוואַקסען, איז געוואָרען שטאַרקער, שטאַרקער.

איך האָב זיך אָנגעלעהנט אָן דעם ברעג פונ'ם שיפעל... דער ווינד שעפּצעט מיר אין די אויערען, דאָס שטיל געמורמעל פונ'ם וואַסער הינטער'ן שיפעל האָבען מיך צורייצט און דער פרישער אָטהעם פון די כוואַליעס האָט מיך ניט אָבגעקיהלט; דאָרט ערגעץ אויפ'ן ברעג האָט די נאַכטיגאַל גענומען זינגען און מיך צונומען מיט דעם זיסען גיפט פון איהרע טענער. פון מיינע אויגען האָבען זיך גענומען קייקלען טרעהרען, אָבער דאָס זיינען ניט געווען קיינע סתם בעגייסטערונגס־טרעהרען.

וואָס איך האָב געפיהלט, איז געווען ניט די פריהערדיגע עמפּפינדונג פון ערוואַכטע אונקלאָהרע פערלאַנגען, ווען די נשמה עפענט זיך פאַר־נאַנדער ברייטער, ווען זי צווינגט זיך, ווען איהר ווייזט זיך אויס, אז זי פערשטעהט אלעס און ליעבט אלעס... ניין! אין מיר האָט זיך אָנגע־צונדען דער חשק צו גליק. איך האָב נאָך ניט געוואַגט אָנצורופען איהם ביים נאָמען, אָבער גליק, אָנזעטיגען זיך מיט גליק, דאָס וואָס מיר האָט זיך געוואָלט, נאָך וואָס איך האָב געבענקט...

און דאָס שיפעל האָט זיך אַליין געטראָגען און דער גרייז דער שיפער איז געזעסען און האָט געדרעמעלט, איבערגעבויגט איבער די וויעס־לעס.

## 11.

אויף מאָרגען, ווען איך בין געגאַנגען צו די גאַגין'ס, האָב איך זיך ניט געפרעגט, אויב איך בין פערליעבט אין אסיא'ן, אָבער איך האָב פיעל געטראַכט וועגען איהר, איהר שיקזאַל האָט מיך אינטערעסירט און איך האָב זיך געפרעהט, וואָס מיר האָבען זיך נעהענטער בעפריינ־דעט.

איך האָב געפיהלט, אז נעכטען האָב איך זי דערקאָנט, ביז נעכ־טען איז זי געווען פערשלאָסען פאַר מיר. און איצט, ווען זי האָט זיך נעהאָט געעפענט פאַר מיר, וואָס פאַר א צוויבער־שיין האָט דאַן בעגאָ־סען איהר געשטאַלט, ווי ניי איז זי פאַר מיר געוואָרען, וואָס פאַר א געהיימער כישוף האָט שעוועמדיג געשוועבט איבער איהר...

איך בין געגאַנגען מונטער איבער'ן בעקאַנטען וועג, קוקענדיג יעדע ווייַלע אויף דאָס ווייס הייזעל, וואָס האָט געבלאַנקט פון ווייַ־טען. ניִשט נור וועגען דער צוקונפט, אפילו וועגען דעם מאָרגענדיגען טאָג האָב איך ניט געטראַכט; מיר איז געווען אזוי גוט, אזוי יום טוב'דיג אויפ'ן הארצען.

ווען איך בין אין צימער אריין, איז אסיא רויט געוואָרען; איך האָב בעמערקט, אז זי האָט זיך ווידער אויסגעפּוצט, אָבער דער אויס־דרוק פון איהר פּנים האָט זיך גאָר ניט געפּאַסט צו איהר רייכען אנצוג: א אויסדרוק פון טרויער איז עס געווען. און איך בין געקומען אזא

פרעהליכער! מיר האט זיך זאגאר אויסגעדאכט, אז זי האט זיך גע־קליעבען צו אנטלויפען, ווי איהר שטייגער איז געוועז, נור האט אנגע־טהאן אויף זיך א כוח און איז געבליבען.

גאנין אליין איז אין דעם דאזיגען מאמענט געוועזן אין יענעם צו־שטאנד פון קינסטלער־שטימונג, וועלכע כאפט פלוצים אמאל אן דילעטאנטען, בעת זיי ווייזט זיך אויס, אז זיי איז געלונגען „צו כאפען די נאטור פאר'ן עק", ווי זיי דריקען זיך אויס.

ער איז געשטאנען אין גאנצען צופאטלעט און אויסגעשמירט מיט פארבען פאר אן אנגעצויגענעם לייווענד און געארבייט מיט'ן פינזיל. דערזעהן מיך, האט ער כמעט ווילד א מאך געטהאן צו מיר מיט'ן קאפ, איז אפגעטראטען פונ'ם לייווענד, פערקנייטשט די אויגען און זיך ווידער א כאפ געטהאן ארבייטען.

איך האב איהם ניט געשטערט און זיך צוגעזעצט צו אסיא'ן. לאנגזאם האט זי א קעהר געטהאן צו מיר איהרע דונקעלע אויגען.

— היינט זייט איהר גאר אנאנדערע ווי נעכטען — האב איך בעמערקט, נאכדעם ווי איך האב זיך אומזיסט בעמיהט ארויסצורופען א שמייכעל אויף איהרע ליפען.

— יא, אנאנדערע — האט זי געענטפערט לאנגזאם און פער־שטיקט — דאס איז אבער גאר נישט. איך בין ניט אויסגעשלאפען. די גאנצע נאכט האב איך געטראכט.

— וועגען וואס?

— אך, וועגען פיעל זאכען. אזא טבע איז שוין ביי מיר נאך פון קינדערווייז אן, נאך פון יענער צייט אן, בעת איך האב געוואוינט מיט מיין מוטער...

זי האט מיט מיה ארויסגערעדט דאס דאזיג ווארט און האט דערנאך איבערגע'חזר'ט:

— בעת איך האב געוואוינט מיט מיין מוטער... האב איך גע־טראכט, ווארום קען קיינער ניט וויסען, וואס מיט איהם וועט זיין; און אמאל זעהסטו אן אונגליק און קענסט זיך פון איהם נישט ראַ־טעווען; און ווארום קען מען קיינמאל נישט זאגען דעם גאנצען אמת?... דערנאך האב איך געטראכט, אז איך ווייס גאר נישט, אז איך מוז זיך לערנען. איך מוז אן אנדער ערציהונג קריגען, איך בין זעהר שלעכט ערצויגען. איך קען ניט שפיעלען אויף דער פארטעפיאנא, קען ניט ציי־

בענען, אפילו נייהען קען איך אויך ניט גוט. איך האָב ניט קיינע פעהיג־קייטען, מיט מיר מוז זיין זעהר לאַנגווייליג.

— איהר זייט אונגערעכט צו זיך — האָב איך זיך אָנגערופען — איהר האָט אַ סך געלעזען, איהר זייט געבילדעט און מיט אייער פער־שטאַנד....

— בין איך קלוג? — האָט זי געפרעגט מיט אזא אונשולדיגער נייגעריגקייט, אז איך האָב זיך ניט ווילענדיג צולאַכט; אָבער זי האָט אפילו ניט אַ שמייכעל געטהאָן.

— ברודער, בין איך קלוג? — האָט זי זיך געווענדעט צו גאַ־גין׳ען.

ער האָט גאָר נישט געענטפערט און געאַרבייט ווייטער, אומביי־טענדיג נאָכאַנאַד פּינזילס און הויבענדיג הויך די האַנד.

— מאַנכעס מאָל ווייס איך אליין ניט, וואָס מיר קריכט אין קאָפּ — האָט אַסיא גערעדט ווייטער מיט אַ פערטראַכטער מינע — און אַמאָל שרעק איך זיך פאַר זיך אליין, עהרענוואָרט! אַך, איך וואָלט וועלען... איז דאָס אמת, אז פרויען טאָרען ניט פיעל לעזען?

— פיעל טאָר מען ניט, אָבער...

— זאָגט מיר, וואָס אזוינס דאַרף איך לעזען? וואָס אזוינס דאַרף איך טהאָן? איך וועל אַלעס טהאָן, וואָס נור איהר וועט מיר הייסען — האָט זי צוגעלייגט, ווענדענדיג זיך צו מיר מיט אַן אונשולדיגער פערטרויליכקייט.

איך האָב ניט געוואוסט, וואָס איהר צו ענטפערען.

— אייך וועט דאָך ניט זיין לאַנגווייליג מיט מיר?

— וואָס פאַלט אייך איין — האָב איך אָנגעהויבען...

— נו, אַ דאַנק! — האָט זי געזאָגט — און איך האָב געמיינט, אז אייך וועט לאַנגווייליג זיין.

און איהר קליין ברענענדיג הענטעל האָט פעסט אַ דריק געטהאָן מיינע.

— נ...! — האָט אין דיעזער צייט אויסגעשריען גאַגין — וואָס־דענקסט איהר וועגען דיעזען הינטערגרונד, איז ער ניט צו דונקעל?

איך בין צוגעגאַנגען צו איהם. אַסיא האָט זיך אויפגעהויבען און איז ארויס פונ׳ם צימער.

## 12.

אין א שטונדע ארום האט זי זיך צוריקגעקעהרט, איז שטעהן געבליבען אין דער טהיר און מיך א רוף געטהאן מיט דער האנד.

— הערט האט זי געזאגט — אז איך וואלט געשטארבען, וואלט איך עפּעס פעררדראסען?

— וואס פאר א געדאנקען קריכען אייך היינט אין קאפּ! — האב איך אויסגעשריען.

— מיר דאכט זיך, אז איך וועל באלד שטארבען; אמאל ווייזט זיך מיר אויס, אז אלעס ארום מיר זעגענט זיך מיט מיר. איידער אזא לעבען, איז בעסער דער טויט... אך, קוקט נישט אזוי אויף מיר; גלויבט מיר, אז דאס איז ביי מיר ניט קיין אנשטעל. אניט וועל איך ווידער פאר אייך מורא האבען.

— איהר האט דען מורא געהאט פאר מיר?

— אויב איך בין אזא מאדנע, בין איך, גלויבט מיר, אין דעם ניט שולדיג — האט זי געזאגט — איהר זעהט, איך קען שוין אפילו מעהר ניט לאכען אויך...

דעם גאנצען טאג איז זי געווען אומעטיג און צוטראגען. עפּעס איז אין איהר פארגעגאנגען, וואס איך האב ניט פערשטאנען. אפט האט איהר בליק זיך אויף מיר אפּגעשטעלט, דאן האט מיין הארץ שטיל געקלעמט אונטער דעם רעטזעלהאפטען בליק איהרען. זי איז, דאכט זיך, געווען רוהיג און, קוקענדיג אויף איהר, האט זיך דאך מיר געגלוסט איהר זאגען, זי זאל זיך בערוהיגען, זי זאל זיך אזוי ניט אייפ־רעגען...

איך האב מיט התפעלות געקוקט אויף איהר, געפונען, אז מיט איהר בלייכען פנים און מיט איהרע אונענטשלאסענע, לאנגזאמע בע־וועגונגען איז זי פול צויבער, פול כשוף — און איהר האט זיך עפּעס אויסגעוויזען, אז איך בין גאר ניט גוט אויפגעלייגט.

— הערט אויס האט זי מיר געזאגט א קורצע צייט, איידער איך האב זיך מיט איהר געזעגענט: — מיך מאטערט דער געדאנק, אז איהר האלט מיך פאר א לייכטזיניגע.. ווייטער זאלט איהר מיר אלעס גלוי־בען, וואס איך וועל אייך זאגען, אבער איהר זאלט מיט מיר אויך זיין

אָפענהערציג: איך וועל אייך תמיד זאָגען דעם אמת, מיין עהרענוואָרט גיעב איך אייך דערויף...

דאָס דאָזיג „עהרענוואָרט" האָט מיך ווידער געמאַכט לאַכען.

— אַך, לאַכט ניט — האָט זי שנעל זיך אַ כאַפּ געטהאָן — אַניט וועל איך אייך זאָגען היינט, וואָס איהר האָט מיר געזאָגט נעכטען: „וואָרום לאַכט איהר?" — און אנשוויגען געוואָרען אויף אַ ווײַלע, האָט זי דערנאָך צוגעלייגט:

— איהר געדענקט, איהר האָט נעכטען גערעדט וועגען פליעג־לען?... פליעגלען זיינען ביי מיר אויסגעוואַקסען, אָבער פליהען איז ניטאָ וואוהין.

— וואָס רעדט איהר — האָב איך געזאָגט — פאַר אייך זיינען אַלע וועגען אָפען...

אסיא האָט מיר אַ קוק געטהאָן גלייך און טיעף אין די אויגען אריין.

— איהר דענקט היינט זעהר שלעכט וועגען מיר — האָט זי ארויסגערעדט און אָנגערוקט איהרע ברעמען.

— איך? איך דענק שלעכט וועגען אייך?!

— וואָס קוקט איהר היינט אַזוי ווי די נעכטיגע — האָט מיך אונטערבראָכען גאַגין — ווילט איהר, איך זאָל אייך שפּיעלען אַ וואַלס, ווי נעכטען?

— ניין, ניין — האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן אסיא און צונויפגע־דריקט איהרע הענטעלאַך — ניט היינט!

— איך צווינג דיך ניט, בערוהיג זיך...

— פאַר קיין פאַל ניט — האָט זי ווידער געזאָגט, בלייך ווערענדיג — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

שווין־זשע ליעבט זי מיך? — האָב איך געטראַכט, צוגעהענדיג צום טייך רהיין, וועלכער האָט מיט אימפּעט געוואָרפען זיינע דונקעלע כוואַליעס.

## 13.

— שוין־זשע ליעבט זי מיך? — האָב איך געטראַכט אויף מאָרגען, גלייך ווי איך האָב פונ'ם שלאָף ערוואַכט.

איך האָב ניט געוואָלט אריינקוקען אין זיך אליין. איך האָב גע־פיהלט, אז איהר געשטאַלט, די געשטאַלט פון דער „מיידעל מיט'ן אוננאַטירליכען געלעכטער", האָט זיך אריינגע'גנב'עט אין מיין האַר־צען און איך וועל אזוי גיך פון איהר זיך ניט בעפרייען.

איך בין אַוועק צו זיי און אַ גאַנצען טאָג דאָרט פערבראַכט, אָבער אסיא'ן האָב איך זעהר וועניג געזעהן. זי האָט געפיהלט שלעכט: דער קאָפּ האָט ביי איהר וועה געטהאָן.

זי איז אריין נור אויף אַ ווײַלע אין צימער, וואו איך בין געזעסען, איז אריין אַ בלייכע, אַ מאַגערינקע, מיט במעט צוגעמאַכטע אויגען און מיט אַ טיכעל אַרום שטערן. זי האָט שוואַך אַ שמייכעל געטהאָן און געזאָגט:

— דאָס איז גאָר נישט, וועט פאָראיבערגעהן, ניט אמת?

און איז אַוועק.

מיר איז געוואָרען אומעטיג און אזוי שווער אויפ'ן הארצען. דאָך בין איך נאָך לאַנג געזעסען דאָרט, האָב זיך צוריקגעקעהרט אהיים שפּעט, ניט זעהענדיג זי מעהר.

אויף מאָרגען דעם גאַנצען אין־דער־פריה האָב איך זיך געפיהלט ווי אין אַ חלום. איך האָב געוואָלט ארבייטען און ניט געקענט; גע־וואָלט ניט טראַכטען און דאָס אויך ניט געקענט. איך האָב געוואַנדערט איבער דער שטאָדט, צוריקגעקעהרט זיך אהיים און ווידער ארויס וואַנדערען.

— זייט איהר הערר נ.? — האָב איך פּלוצים דערהערט הינ־טער זיך אַ קינדערשער קול. איך האָב זיך אומגעקוקט — פאַר מיר איז געשטאַנען אַ אינגעלע.

— פריילען אננעטע — האָט אייך געשיקט — האָט ער צוגעלייגט און דערלאַנגט מיר אַ צעטעלע.

איך האָב איהם געעפענט און גלייך דערקאָנט אסיא'ס ניט־ריכ־טיגע און שנעלע האַנדשריפט.

— איך מוז אייך אונבעדינגט זעהן — האָט זי געשריעבען — קומט היינט אום פיער צו דער געמויערטער קירכע, וואָס שטעהט אויפ'ן וועג נעבען די „רואינען". איך האָב היינט געוועזן אונפאָרזיכטיג... ווי גאָט איז אייך ליעב, קומט, איהר וועט אַלעס דערוויסען... זאָגט דעם שליח: יאָ.

— וועט איהר שיקען אַן ענטפער? — האָט דאָס אינגעל גע־פרעגט.

— זאָג, אַז: יאָ — האָב איך געענטפערט.
דאָס אינגעל איז אוועקגעלאָפען.

.14

איך בין געקומען צו זיך אין צימער, געזעצט און פערטראַכט זיך. דאָס האַרץ אין מיר האָט שטאַרק געקלאַפּט איך האָב ווידער אי־בערגעלעזען אסיא'ס צעטעלע, נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל. איך האָב אַ קוק געטהאָן אויפ'ן זייגער — נאָך קיין צוועלף ניטאָ.

די טהיר האָט זיך געעפענט, און גאַגין איז אריין.

זיין פּנים האָט אויסגעזעהן פערוואָלקענט. ער האָט אַ כאַפּ גע־טהאָן מיין האַנד און זי פעסט אַ דריק געטהאָן. ער האָט אויסגעקוקט זעהר אויפגערעגט.

— וואָס איז געשעהן? — האָב איך געפרעגט.

גאַגין האָט גענומען אַ שטוהל און זיך געזעצט געגען מיר.

— מיט פיער טעג צוריק — האָט ער אָנגעהויבען מיט אַ גע־צוואונגענעם שמייכעל און שטאַמלענדיג — האָב איך אייך איבערראַשט מיט איין געשיכטע; היינט וועל איך אייך נאָך מעהר איבערראַשען מיט אַ צווייטער... מיט דער צווייטער געשיכטע וואָלט איך ניט געוועזן אַזוי אָפענהערציג, ווען איך וואָלט אייך ניט געהאַלטען פאַר אַן אנ־שטענדיגען מענשען... איהר זייט דאָך מיר אַ פריינד, ניט וואהר? הערט אויס: מיין שוועסטער אסיא איז אין אייך פערליעבט.

איך האָב זיך אין גאַנצען אַ צאַפּעל געטהאָן און זיך אויפגעהויי־בען פונ'ם אָרט.

— אייער שוועסטער, זאָגט איהר...

— יא, יא — האָט מיך גאַנין אונטערבראָכען — איך זאָג אייך, זי איז אַ משוגענע און וועט נאָך מיך אויך משוגע מאַכען. איין גליק גור, וואָס זי קען ניט זאָגען קיין ליגען און פערטרויט מיר אַלעס. אָך, וואָס פאַר נשמה זי האָט... אָבער זי וועט זיך דער'הרג'ענען, אונבע־דינגט.

— איהר מוזט האָבען אַ טעות — האָב איך אָנגעהויבען.

— ניין, איך האָב שוין גאָר ניט קיין טעות. נעכטען, ווי איהר ווייסט, איז זי כמעט דעם גאַנצען טאָג אָפּגעלעגען, האָט גאָר נישט אינ'ם מויל געהאַט, כאָטש זי האָט זיך ניט געקלאָגט... זי קלאָגט זיך קיינמאָל ניט. פונדעסטוועגען האָב איך זיך ניט שטאַרק בעאונ־רוהיגט, כאָטש פאַרנאַכט האָט זי געקראָגען היץ. היינט אין מיטען נאַכט האָט מיך אויפגעוועקט מיין בעל הבית'טע: — געהט, זאָגט זי, צו אייער שוועסטער, עפּעס איז מיט איהר דאָרט ניט גלאַט. איך בין אַוועק צו אסיא'ן, ערשט זי ליעגט אין די קליידער, נישט אויס־געטהאָן, האָט פיעבער און וויינט; דער קאָפּ אַ שטיק פייער און די צייהן קלאַפּען. פרעג איך זי: וואָס פעהלט דיר? דו ביזט ניט גע־זונד? וואַרפט זי זיך מיר אויפ'ן האַלז און הויבט אָן זיך צו בעטען, איך זאָל מיט איהר וואָס גיכער אַוועקפאָהרען פון דאַנען, אויב איהר לעבען איז מיר טהייער... פערשטעה איך גאָר נישט און פרוב זי בערוהיגען... זי צו־וויינט זיך נאָך העכער, צוּיאָמערט זיך אויפ'ן קול... און פּלוצים דערהער איך דורכ'ן יאָמער... נו, מיט איין וואָרט, איך דערהער, אַז זי ליעבט אייך... איך פערזיכער אייך, איך מיט אייך, זיינען ערפאַהרענע, ניט נאַרישע מענשען, אָבער מיר קענען זיך אפילו ניט פאָרשטעלען, ווי טיעף זי פיהלט און מיט וואָס פאַר אַן אונגלויב־ליכער קראַפט דריקט זיך אויס ביי איהר די דאָזיגע געפיהלען. איהר זייט זעהר אַ ליעבער מענש — האָט גאַנין גערעדט ווייטער — אָבער פאַרוואָס זי האָט זיך אין אייך פערליעבט, דאָס, דעם אמת געזאָגט, קען איך ניט פערשטעהן. זי זאָגט, אַז פון דעם ערשטען בליק האָט זי זיך צוגעבונדען צו אייך. דערפאַר האָט זי אויך געוויינט מיט עטליכע טעג צוריק, בעת זי האָט מיר ערקלעהרט, אַז אויסער מיך וויל זי קיי־נעם מעהר ניט ליעבען. זי דענקט, אַז איהר פעראַכטעט זי, אַז איהר ווייסט מסתמא, ווער זי איז. זי האָט ביי מיר געפרעגט, אויב איך

האָב איך ניט דערצעהלט איהר געשיכטע, פערשטעהט זיך, אז איך האָב געזאָגט, אז ניט; אָבער איהר פעהיגקייט צו שפּירען איז פּשוט צו בעוואונדערען. זי וויל בלויז איינס: אוועקפאָהרען, גלייך אוועקפאָהרען. איך בין אָפּגעזעסען נעבען איהר ביז אין דער פריה און האָב איהר געמוזט פערשפּרעכען, אז מאָרגען וועלען מיר שוין דאָ ניט זיין. דאָן ערשט איז זי אנשלאָפען געוואָרען. איך האָב זיך מיישב געווען, מיישב געווען און בעשלאָסען, צו ריידען מיט אייך. נאָך מיין מיינונג איז אסיאַ גערעכט: דאָס בעסטע איז אוועקצופאָהרען פון דאַנען. און איך וואָלט נאָך היינט מיט איהר אוועק, ווען א געוויסער געדאַנק וואָלט פּלוצים מיר אויפ'ן זינען ניט ארויף... אפשר, ווער ווייסט?... געפעלט אייך מיין שוועסטער? אויב אזוי, וועט ניט זיין קיין אורזאך אוועקצופאָהרען פון דאַנען. איך האָב בעשלאָסען, אָפּלייגענדיג די שאַנד אָן א זייט, צו פרעגען ביי אייך... אגב האָב איך אליין עפּעס בע־מערקט — דער אָרימער גאַגין איז צומישט געוואָרען — ענטשולדיגט, איך בעט אייך — האָט ער צוגעלייגט — איך בין ניט געוועהנט צו אזוינע געשפּרעכען.

איך האָב איהם אָנגענומען פאַר א האַנד.

— איהר ווילט וויסען — האָב איך ארויסגערעדט מיט א פעסטען קול — אויב אייער שוועסטער געפעלט מיר? יאָ, זי געפעלט מיר...

גאַגין האָט א קוק געטהאָן אויף מיר.

— אָבער — האָט ער ארויסגעשטאַמעלט — איהר וועט דאָך מיט איהר ניט חתונה האָבען?

— ווי אזוי קאָנט איהר פערלאַנגען, איך זאָל אייך ענטפערען אויף אזאַ פראַגע? בעדענקט נור אליין, קאָן איך איצט...

— איך וויים, איך וויים — האָט מיך אונטערבראָכען גאַגין — איך האָב קיין רעכט ניט צו פערלאַנגען פון אייך אָן ענטפער און מיין פראַגע אליין איז אויך זעהר ניט אנשטענדיג. אָבער וואָס זאָל איך טהאָן? מיט פייער טאָר מען זיך ניט שפּיעלען. איהר קענט ניט אסיאַ'ן. זי איז אימשטאַנד קראַנק צו ווערען, אנטלויפען, רופען אייך אויף ראַנדע־וויאוס... אַנאַנדערע וואָלט געקאָנט פערבאָרגען, אויס־וואַרטען, אָבער ניט זי. און דאָס הויפּט אונגליק איז, וואָס זי איז פער־ליעבט דאָס ערשטע מאָל! ווען איהר וואָלט געזעהן, ווי זי האָט היינט

געיאָמערט ביי מיינע פיס, דאן ערשט וואָלט איהר פערשטאַנען, וואָ־רום איך שרעק זיך אזוי.

איך האב זיך פערטראַכט. גאַגין'ס ווערטער „רופען אייך אויף ראַנדע־וויאוס" האבען מיך א שטאָך געטהאָן. עס האט זיך מיר אויס־געוויזען שענדליך ניט צו זיין מיט איהם אזוי אָפענהערציג ווי ער מיט מיר.

— יאָ, — האב איך צום סוף ארויסגערעדט — איהר זייט גע־רעכט. מיט א שטונדע צוריק האב איך ערהאַלטען פון אייער שוועסטער א צעטעלע. אָט לעזט.

גאַגין האט גענומען דאס צעטעלע, שנעל איהם איבערגעקוקט און האט ארונטערגעלאָזט די הענד אויף די קניע. זיין פּנים האט אויסגע־דריקט א קאָמישע איבערראַשונג, אבער מיר איז ניט געווען צום לאַכען.

— איהר זייט אַן עהרענהאַפטער מענש — האט ער געזאָגט — אבער וואס טהוט מען איצט? ווי? אליין וויל זי אוועקפאָהרען און שרייבט צו אייך, און מאַכט זיך פאָרווירפע, וואס זי איז געווען אונ־פאָרזיכטיג... און ווען האט זי געהאַט צייט אָנצושרייבען? וואס וויל זי פון אייך?

איך האב איהם בערוהיגט און מיר האבען אָנגעהויבען קאַלט־בלוטיג צו בעשפּרעכען, ווי אזוי מיר זאָלען האַנדלען.

צום סוף איז ביי אונז געבליעבען: אום צו פערמיידען אַן אונ־גליק, דאַרף איך געהן צו איהר אויף'ן ראַנדע־וואו און האבען מיט איהר אַן אָפענע, עהרליכע ערקלערונג; גאַגין אליין האט זיך פערפּפליכטעט צו בלייבען אין דער היים און מאַכען זיך ניט וויסענדיג וועגען איהר צעטעלע; פאַרנאַכט זאָלען מיר זיך ווידער טרעפען.

— איך פערלאָז זיך אין גאַנצען אויף אייך — האט גאַגין גע־זאָגט, דריקענדיג מיר פעסט די הענד — שאַנעוועט אי זי, אי מיך. און מאָרגען פאָהרען מיר פאָרט אוועק, ווארום איהר וועט דאָך ניט חתונה האבען מיט אסיא'ן — האט ער געזאָגט, אויפהויבענדיג זיך פון'ם אָרט.

— גיט מיר צייט ביז פאַרנאַכט — האב איך געענטפערט.

— גוט, אבער איהר וועט געוויס מיט איהר ניט חתונה האבען.

ער איז אוועק. איך האב זיך א וואָרף געטהאָן אויף דער זאָפע

און צוגעמאַכט די אויגען. דער קאָפּ האָט זיך ביי מיר געדרעהט פון צו פיעל איינדריקע. עס האָט מיך פערדראָסען גאַגין'ס אָפּענהערציג־קייט, עס האָט מיך פערדראָסען אויף אַסיאַ'ן, איהר ליעבע האָט מיך אַי געפרעהט, אַי צומישט. איך האָב ניט געקענט פערשטעהן, וואָס האָט זי געצוואונגען צו דערצעהלען אַלעס איהר ברודער; דער געדאַנק, אַז איך וועל באַלד מוזען געבען אַן ענטשיעדענעם ענטפער, האָט מיך געמוטשעט...

— חתונה האָבען מיט אַ זיעבענצעהן יאָהריג מיידעלע, וואָס האָט אַזאַ כאַראַקטער, ווי קאָן מען עס? — האָב איך זיך אַליין געזאָגט, אויפהויבענדיג זיך.

15.

אין דער בעשטימטער צייט בין איך אַריבערגעפאָהרען דעם רהיין, און די ערשטע פּערזאָן, וואָס איך האָב דערזעהן אויף דער אַנדער זייט טייך, איז געווען יענער אינגעלע, וואָס האָט מיר אין דער פריה געבראַכט דאָס צעטעלע. הפּנים, ער האָט געוואַרט אויף מיר.

— פון פריילען אַננעטע — האָט ער אַרויסגעשעפּטצעט און מיר דערלאַנגט אַ נייע צעטעלע.

אַסיאַ האָט מיר געלאָזט וויסען, אַז זי האָט בעשטעלט אַנאַנדער פּלאַץ פאַר אונזער ראַנדע־וויאו. אין אָנדערטהאַלבען שעה אַרום דאַרף איך קומען ניט צו דער קירכע ביי די „רואינען," נור צו פרוי לואיזע'ן אין הויז, אָנקלאַפּען אונטען און אַרויפגעהן אויפ'ן דריטען שטאָק.

— ווידער: יאָ? — האָט דאָס אינגעלע געפרעגט.

— יאָ — האָב איך געענטפערט, און בין אוועק איבער'ן ברעג פון דעם רהיין.

צוריקקעהרען זיך אַהיים איז קיין צייט נישט געווען און אַרומ־שלעפּען זיך איבער די גאַסען האָב איך אויך ניט געוואָלט. הינטער דער שטאָדטישער וואַנד האָט זיך געפונען אַ קליינער גאָרטען, וואו מען

האט געשפיעלט קעגעל און וואו מען האט ביער פערקויפט. איך בין אריין אין גארטען.

עטליכע עלטערע דייטשען האבען געשפיעלט אין קעגעל; מיט א הילכען האבען זיך געקייקעלט די הילצערנע באלס.

א שעהנע קעלנערין מיט פערוויינטע אויגען האט מיר צוגע־טראגען א קריגעל ביער; איך האב א קוק געטהאן איהר אין פנים. זי האט זיך שנעל אפגעקעהרט און איז אפגעטראטען.

— יא, יא — האט ארויסגערעדט א דיקער דייטש מיט רויטע באקען, וועלכער איז געזעסען ביי א דערבייאיגען טישעל — אונזער האנכען איז היינט זעהר טרויעריג. איהר חתן איז אוועק דיענען אין סאלדאטען.

איך האב א קוק געטהאן אויף איהר; זי איז געשטאנען פער־רוקט אין א ווינקעלע, אונטערגעשפארט א באק; איבער איהרע פינ־גער האבען געקאפעט טרערען איינע נאך דער אנדערער.

עמיצער האט פערלאנגט ביער; זי האט יענעם געבראכט א קריגעל און זיך ווידער אוועקגעשטעלט אויף איהר פריהערדיגען ארט, אין ווינקעל.

איהר אונגליק האט אויך געווירקט אויף מיר; איך האב אנ־געהויבען צו טראכטען וועגען מיין באלדיגען צוזאמענקונפט מיט אסיא'ן, און מיינע געדאנקען זיינען ווייט ניט געווען קיין פרעהליכע.

ניט מיט א לייכטען הארצען בין איך צו איהר געגאנגען; ניט פרייד און גליק האט מיר פערשפראכען דער דאזיגער צוזאמענקונפט; א שווערען חוב האב איך געהאט צו ערפילען. „מיט פייער טאר מען זיך ניט שפיעלען" — די דאזיגע ווערטער גאגין'ס האבען זיך, ווי פיילען, אין מיין הארצען ארייגעזעצט. און דאך — ערשט מיט פיער טעג צוריק האב איך דען ניט אין דעם זעלבען שיפעל, פון די כוואליעס געטראגען, זיך געמארטערט פאר בענקעניש, פאר דורשט נאך ליעבע, נאך גליק? און איצט, ווען דאס גליק איז א מעגליכקייט געווארען, האב איך זיך געקווענקעלט, האב איך זיך געוואלט ארויסדרעהען פון איהם, האב איהם געמוזט אפשטויסען פון זיך...

עס איז געקומען אזוי אונערווארטעט פאר מיר. אסיא אליין, מיט איהר פייערדיגען קאפ, מיט איהר פערגאנגענהייט, מיט איהר

ערציהונג, — דאס דאָזיגע רייצענד, אבער מערקווירדיג וועזען, בין איך זיך מודה, האט מיך געשראָקען. א לאנגע צייט איז אין מיין נשמה פאָרגעקומען א שטרייט צווישען געפיהלען, און צום סוף, ווען עס איז געקומען די צייט צו געהן צו איהר, האב איך געהאט ביי זיך פעסט בע־שלאָסען:

— איך קען ניט חתונה האבען מיט איהר, זי וועט ניט וויסען, אז איך האב זי אויך געליעבט.

איך האב זיך אויפגעהויבען און, דערלאנגט א טאָלער דער אָרע־מער האנכען (זי האט אפילו ניט בעדאנקט), בין איך אוועק צו פרוי לואיזע'ס הויז.

די פארנאכטיגע שאָטענס האבען שוין געשוועבט אין דער לופ־טען און א שמאָלער פאס פון'ם הימעל איבער דער דונקעלער גאס האט געפלאַקערט אין דעם אָפשיין פון דעם אבענד־שטערן.

איך האב שטיל אָנגעקלאַפּט אין דער טהיר; זי האט זיך באלד געעפענט. איך האָב אַריבערגעטראָטען דעם שוועל און בין אריין אין א פינסטערען קאָרידאָר.

— אהער! — האט זיך דערהערט אן אַלטינקע שטימע — מען ווארט אויף אייך.

איך האב א פּאָאר טראָט געטהאָן, טאפּענדיג ארום זיך; עמי־צענס אביינערדיגע האנד האט אָנגענומען מיינע.

— איהר זייט עס, פרוי לואיזע? — האב איך געפרעגט.

— איך — האט מיר געענטפערט די זעלביגע שטימע — איך, מיין שעהנער יונגערמאַן.

די אַלטע האט מיך אוועקגעפיהרט אויבען, איבער משופּה'דיגע טרעפּ און האט זיך אָפּגעשטעלט אין קאָרידאָר אויפ'ן דריטען שטאָק. פאר דעם שוואַכען שיין, וואס איז געפאַלען פון א קליין פענסטערל, האָב איך דערזעהן דעם צוקנייטשטען פּנים פון פרוי לואיזע. א זיס־ביטרער שמייכעל האט צוציינען איהרע איינגעפאַלענע ליפּען, האט זיך געקאָרטשעט אין איהרע אויסגעלאָשענע אויגען.

זי האט מיר אָנגעוויזען אויף א קליינע טהיר. מיט א ציטערענ־דיגער האנד האב איך זי געעפענט און פערקלאַפּט הינטער זיך.

.16

אין דעם קליינעם צימערל, וואוהין איך בין אריין, איז געוועזן גאנץ פינסטער און עס האט גענומען א פּאָר סעקונדען, ביז איך האב אָסיאַ'ן דערזעהן.

זי איז געזעסען אויף א שטול, איינגעוויקעלט אין א לאַנגען טוך, נעבען פענסטער, אָפּגעקעהרט, כמעט בעהאַלטען דעם קאָפּ, ווי א צושראָקענע פייגעלע. זי האט שנעל געאָטהעמט און האט אין גאנצען געציטערט.

איך האב שטאַרק רחמנות געקראָגען אויף איהר. איך בין צו־געגאַנגען צו איהר. זי האט נאָך מעהר אָבגעקעהרט דעם קאָפּ...

— אננאַ ניקאָליאַוונאַ — האב איך געזאָגט.

זי האט זיך פּלוצים אויסגעגלייכט, געוואָלט א קוק טהאָן אויף מיר און ניט געקענט. איך האב א כאַפּ געטהאָן איהר האַנד, זי איז געוועזן קאַלט און איז געלעגען ווי א טויטע אויף מיין לאַדאָן.

— איך האב געוואָלט... — האט אָנגעהויבען אָסיאַ, סטאַ־רענדיג זיך צו שמייכלען, אבער איהרע בלייכע ליפּען האבען זי ניט געפאָלגט — איך האב געוואָלט.... ניין, איך קען ניט — האט זי ארויסגערעדט און איז אנשווייגען געוואָרען.

אין אמת'ן האט זיך איהר קול איבערגעריסען אויף יעדען וואָרט.

איך האב זיך געזעצט נעבען איהר.

— אננאַ ניקאָלאַיעוונאַ — האב איך איבערגע'חזר'ט, און אויך ניט געקענט ווייטער רעדען.

אזוי זיינען מיר געזעסען און געשוויגען. איך האב געהאַלטען איהר האַנד און געקוקט אויף איהר. זי האט, ווי פריהער, זיך אין גאַנצען געקאָרטשעט, געאָטהעמט מיט מיה און שטיל געביסען איהר אונטערשטע ליפּ, אום זיך ניט צואווייגען, אום איינצוהאַלטען די טרערען, וואס האבען זיך געריסען ארויס...

איך האב געקוקט אויף איהר: עפּעס א רחמנות'דיגע אונבעהאָל־פענקייט איז געלעגען אין איהר שווייגען, אין איהר אונבעוועגליכקייט, אזוי ווי זי וואָלט זיך א מיעדע קוים צום שטול דערשלעפּט און זיך אויף איהם אזוי אָהן כוחות ארונטערגעלאָזט.

דאס הארץ אין מיר איז שיעור ניט צוריסען געוואָרען פאר רחמנות.

— אסיא — האב איך ארויסגעמורמעלט...

זי האט לאנגזאם אויפגעהויבען די אויגען אויף מיר...

אָה, דו בליק פון א פערליעבטע ווייב, ווער קאָן דיך בעשרייבען?... זיי האבען געבעטען די דאָזיגע אויגען, געבעטען, פערטרויט זיך, פרא־גען געשטעלט און זיך אָפּגעגעבען... איך האב ניט געקענט ביישטעהן זייער כישוף. א שארף פייערל האב איך אויף זיך געפיהלט, וואס האט מיך געבריעט און געצונדען. איך האב זיך איינגעבויגט און צוגעפאלען צו איהר האנד...

עס האט זיך דערהערט א צאפּעלדיגער קלאנג, וואס איז עהנליך געוועזען צו אן איבערגעהאקטען זיפץ, און איך האב דערפיהלט אויף מיינע האָאָר די בעריהרונג פון א שוואכער האנד, וואס האט זיך גע־טרויסעלט, ווי א בלאט.

איך האב אויפגעהויבען דעם קאָפּ און איהר פּנים דערזעהן. ווי ער האט זיך מיט אמאָל געענדערט! דער אויסדרוק פון שרעק איז שוין מעהר אויף איהם ניט געווען, דער בליק האט געוואנדערט ערגעץ העט וויים און מיך הינגעריסען נאָך זיך, די ליפּען האבען זיך עטוואס פונ־אנאנדערגעעפענט, דער שטערן איז בלייך געוואָרען, ווי מארמאָר, און די לאָקען האבען זיך פּעררוקט אהינטער, אזוי ווי א ווינד וואָלט זיי אהין פּערשליידערט. איך האב פערגעסען אן אלעם אויף דער וועלט און זי צוגעצויגען צו זיך. אונטערטהעניג האט זיך איהר האנד אונ־טערגעגעבען און נאָך דער האנד איהר גאנצער קערפּער. דאס טוך האט זיך ארונטערגעגלימשט פון איהרע אקסלען און איהר קאָפּ האט זיך זאכט אויף מיין ברוסט ארונטערגעלאָזט, ארונטערגעלאָזט און גע־רוהט דאָרט אונטער מיינע פערברענטע ליפּען....

— אייערע... —האט זי ארויסגעהויכט, קוים וואס מען האט געקאָנט הערען.

מיינע הענד האבען שוין געהאט זיך געצאפּעלט ארום איהר טא־ליע... נור פלוצים האט, ווי א בליץ, אויפגעפלאקערט אין מיין מוח די עראינערונג וועגען גאגין'ען...

— וואס טהוען מיר? — האב איך אויסגעשריען און מיט שרעק

זיך א כאַפּ געטהאָן צוריק — אייער ברודער... ער ווייס דאָך אַלעס... ער ווייס, אז איך בין אוועק זיך זעהן מיט אייך.

אַסיאַ האט זיך ארונטערגעלאָזט אויף א שטול.

— יאָ — האב איך גערעדט ווייטער,אויפהויבענדיג זיך און אָבטרעטענדיג אויף די צווייטע זייט פון'ם צימער — אייער ברודער ווייס אַלעס... איך האב געמוזט איהם אַלעס דערצעהלען...

— איהר האט געמוזט? — האט זי שטיל ארויסגעמורמעלט. זי האט, קאָנטיג, נאָך אַלץ ניט געקענט קומען צו זיך און מיך שלעכט פערשטאַנען.

— יאָ, יאָ — האב איך גערעדט מיט עפּעס א צורייצטקייט — און שולדיג אין דעם זייט איהר אַליין. ווארום האט איהר ארויסגעגע־בען אייער סוד? ווער האט אייך גענויט צו דערצעהלען אייער ברו־דער? ער איז היינט געווען ביי מיר און האט מיר דערצעהלט אייער גאַנצען געשפּרעך מיט איהם. איצט איז אַלעס פערפאַלען, אַלעס!

איך האב זיך געסטאַרעט נישט צו קוקען אויף אַסיאַ'ן, און גע־שפּרייזט איבער'ן צימער מיט גרויסע טריט.

אַסיאַ האט זיך געהאַט אויפגעהויבען פון דעם שטול.

— בלייבט — האב איך אויסגעשריען — בלייבט, איך בעט אייך. האט ניט קיין פורכט, איהר האט צו טהאָן מיט אַן עהרליכען מענשען, יאָ, מיט אַן עהרליכען. אבער, אום גאָטעס ווילען, וואס האט אייך אזוי אויפגערעגט? האט איהר דען בעמערקט אין מיר א וועלכע ניט איז ענדערונג? איך האב ניט געקענט עס פארבאָרגען פון אייער ברודער, ווען ער איז היינט ביי מיר געווען, איך האב ניט געקענט.

— וואס רייד איך היינט? — האב איך פאר זיך געטראכט, און דער געדאַנק, אז איך בין אַן אונאַנשטענדיגער בעטריגער, אז גאַנץ ווייסט וועגען אונזער צוזאַמענקונפט, אז די גאַנצע געשיכטע איז איצט קיין סוד, האט געעגבערט מיין מוח.

— איך האב דעם ברודער ניט גערופען — האט זיך דערהערט א צושראָקענער געמורמעל פון אַסיאַ'ן — ער איז אַליין געקומען.

— זעהט אַליין, וואס איהר האט אָנגעמאַכט — האב איך גע־רעדט ווייטער — און איצט ווילט איהר אוועקפאָהרען...

— יאָ, איך מוז פאָהרען — האט זי אזוי שטיל ווי פריהער

ארויסגערעדט — און דערפאר נור האב איך אייך געבעטען צו קומען, אום צו זעגענען זיך מיט אייך.

—און איהר מיינט — האב איך זיך אָנגערופען — אז מיר וועט זיין גרינג צושיידען זיך מיט אייך?

— ווארום האט איהר דערצעהלט מיין ברודער? — האט אסיא געפרעגט.

— איך זאָג דאָך אייך, איך האב אַנדערש ניט געקענט האנדלען. ווען איהר וואָלט איהם אפריהער גיט דערצעהלט...

— איך האב זיך פערשלאָסען אין מיין צימער — האט זי אייג־פאַך געענטפערט — איך האב ניט געוואוסט, אז מיין ווירטהין האט א צווייטען שליסעל...

דער דאָזיגער אונשולדיגער תירוץ, ארויסגערעדט פון איהר מויל אין יענער מינוט, האט מיך כמעט בייז געמאכט... און היינט קען איך זיך אָן איהם ניט דערמאָנען אָהן התפעלות. אָרעם, עהרליך, אויפ־ריכטיג קינד!

— און איצט איז אלעס געענדיגט! — האב איך ווידער אָנגע־הויבען — אלעס. איצט מוזען מיר זיך צושיידען.

איך האב פער׳גנב׳עט א קוק געטהאָן אויף איהר... איהר פנים האט אויפגעפלאַמט. איך האב געפיהלט, אז זי שעהמט זיך און איהר איז מורא׳דיג.

איך אליין בין אויף ארומגעלאָפען איבער׳ן צימער און גערעדט ווי פון הימץ.

— איהר אליין האט דערשטיקט דעם געפיהל, וואס האט גענומען רייף ווערען אין מיין הארצען, איהר אליין האט צוריסען דעם באַנד צווישען אונז, איהר האט קיין פערטרויען צו מיר ניט געהאַט, איהר האט געצווייפעלט אין מיר...

און אזוי לאַנג ווי איך האב גערעדט, האט זיך אסיא אלץ מעהר און מעהר אויסגעבויגט אין פאָראויס — און פלוצים איז זי געפאלען אויף די קניע, האט דעם קאָפּ ארונטערגעלאָזט אויף די הענד און זיך צויאָמערט.

איך האב זיך א וואָרף געטהאָן צו איהר, געוואָלט זי אויפהייבען, זי האט זיך אבער ניט געלאָזט. איך קען ניט אויסהאלטען קיין וויי־

בערשע טרערען, דערזעה איך, אז א פרוי וויינט, ווער איך אוים מענש.

— אננא ניקאלאיעוונא, אסיא — האב איך גערעדט — זעהט, איך בעט אייך, אום גאטעס ווילען, הערט אויף...

איך האב זי ווידער אנגענומען פאר א האנד...

אבער ווי איבערראשט איך בין געווארען, ווען זי איז פלוצים אויפגעשפרונגען און האט זיך שנעל ווי א בליץ א ווארף געטהאן צו דער טהיר און איז פערשוואונדען...

אין עטליכע מינוט שפעטער, בעת פרוי לואיזע איז אריין אין צימער, בין איך נאך אלץ געשטאנען דארט צוטומעלט, ווי פון א דונער דערשלאגען. איך האב ניט פערשטאנען, ווי אזוי האט געקאנט דער דאזיגער צוזאמענקונפט אונזערער זיך ענדיגען אזוי שנעל און אזוי נאריש — ענדיגען נאך איידער איך האב ארויסגעזאגט א הונדערטען טהייל פון דעם, וואס איך האב געוואלט, וואס איך האב גע־דארפט זאגען...

— די פריילען איז אוועק? — האט מיך געפרעגט פרוי לואיזע, אויפהייבענדיג הויך איהרע געלע ברעמען.

איך האב א קוק געטהאן אויף איהר ווי א גולם און בין ארוים.

---

## 17.

איך בין אוועק הינטער שטאדט גלייך אויפ'ן פעלד. א פערדרוס, א משוגענער פערדרוס האט מיך געטומעלט, געגעסען... איך האב זיך בשום אופן ניט געקענט מוחל זיין, ווי אזוי האב איך ניט פערשטאנען די אורזאך, צוליעב וועלכער זי האט אומגעביטען דעם פלאץ פאר אונזער צוזאמענקונפט, ווי אזוי האב איך ניט א טראכט געטהאן, אז זי האט מסתמא געגוג שווער מיט זיך געקעמפפט, ביז זי האט ביי זיך גע'פועל'ט, צו געהן צו דער דאזיגער אלטער... ווי אזוי האב איך זי ניט פערהאלטען! גאנץ אליין מיט איהר, אויג אויף אויג, אין יע־נעם אפגעזונדערטען, קוים בעלויכטעטען צימער, האב איך מוטה

געהאט, האָב איך האַרץ געהאט, אָפּצושטויסען זי פון זיך, זאָ־
גאַר פאָרווירפע איהר מאַכען... און איצט האט איהר געשטאַלט
מיך פערפאָלגט, און איך האָב ביי איהר אום פערצייהונג געבעטען;
איהר בלייכער פנים האט זיך פאַר מיר געטראָגען, איהרע שעהמעוו־
דיגע אויגען, די צושאָטענע האָאַר אויף דער אויסגעבויגטער האַלז;
איך האָב נאָך געפיהלט די לייכטע בעריהרונג פון איהר קאָפּ צו מיין
ברוסט... „אייערע..." — האט געקלונגען אין מיינע אויערען
איהר געמורמעל — „אייערע!" — האט מיך געברענט און געצונדען.

— איך האָב געהאַנדעלט געוויסענהאַפט — האָב איך זיך איינ־
גערעדט... — ניט אמת! האָב איך דען געוואָלט אזא ענד? קאָן
איך דען זיך מיט איהר צושיידען? קאָן איך דען זי פערלירען?
"משוגענער! משוגענער!" — האָב איך גערעדט צורייצט...

דערווייַלע איז די נאַכט צוגעפאַלען. איך בין מיט שנעלע טריט
אוועק צום הויז, וואו אסיא האט געוואוינט.

---

.18

גאגין איז ארויסגעלאָפען מיר אנטקעגען.

— האט איהר געזעהן די שוועסטער? — האט ער געפרעגט.

— איז זי דען ניט אין דער היים?

— ניין.

— האט זי זיך נאָך ניט צוריקגעקעהרט?

— ניין. איך בין געוועזן נעבען קירכע — האט גאגין גערעדט
ווייטער — איהר מוזט מיר ענטשולדיגען, איך האָב קיין געדולד ניט
געהאַט צו ווארטען... קורץ: איך בין אוועק צו דער קירכע, זי איז
אבער דאָרט ניט געוועזן. הייסט עס, זי איז ניט געקומען?

— זי איז ניט געוועזן ביי דער קירכע.

— האט איהר זי גאָר ניט געזעהן?

איך האָב זיך געמוזט מודה זיין, אז איך האָב זי יאָ געזעהן.

— וואו?

ביי פרוי לואיזע. מיט א שטונדע צוריק האב איך זיך מיט איהר צושיידט — האב איך צוגעלייגט — איך האב געמיינט, אז זי איז אוועק אהיים.

— לאָמיר ווארטען — האט גאַנץ געזאָגט.

מיר זיינען אריין אין הויז און האבען זיך געזעצט איינער נעבען אַנדערן. מיר האבען געשוויגען. מירביידע האבען זיך געפיהלט ניט אנגענעהם. מיר האבען זיך נאָכאַנאַנד אומגעקוקט אויף דער טהיר, צוגעהערט זיך. צום סוף האט זיך גאַנץ אויפגעהויבען.

— דער טייפעל ווייסט וואס דאס איז! — האט ער אויסגעשריען — איך בין אונרוהיג. ביי גאָט, זי וועט מיך משוגע מאַכען... קומט, מיר וועלען זי א זוך טהאָן.

מיר זיינען ארויס. אין דרויסען איז שוין געווען גוט פינסטער.

— ווענען וואס האט איהר גערעדט מיט איהר? — האט גאַנץ געפרעגט, ארונטעררוקענדיג די הוט אויף די אויגען.

— איך האב אין גאַנצען זי געזעהן א מינוט פינף — האב איך געענטפערט — איך האב איהר געזאָגט דאס, וואס איך האב געדארפט, לויט אונזער אָפּמאַך.

— ווייסט איהר וואס? — האט ער זיך אָנגערופען — בעסער זאָלען מיר זיך צושיידען און זי זוכען בעזונדער. אויף אַזא אופן וועלען מיר זי גיכער געפינען. אלענפאַלס זייט דאָ אין א שטונדע ארום.

---

19.

איך בין אוועק אין שטאָדט זי זוכען. א פערסאַפּעטער בין איך געלאָפען איבער אלע גאַסען, האב זי אויסגעקוקט אומעדום, אפילו אין דעם פענסטער פון פרוי לואיזע, האב זיך צוריקגעקעהרט צום רהיין און געזוכט זי ארום ברעג...

צייטענווייז האב איך אָנגעטראָפען פרויען, אבער ניט אסיא'ן. איצט האט מיך שוין געמוטשעט ניט בלויז א פערדרוס, נור א געהיימע מורא, און ניט בלויז מורא אליין... יאָ, עס האבען מיך געמוטשעט חרטה, פערדרוס און די ליעבע, יאָ, די צערטליכסטע ליעבע. איך האב געבראָכען די הענד, גערופען אסיא'ן אין מיטען פון דעם

ביינאַכטיגען חושך, אפריהער שטיל, דערנאָך אַלץ העכער און העכער; הונדערטע מאָל האב איך אַלץ איבערגע'חזר'ט, אז איך ליעב זי; האב זיך געשוואָרען, אז איך וועל זיך קיינמאָל מיט איהר ניט צושיידען; איך וואָלט אַלעם אָבגעגעבען, אום צו קענען ווידער האַלטען איהר קאַלטע האנד, ווידער הערען איהר שטילען קול, ווידער זעהן זי נעבען זיך... זי איז געוועזן אזוי נאָהענט... זי איז געוועזן אזוי נאָהענט, זי איז געקומען צו מיר אין גאַנצען ענטשלאָסען אָפּצוגעבען מיר די אונשולד פון איהר הארצען, פון איהרע געפיהלען; זי האט געבראַכט מיר איהר ריינע, אונבעריהרטע יוגענד... און איך האב זי ניט צוגעדריקט צו מיין ברוסט, איך האב זיך אליין צושטערט דאס גליק צו זעהן, ווי איהר רייצענד פּנים'ל וואָלט זיך צובליהט מיט דער פרייד און רוהיגקייט פון בעגייסטערונג...

דער דאָזיגער געדאַנק האט מיך משוגע געמאַכט.

— וואוהין האט זי געקענט אוועקגעהן, וואס איז מיט איהר געשעהן? — האב איך אויסגעשריען פערצווייפעלט...

עפּעס ווייסעס האט פּלוצים א מיניע געטהאָן פאר די אויגען. דאס איז געוועזן אויפ'ן ברעג טייך. איך האב געקאָנט יענעם אָרט; דאָרט, איבער א קבר פון א מענשען, וואס איז דערטרונקען געוואָרען מיט א יאָהר זיעבציג צוריק, איז געשטאַנען א האַלב איינגעזונקענע שטיינערנע מצבה מיט אויסגעקריצטע בוכשטאַבען. דאס הארץ איז אין מיר פערשטאָרבען... איך בין צוגעלאָפען צו דער מצבה — די ווייסע געשטאַלט איז פערשוואונדען. איך האב א געשריי געטהאָן „אסיאַ!" דער ווילדער קול האט מיך אליין איבערגעשראָקען, אבער קיינער האט זיך ניט אָפּגערופען...

איך האב בעשלאָסען צו געהן צו גאַגין'ען, זעהן, אפשר האט ער זי געפונען.

---

20.

געהענדיג דורך דעם ווייננאָרטען, האב איך פון וויטען דערזעהן ליכט אין אסיאַ'ס צימער... דאס האט מיך עטוואס בערוהיגט.

איך בין צוגעגאַנגען צום הויז; די טהיר אונטען איז געוועזן צו־

נעשלאָסען; איך האב אָנגעקלאפּט. דאס ניט בעלייכטעטע פענסטער פון אונטערשטען שטאָק האט זיך פאַרזיכטיג געעפענט און עס האט זיך בעוויזען גאגין'ס קאָפּ.

— געפונען? — האב איך געפרעגט.

— זי האט זיך צוריקגעקעהרט — האט ער געענטפערט שטיל — זי איז ביי זיך אין צימער, טהוט זיך פונאנאנדער. אלעס איז אין אָרדנונג.

— נו, געלויבט איז גאָט! — האב איך אויסגעשריען מיט פרעה־ליכער התפּעלות — געלויבט איז גאָט! איצט איז אלעס גוט. איהר ווייסט אבער, מיר דארפען נאָך וועגען עפּעס ריידען.

— אַנאַנדערס מאָל — האט ער געענטפערט און שטיל א ציה געטהאָן צו זיך די לאָדען — אַנאַנדערס מאָל. גוט נאכט.

— ביז מאָרגען — האב איך ארויסגערעדט — מאָרגען וועט אלעס זיין בעשלאָסען.

— גוט נאכט — האט גאגין ווידער געזאָגט. דאס פענסטער האט זיך פערמאכט.

איך האב שיעור ניט אָנגעקלאפּט אין פענסטער. איך האב דאַן געוואָלט זאָגען גאגין'ען, אז איך בעט ביי איהם זיין שוועסטער פאר א ווייב. אבער עס איז געוועזן צו שפּעט פאר אזא ענין...

— ביז מאָרגען — האב איך א טראכט געטהאָן — מאָרגען וועל איך זיין גליקלאך...

מאָרגען וועל איך זיין גליקלאך! ביים גליק איז קיין מאָרגען ניטאָ; ביי איהם איז ניטאָ קיין נעכטען אויך; עס געדענקט ניט קיין פריהער און עס טראכט ניט וועגען שפּעטער; עס ווייסט נור פון דעם איצט, און אויך ניט פון דעם איצטיגען טאָג, נור פון דעם איצטיגען מאָמענט.

איך געדענק ניט ווי איך בין געקומען צו זיך אהיים. ניט די פיס האבען מיך געטראָגען, ניט דאס שיפעל האט מיך געפיהרט; מיך האַ־בען געטראָגען עפּעס ברייטע, מעכטיגע פליגלען.

איך בין פערביי א בוש, וואו א נאכטיגאל האט געזונגען, איך האב זיך אָפּגעשטעלט און זיך לאנג צוגעהערט; מיר האט זיך גע־דאכט, אז מיין ליעבע און מיין גליק האט זי בעזונגען.

---

## 21.

אויף מאָרגען אין דער פריה, בעת איך בין צוגעגאַנגען צו דעם גוט בעקאַנטען הויז, בין איך געבליעבען שטעהן שטאַרק פערוואונ־דערט. אלע פענסטער פון'ם הויז זיינען געשטאַנען אָפען, די טהיר איז אויך געווען אָפען; אויפ'ן שוועל האבען זיך געוואַלגערט עפּעס פּאַפּירלאַך. אין טהיר האט זיך בעוויזען א דיענסט מיט א בעזים.

איך בין צוגעגאַנגען צו איהר.

— אוועקגעפאָהרען! — האט זי ארויסגעשאָסען, איידער איך האב נאָך צייט געהאַט צו פרעגען: אויב גאַגין איז אין דער היים.

— אוועקגעפאָהרען? — האב איך ארויסגעמורמעלט — וואס הייסט אוועקגעפהרען? וואוהין?...

— היינט אין דער פריה, א זייגער זעקס. זיי האבען ניט געזאָגט, וואוהין זיי פאָהרען. וואַרט, איהר זייט, דאַכט זיך, הערר נ?

— יאָ, איך בין הערר נ.

פאר אייך איז דאָ א בריעף ביי דער בעל הבית'טע.

די דיענסט איז אוועק אויבען און האט זיך צוריקגעקעהרט מיט'ן בריעף.

— נאַט אייך.

— וואס איז עס? עס קאָן דאָך ניט זיין — האב איך געהאַט אָנ־געהויבען. די דיענסט האט תּמ'עוואַטע א קוק געטהאָן אויף מיר און גענומען קעהרען.

איך האב געעפענט דעם בריעף. גאַגין האט איהם געשריעבען, פון אסיאַ'ן איז ניט געווען קיין איין וואָרט. אין דעם בריעף האט גאַגין מיך געבעטען, איך זאָל ניט זיין בייז אויף איהם, ווארום ער איז אזוי פּלוצים אפּגעפאָהרען. ער איז זיכער, אז ווען איך וועל האבען גוט איבערגעלייגט זיך, וועל איך אליין איינזעהן, אז ער האָט געמוזט אזוי האַנדלען. קיין אנדער אויסוועג איז ניט געווען פון אזא שווערער און געפעהרליכער לאַגע. „נעכטען ביינאַכט" — האט ער געשריעבען — „בעת מירביידע האבען גערוואַרט אויף אסיאַ'ן, איז מיר קלאָר געוואָרען, אז מיר מוזען זיך צושיידען. עס גיבען פאָראורטהיילע, וואס איך רעספּעקטיר; איך פערשטעה גאַנץ גוט, אז איהר קענט ניט

חתונה האבען מיט אסיא׳ן. זי האט מיר אלעם דערצעהלט און איך האב געמוזט איהר נאכגעבען און אפפאהרען מיט איהר צוליעב רוה.״ביים סוף פון׳ם בריעף האט ער אויסגעדריקט זיין בעדויערען וועגען דעם, וואס אונזער בעקאנטשאפט איז אזוי שנעל אונטערבראכען גע־וואָרען; האט מיר געוואונשען גליק, פריינדליך די האנד מיר גע־דריקט און מיך געבעטען, איך זאל ניט פרובען זיי אויפזוכען.

— וואס פאר פאראורטהיילע! — האב איך אויסגעשריען, אקור־ראט ווי ער וואלט מיך געקאנט הערען — וואס פאר נארישע באבע־מעשות! ווער האט איהם דאס רעכט געגעבען, זי אוועקצורויבען ביי מיר...

איך האב זיך אנגעכאפט פאר׳ן קאפ.

די דיענסט האט אויפ׳ן קול גענומען רופען די בעל הבית׳טע; איהר שרעק הא מיך געבראכט צו זיך. איין געדאנק האט זיך אין מיר צופלאקערט: אויפזוכען זי, אויפזוכען זי אונטער אלע אומשטענדען. צונעהמען אזא קלאפ און דערביי בלייבען איז אונמעגליך געוועזן.

איך האב זיך דערוואוסט פון דער בעל הבית׳טע, אז זעקס אין דער פריה האבען זיי זיך ארויפגעזעצט אויף א דאמפף־שיף און זיינען אוועקגעפאהרען איבער׳ן רהיין ארונטער.

איך בין אוועקגעלאפען אין קאנטאר, דארט האט מען מיר געזאגט, אז זיי האבען גענומען בילעטען ביז קעלן. איך בין אוועק אהיים מיט׳ן בעשלוס, גלייך צו איינפאקען זיך און פאהרען נאך זיי. מיר איז אויס־געקומען פערביי געהן פרוי לואיזע׳ס הויז... פלוצים הער איך: עמי־צער רופט מיך. איך האב אויפגעהויבען דעם קאפ און דערזעהן אין׳ם פענסטער פון דעם זעלבען צימער, וואו איך האב נעכטען זיך געזעהן מיט אסיא׳ן, די אלטע פרוי לואיזע. זי האט צו מיר געשמייכעלט מיט איהר העסליכען שמייכעל און גערופען מיך.

איך האב זיך אפגעקעהרט, געהאט שוין זי פערבייגעגאנגען, ערשט זי האט גענומען שרייען, אז זי האט פאר מיר א בריעף.

דאן האב איך זיך אפגעשטעלט און דערנאך ארייין צו איהר אין הויז. ווי גיט מען איבער יענע געפיהלען מיינע, בעת איך האב ווידער דערזעהן דאס דאזיג צימערל...

— איינגענטליך — האט די אלטע אנגעהויבען, ווייזענדיג מיר א קליין צעטעלע — האב איך אייך עס געדארפט איבערגעבען נור

דעמאָלט, ווען איהר וואָלט אליין געקומען צו מיר פרעגען, אבער איהר זייט אזא שעהנער יונגערמאַן. נאַט.

איך האב גענומען דאָס צעטעלע.

אויף א קליין שטיקעל פאַפּיר זיינען געשטאַנען די דאָזיגע ווער־טע, אויפגעוואָרפען מיט א בלייפעדער.

— אדיע, מיר וועלען זיך שוין מעהר קיינמאָל ניט זעהען. ניין, ניט אויס בעליידיגטען שטאָלץ פאָהר איך אוועק, ניין, איך קען ניט אַנדערש. נעכטען, בעת איך האב געוויינט פאר אייך, ווען איהר וואָלט מיר דעמאָלט בלויז איין וואָרט געזאָגט, בלויז איין וואָרט, וואָלט איך געבליעבען. איהר האט איהם אבער ניט געזאָגט, אזוי איז בעסער... אדיע אויף אימער!

איין וואָרט... אָה, איך אונגליקליכער! ... דאס דאָזיג וואָרט... האב איך מיט טרערען נעכטען ארויסגעזאָגט, אבער... פאר וועמען? פאר'ן ווינד, צווישען די לעערע פעלדער... איך האב איהם אבער ניט געזאָגט איהר, איהר האב איך ניט געזאָגט, אז איך ליעב זי.

יאָ, איך האב ניט געקענט ארויסברענגען דאָס דאָזיג וואָרט. בעת איך האב זיך געטראָפען מיט איהר אין יענעם צימער, איז מיר נאָך ניט אזוי קלאָר געווען וועגען מיין ליעבע; זי האט נאָך אפילו דאַן נעדרימעלט, בעת איך בין געזעסען מיט איהר ברודער און געוואַרט אויף איהר... די ליעבע האט ערשט דאַן אויפגעפלאַקערט אין מיר מיט קראַפט עטליכע מינוטען שפּעטער, בעת איך האב זי געזוכט אין דער פינסטערער נאַכט, ווען איך האב זיך געשראָקען, טאָמער האט עפּעס פּאַסירט מיט איהר אַן אונגליק, ווען איך האב זי געזוכט און נערופען... דאַן אבער איז שוין געווען צו שפּעט.

— דאס איז אבער אונמעגליך! — וועלען מאנכע זאָגען. איך וויים ניט אויב דאס איז מעגליך, איך וויים אבער, אז דאס איז אמת. אַסיא וואָלט ניט אוועקגעפאָהרען, ווען זי וואָלט געהאט כאָטש א סמן פון קאָקעטעריי און ווען איהר לאַגע וואָלט ניט געווען אזא פאַלשע. זי האט ניט געקענט אריבערטראָגען דאס, וואס אַן אַנדערע וואָלט אריבערגעטראָגען. איך האב עס ניט פערשטאַנען.

אין דעם זעלבען טאָג בין איך אָבגעפאָהרען נאָך קעלן. איך גע־דענק, ווען די דאמפּף־שיף איז אָבגעגאַנגען פונ'ם ברעג און איך האָב זיך אין די געדאַנקען געזעגנט מיט די דאָזיגע גאַסען, מיט די דאָזיגע

אלע פלעצער, וועלכע זיינען מיר בעשערט געווען קיינמאל ניט צו פער־געסען, האב איך פלוצים דערזעהן האנכען.

זי איז געזעסען אויף א בענקעל ביים ברעג. איהר פנים איז גע־ווען בלייך, אבער ניט טרויעריג; א יונגער שעהנער בחור איז געשטא־נען נעבען איהר און האט איהר עפעס, לאכענדיג, דערצעהלט; און אויף דער אנדערער זייט פון'ם רהיין האט מיין קליינע מאדאננא נאך אלץ טרויעריג ארויסגעקוקט פון הינטער דער דונקעלער גרינקייט פון דעם אלטען בוים.

---

22.

אין קעלן האב איך זיך דערוואוסט, אז די גאגינס זיינען אפגע־פאהרען נאך לאנדאן.

איך בין אוועקגעפאהרען אהין; אבער מיין זוכען זיי אין לאנ־דאן איז אומזיסט געווען. לאנג האב איך ניט גערוהט, לאנג האב איך זיי געזוכט איינגעשפארט, פער'עקשן'ט, צום סוף אבער האב איך גע־מוזט אויפגעבען יעדע האפנונג זיי אמאל צו געפינען.

מעהר האב איך זיי ניט געזעהן, מעהר האב איך ניט געזעהן אסיא'ן. וועגען איהם האב איך עפעס יא געהערט, אבער זי איז פער־שוואונדען פאר מיר אויף אייביג. איך וויים אפילו ניט, אויב זי לעבט.

איינמאל, אין עטליכע יאהר ארום, בעת איך בין ווידער געווען אין אויסלאנד, האט אין א וואגאן פון א צוג זיך מיר אין די אויגען געווארפען א פנים, וואס איז עהנליך געווען צו אסיא'ס אונפערגעס־ליכען געזיכט... א צופעליגע עהנליכקייט האט מיך מסתמא גענארט. אסיא איז געבליבען אין מיין זכרון די זעלבע מיידעלע, ווי איך האב זי געקאנט אין דער בעסטער צייט פון מיין לעבען, איבערגעבויגט איבער'ן ווענטעל פון דעם ניעדריגען, הילצערנעם שטול.

אגב, מוז איך זיך מודה זיין, אז איך האב ניט לאנג געבענקט נאך איהר; איך בין זאגאר צום שלום געקומען, אז דער שיקזאל האט גוט געטהאן, וואס זי האט מיך ניט צונויפגעבראכט מיט אסיא'ן; איך

האָב זיך געטרייסט מיט'ן געדאנק, אז מיט אזא פרוי, ווי אסיא, וואָלט איך מסתמא ניט גליקלאך געווען. איך בין דאן יונג געווען, און די צו־קונפט, די דאָזיגע קורצע, שנעלע צוקונפט, האט זיך מיר דאן אויסגע־וויזען ברייט און גרויס אָהן א גרעניץ. איך וועל נאָך אן אנדערע טרע־פען — האב איך געטראכט — וואס וועט נאָך זיין בעסער, שעהנער...

איך האב געטראָפען אנדערע פרויען, געקאָנט זיי, אבער יענעם זודיגען, ברענענדיגען, צארטען און טיעפען געפיהל, וואס אסיא האט אין מיר אָנגעצונדען, האב איך שוין נאָך איין מאָל מעהר ניט גע־קענט.

ניין! קיינעמס אויגען האבען מיר ניט געקענט פערבייטען יענע, וואס האבען אמאָל געקוקט אויף מיר מיט ליעבע; אויף קיינעמס הארץ, וואס האט זיך צוגעדריקט צו מיין ברוסט, האט זיך מיין הארץ ניט אָפגערופען מיט אזא זיסען און פריידיגען צאפּלען זיך!

פעראורטהיילט אויף די איינזאמקייט פון אן אלטען בחור, לעב איך אויס די איבעריגע מיינע עטליכע טרויעריגע יאָהרען, איך היט אבער, ווי א היילינגטהום, איהרע צעטעלאך און די פערטריקענטע בלום, דעם געראניאום־צווייגעל, וועלכען זי האט אמאָל פון'ם פענ־סטער מיר צוגעוואָרפען... נאָך היינט הערט זיך פון איהם אן אנגע־נעהמער גערוך, און די האַנד, וואס האט איהם מיר געגעבען, יענע האנד, וואס איך האב בלויז איין מאָל צוגעדריקט צו מיינע ליפּען, קאָן זיין פוילט שוין לאנג אין'ם קבר...

און איך אליין — וואס איז פון מיר געוואָרען? וואס האט זיך אויסגעלאָזט פון יענע גליקליכע און אונרוהיגע טעג, פון יענע אויף פליעגלען־שוועבענדיגע האָפנונגען און שטרעבונגען מיינע? אזא לייכט אויסהויכען פון א נישטיגען גרעזעל לעבט איבער אלע פריידען און ליידען פון'ם מענשען, לעבט איבער דעם מענשען אליין...



# די ערשטע ליעבע

די געסט זיינען זיך לאַנג געהאַט צופאַהרען. דער זייגער האַט געשלאָגען האַלב איינס. אינ'ם צימער זיינען פערבליבען בלויז דער בעל הבית און סערגעי ניקאָלאַיעוויטש, און וולאַדימיר פעטראָוויטש.

דער בעל הבית האָט אָנגעקלונגען און געהייסען אויפראַמען פונ'ם טיש.

— אַלזאָ, אָפּגעמאַכט — האָט ער ארויסגערעדט, אריינזעצענדיג זיך טיעפער אין זיין פאָטעל און פעררויכערענדיג אַ סיגאַר: — יעדער פון אונז איז מחויב צו דערצעהלען די געשיכטע פון זיין ערשטער ליעבע. סערגעי ניקאָלאַיעוויטש, איהר דערצעהלט דער ערשטער.

סערגעי ניקאָלאַיעוויטש, אַ רונדער מאַן, מיט אַ פולען בלאָנדען פּנים, האָט פריהער אַ קוק געטהאָן אויפ'ן בעל הבית, דערנאָך אויפ'ן סופיט.

— איך האָב ניט געהאַט קיין ערשטע ליעבע — האָט ער צום סוף ארויסגערעדט — איך האָב לכתחילה אָנגעהויבען פון דער צווייטער.

— וואָס הייסט?

— גאַנץ איינפאַך. צו אַכצעהן יאָהר בין איך נאָכגעלאָפען נאָך איינער זעהר אַ חן'עוודיגער פריילין; אָבער איך בין איהר נאָכגעלאָפען אַזוי, אַקוראַט ווי דאָס וואָלט ביי מיר ניט געווען דאָס ערשטע מאָל. פונקט אַזוי בין איך שפּעטער נאָכגעלאָפען אַנדערע. אייגענטליך, דאָס ערשטע און לעצטע מאָל האָב איך זיך פערליעבט, בעת איך בין אַלט געווען זעקס יאָהר, אין מיין ניאַנקע, — ווי איהר זעהט, איז דאָס געווען זעהר לאַנג צוריק. די פּרטים, די איינצעלהייטען פון אונזער ליעבע האָב איך לאַנג פערגעסען און אפילו, ווען איך וואָלט זיי געדענקט, ועמען קאָן עס אינטערעסירען?

— היינט וואָס טהוט מען? — האָט געזאָגט דער בעל הבית — אין מיין ערשטער ליעבע איז אויך זעהר ווייניג אינטערעסאַנטעס: ביז איך האָב זיך בעקאַנט מיט אַננאַ איוואַנאָוונאַ׳ן, מיין איצטיגער פרוי, האָב איך זיך אין קיינעם ניט פערליעבט, און מיט אַננאַ׳ן איז ביי מיר אויך פאָרגעקומען גאַנץ געוועהנליך. די עלטערען האָבען צוויי־שען אונז געטהאָן דעם שידוך, מיר האָבען זיך גיך פערליעבט איינער אין׳ם צווייטען און חתונה געהאַט אָהן לאַנגען ישוב הדעת. מיין גע־שיכטע קאָן מען דערצעהלען אין צוויי ווערטער. דעם אמת געזאָגט, מיינע העררן, ווען איך האָב פאָרגעשלאָגען צו דערצעהלען פון דער ערשטער ליעבע, האָב איך געהאָפט אויף אייך, אַלטע חברים. איך וועל ניט זאָגען גאַנץ אַלטע בחורים, אָבער גאָר יונגע אַלטע בחורים זייט איהר אויך ניט.. אפשר קאָנט איהר אונז עפּעס דערצעהלען, וולאַדימיר פּעטראָוויטש?

— מיין ערשטע ליעבע געהערט טאַקי צו דעם מין ניט גאַנץ גע־וועהנליכע, — האָט געענטפערט, עטוואָס שטאַמלענדיג, וולאַדימיר פּעטראָוויטש, אַ מאַן פון אַ יאָהר פערציג אַלט, מיט שווארצע, עטוואָס גרויליכע האָאָר.

— אהא! — האָבען אונטערגעכאַפּט דער בעל הבית און סערגעי ניקאָלאַיעוויטש אין איין קול — איז דאָך אודאי גוט... דערצעהלט טאַקי.

— צופריעדען... אָבער ניין: איך וועל ניט דערצעהלען, איך בין ניט קיין קינסטלער צו דערצעהלען; עס וועט ארויסקומען טרוקען און קורץ, אָדער צוצויגען און פאַלש; בעסער, אויב איהר ווילט, וועל איך אויפשרייבען אַלעס, וואָס איך וועל זיך דערמאָנען, אויף אַ העפט און וועל פאַר אייך פאָרלעזען.

די פריינד האָבען פריהער ניט געוואָלט פון דעם הערען, אָבער וולאַדימיר פּעטראָוויטש האָט זיך איינגעשפּאַרט, אז ער וויל נור אויפ־שרייבען. אין אַ וואָכען צוויי אַרום זיינען זיי זיך ווידער צונויפגעקו־מען און וולאַדימיר פּעטראָוויטש האָט זיין פערשפּרעכען געהאַל־טען.

אָט וואָס עס איז געשטאַנען אין זיין העפט:

.1

איך בין דאָס אַלט געווען זעכצעהן יאָהר. דאָס האָט פּאַסירט אין דעם זומער פונ׳ם יאָהר 1833.

איך האָב געוואוינט אין מאָסקווע, ביי מיינע עלטערען. זיי האָבען געדונגען אַ דאַטשע נעבען קאַלוזשען שלאַגבוים. איך האָב זיך פּער־פּערטיגט צום אוניווערזיטעט, אָבער געאַרבייט האָב איך זעהר ווייניג און ניט געאיילט.

קיינער האָט מיין פרייהייט נישט געשטערט. איך האָב געטהאָן, וואָס איך האָב געוואָלט, איבערהויפּט דאַן, ווען איך האָב זיך צושיידט מיט מיין לעצטען גובערנער — אַ פראַנצויז — וועלכער האָט זיך בשום אופן נישט געקענט צוגעוועהנען צום געדאַנק, אַז ער איז „ווי אַ באָמבע״ אַריינגעפאַלען אין רוסלאַנד, און מיט אַ פערביסענעם אויס־דרוק אויפ׳ן פּנים, האָט ער זיך גאַנצענע טעג געוואַלגערט אין בעט. דער פאָטער איז זיך מיט מיר בעגאַנגען גלייכגילטיג, אָבער פריינד־ליך; די מוטער האָט זיך אויף מיר כמעט גאַרנישט אַרומגעקוקט, כאָטש זי האָט אויסער מיר מעהר קיין קינדער נישט געהאַט: זי האָט געהאַט אַנדערע דאגות. מיין פאָטער, נאָך גאָר אַ יונגער מאַן, האָט מיט איהר געטהאָן אַ געלד־שידוך; זי איז עלטער געווען פון איהם מיט צעהן יאָהר. מיין מוטער האָט געלעבט אַ טרויעריגען לעבען: זי האָט זיך שטענדיג אויפגערעגט, איז געווען אין כעס און אייפערזיכטיג — נור דאָס אַלעס נישט אין דעם פאָטער׳ס אנוועזענהייט, פאַר איהם האָט זי שטאַרק מורא געהאַט, און ער ווידער האָט זיך מיט איהר געהאַלטען שטרענג, קאַלט פון ווייטען... איך האָב קיין מאָל נישט געזעהן אַ מענשען, וואָס זאָל זיין רוהיגער, איינגעשפּאַרטער און מעהר איינגע־גלויבט אין זיך, ווי מיין פאָטער איז געווען.

איך וועל קיין מאָל נישט פערגעסען די ערשטע וואָכען, וואָס איך האָב פערבראַכט אויף דער דאַטשע. דאָס וועטער איז געווען וואונדער־שעהן; פון שטאָדט האָבען מיר זיך אריבערגעקליבען דעם 9טען מאַי, אין דעם טאָג פונ׳ם הייליגען ניקאָלאַי. איך האָב שפּאַציערט — דאָ אין דעם גאָרטען פון אונזער דאַטשע און דאָ הינטער׳ן שלאַגבוים; איך האָב מיט זיך גענומען עפּעס אַ בוך, האָב עס אָבער זעלטען געעפענט,

מעהרסטענטהייל האָב איך געלעזען געדיכטע, וועלכע איך האָב געקאָנט אויף אויסענווענינ; דאָס בלוט האָט זיך אין מיר בעוועגט און דאָסהאַרץ האָט געגאָיעט אזוי זיעס און אזוי קאָמיש; איך האָב אַלץ אויף עפּעס געוואַרט, פאַר עפּעס מורא געהאַט און זיך איבער אַלץ געוואונדערט און אין גאַנצען בין איך עפּעס געווען פול ערוואַרטונג. די פאַנטאַזיע האָט געשפּיעלט און זיך האַסטיג געיאָגט אַרום איינע און די זעלבע פאָרשטעלונגען, ווי שוואַלבען אַרום גלאָקענ־טהורם, בעת די זון געהט אויף. איך בין אַרומגעגאַנגען אַ פערטראַכטער, האָב געבענקט און זאָגאַר געוויינט; אָבער, ווי דורך די טרעהרען, אַזוי דורך די בענקעניש, וואָס איז אַרויסגערופען געווען אין מיר אַמאָל פון אַ שעהנעם, מוזיקאַלישען געדיכט און אַמאָל פון אַ שעהנעם אבענד, האָט זיך דורכגעריסען, ווי אַ פריהלינגס־גרעזעלע, דאָס גליקליך לוסטיג געפיהל פון דעם יונגען, קאָכענדיגען לעבען.

איך האָב געהאַט אַ פערדעל, האָב איך איהם אַליין געזאָטעלט און געריטען, און געיאָגט זיך אויף איהם גאַנץ אַליין, און מיר האָט זיך דאַן אויסגעוויזען, אַז איך בין אַ ריטער פון די אַלטע צייטען, וואָס יאָגט זיך אויף אַ טורניר.

ווי פרעהלאַך האָט דער ווינד מיר דאַן געפייפט אין די אויערען! ווי דורשטיג האָב איך דאַן אַריינגעזויגט, ווענדענדיג דעם פּנים צום הימעל, זיין שטראַהלענדיגען ליכט און בלויקייט אין דער פונאַנדערגעעפענטער נשמה אריין!

איך געדענק, אין יענער צייט, האָט די געשטאַלט פון אַ פרויענצימער, דער געשפּענסט פון ליעבע צו אַ פרוי נאָך כמעט ניט בעריהרט מיין פאַנטאַזיע אין אַ בעשטימטער פאָרמע, אין בעשטימטע שטריכען; אָבער אין אַלעס, וואָס איך האָב געטראַכט, אין אַלעס, וואָס איך האָב געפיהלט, איז פערבאָרגען געווען אַ האַלב בעוואוסטזיניג, שעמעוודיג פאָרגעפיהל פון עפּעס נייעס, זעהר זיסעס, פון פרויענצויבער... מיט דעם דאָזיגען פאָרגעפיהל בין איך אין גאַנצען פול געווען; איך האָב מיט דעם געאָטהעמט און יעדער טראָפּען פון מיין בלוט איז מיט דעם איינגעזאַפּט געווען...

עס איז בעשערט געווען, אַז דאָס דאָזיג פאָרגעפיהל זאָל אין גיכען מקוים ווערען.

אונזער דאטשע איז בעשטאנען פון א הילצערנעם פריצישען הויז מיט זיילען און צוויי ניעדריגע פליעגלען.

אינ׳ם פליעגעל לינקס איז געווען א קליינע פאבריק פון ביליגע טאפעטען (אבאיעס).

איך בין א סך מאָל געגאנגען אהין קוקען, ווי א צעהנדליג אויס־געדארטע, קודלאטע אינגלאך אין פערשמאָלצענע זופיצעס מיט פער׳־שיכור׳טע פנים׳ער, שפרינגען דאָרט נאָכאנאנד ארויף אויף שווערע קלעצער, וואָס האָבען אָנגעדריקט פיערקאנטיגע פרעססען, און אויף אזא׳ן אופן האָבען די אינגלאך מיט דער שווערקייט פון זייערע קער־פערם אויסגעקוועטשט די בונט־פארביגע קוויטען פון די טאפעטען.

דאָס פליגעל רעכטס איז געשטאנען לעדיג און געוואָרט אויף א שכן.

אין איין שעהנעם טאָג — דריי וואָכען נאָך דעם 9טען מאַי — האָבען זיך די לאָדענס פון יענע פענסטער געעפענט, עס האָבען זיך אין זיי בעוויזען געזיכטער פון פרויענצימער, עפּעס א פאמיליע האָט זיך דאָרט באזעצט.

איך געדענק, דעם אייגענעם טאָג, בעת מיר זיינען געזעסען ביים מיטאָג, האָט די מוטער זיך נאָכגעפרעגט ביים קאמערדיענער וועגען דעם, ווער עס זיינען געווען אונזערע נייע שכנים און דערהערט די פאַ־מיליע פון דער פירסטין זאסיעקינא, האָט זי אין אָנפאנג אויסגערעדט מיט רעספעקט: — א! א פירסטין... און דערנאָך האָט זי צוגע־לייגט: — מסתמא עפּעס אָן אָרימע...

—אויף דריי דראָזשקעס זיינען זיי געקומען צופאָהרען — האָט בעמערקט דער קאמערדיענער מיט דרך ארץ, דערלאנגענדיג די טע־לער צום טיש: — קיין אייגענע קארעטע האָבען זיי ניט, און דאָס מעבעל איז אויך פון דעם ביליגסטען.

— יאָ — האָט זיך אָנגערופען די מוטער — פונדעסטוועגען איז פאָרט בעסער.

דער פאָטער האָט א קוק געטהאָן אויף איהר קאלט, זי איז אנ־שוויגען געוואָרען.

אין אמת׳ן, די פירסטין זאסיעקינא האָט ניט געקענט זיין קיין רייכע פרוי; אניט וואָלט זי זיך ניט באזעצט אין דעם אלטען, ענגען און ניעדריגען פליגעל.

אגב, האָט מיך דאָן די גאַנצע געשיכטע ווענינ וואָס אינטערע־סירט. דער פירסטין־טימול האָט אויף מיר קיין איינדרוק ניט געמאַכט, ווייל איך האָב ניט לאַנג געהאַט איבערגעלעזען שילער'ס „רויבער".

---

II.

יעדען אויף־דער־נאַכט האָב איך געוואַנדערט איבער אונזער גאָר־טען מיט א ביקס און אָפּגעהיט קראָען. צו די דאָזיגע פאָרזיכטיגע, ווילדע און ביטערע פויגעל האָב איך זייט א שטיק צייט געפיהלט א טיעפען האַס.

אין דעם דאָזיגען טאָג, וועגען וועלכען מיר ריידען, בין איך אויך אַוועק אין גאָרטען. אומזיסט בין איך אויסגעגאַנגען אלע אַלעען, די קראָען האָבען מיך דערקענט און פון ווייטען בלויז האָבען זיי זיך דערוועגט צו קראַקען.

צופעליג בין איך צוגעגאַנגען צום ניעדריגען פּאַרקאַן, וואָס האָט אָפּגעגרעניצט אונזער גאָרטען פון יענעם שטיקעל גרינעם פּלאַץ, וואָס האָט בעלאַנגט צו דעם אַלטען פליגעל, וואו די פירסטין זאַסיעקינאַ האָט זיך באַזעצט. איך בין געגאַנגען מיט אַן אַראָנטערגעלאָזטען קאָפּ.

פּלוצים האָב איך דערהערט שטימען; איך האָב א קוק געטהאָן איבער'ן פּאַרקאַן, און בין שטעהן געבליבען מיט אַן אָפענעם מויל... א מערקווירדיג בילד האָב איך פאַר זיך דערזעהן.

בלויז עטליכע טריט פון מיר, צווישען די גרינע מאַלינע־בושעס, איז געשטאַנען א הויכע, שלאַנקע מיידעל אין א געשטרייפטען, ראָ־זאָווען קלייד און מיט א ווייסען טיכעל אויפ'ן קאָפּ; ארום איהר האָ־בען זיך ארומגעדרעהט פיער יונגע לייט און זי האָט יעדען פון זיי נאָך דער רייהע נאָך געשמיסען איבער'ן שטערן מיט א בינטעל קליי־נע גרויע בלומען, וואָס זייער נאָמען ווייס איך ניט, אָבער וועלכע זיי־נען גוט בעקאַנט יעדען קינד. די דאָזיגע בלומען האָבען אויף זיך אזוינע קליינע זעקעלאַך, וואָס צופּלאַצען באַלד מיט א טראַסקריי, ווי נור מען טהוט מיט זיי א שמיץ אָן א האַרטער זאַך.

די יונגע לייט האָבען מיט אַזאַ חשק אונטערגעשטעלט זייערע שטערענס, און אין די בעוועגונגען פון דער מיידעל (איך האָב זי געזעהן פון דער זייט) איז געווען עפּעס אַזוי פיעל רייצענדיגעס, בעפעהלענדיגעס, לאַסצענדיגעס, שפּאָטישעס און חן׳עוודיגעס, אַז איך האָב שיעור־שיעור ניט אַ געשריי געטהאָן פאַר איבערראַשונג און פערגעניגען און, דאַכט זיך, איך וואָלט אין יענער רגע אָפּגעגעבען אַלעס אויף דער וועלט, אום נור די דאָזיגע ליעבע פינגערלאַך זאָלען מיך אויך שמייסען איבער׳ן שטערן.

דער ביקס האָט זיך אַרונטערגעגליטשט אויף די גראָז, איך האָב אַלעס פערגעסען, איך האָב געשלונגען מיט די אויגען די דאָזיגע שלאַנקע טאַליע און העלזעלע, און די שעהנע הענד, און די אַביסעלע־צו־וואָרפענע בלאָנדע האָאָר אונטער׳ן ווייסען טיכעל, און די דאָזיגע האַלב צוגעמאַכטע קלוגע אויגען, און די דאָזיגע אייגענ־ליעדער, און די צאַרטע בעקעלאַך אונטער זיי...

— יונגער מאַן, יונגער מאַן — האָט זיך פּלוצים דערהערט נעבען מיר עמיצענ׳ס שטים — איז דען ערלויבט אַזוי צו קוקען אויף פרעמדע פרייליינס?

איך האָב זיך אין גאַנצען אַ צאַפּעל געטהאָן, בין געבליבען שטעהן אָהן לשון...

נעבען מיר, הינטער׳ן פּאַרקאַן, איז געשטאַנען עפּעס אַ יונגער מאַן מיט קורץ־אָפּגעשאָרענע שוואַרצע האָאָר און האָט מיט שפּאָט געקוקט אויף מיר.

אין דער אייגענער רגע האָט זיך דאָס מיידעל אויך אַ קעהר געטהאָן צו מיר... איך האָב דערזעהן זעהר גרויסע גרויע אויגען אויף דעם בעוועגליכען, פרעהליכען פּנים, און דער דאָזיגער פּנים האָט פּלוצים אין גאַנצען אַ ציטער געטהאָן, זיך צולאַכט, ווייסע צייהן האָבען אויף איהם אַ פינקעל געטהאָן, די ברעמען האָבען זיך עפּעס אַזוי קאָמיש פערקאַסערט... איך האָב זיך אָנגעצונדען אין גאַנצען, האָב אַ כאַפּ געטהאָן פון דער ערד דעם ביקס און, פערפאָלגט פון אַ הילכענדיגען, אָבער ניט בייזען געלעכטער, בין איך אַנטלאָפען צו זיך אין צימער אריין, האָב זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף דער בעט און פאַרדעקט דעם פּנים מיט די הענד. דאָס האַרץ אין מיר האָט זיך געצאַפּעלט און אַרומגעשפּרונגען; מיר איז געווען אַי פרעהלאַך, אַי איך האָב

זיך געשעהמט; איך בין געוועזן אזוי אויפגערעגט, אזוי אויפגערעגט, ווי נאָך קיינמאָל אויף מיין לעבען.

געקומען צו זיך אביסעל, האָב איך זיך פּרקאמט, אָפּגעפּוצט זיך און בין אַרונטערגעגאַנגען צום טהעע. די געשטאַלט פון דער יונגער מיידעל האָט געשוועבט פאַר מיר, דאָס האַרץ האָט אויפגעהערט צו שפּרינגען, האָט אָבער אזוי אַנגענעהם זיך געדריקט.

— וואָס איז מיט דיר? — האָט פּלוצים זיך געווענדעט צו מיר דער פאָטער: — דו האָסט דערשאָסען אַ קראָ?

איך האָב איהם שיעור ניט דערצעהלט אַלעס, האָב זיך אָבער איינגעהאַלטען און בלויז אַ שמייכעל געטהאָן פאַר זיך.

לייגענדיג זיך שלאָפען, האָב איך, אליין ניט וויסענדיג וואָרום, דריי מאָל נאָכאַנאַנד זיך אַ דרעה געטהאָן אויף איין פוס, אָנגעשמירט זיך מיט פּאָמאַדע, אַוועקגעלייגט זיך און אַוועקגעשלאָפען די גאַנצע נאַכט, ווי אַ דער'הרג'עטער.

פאַרטאָג האָב איך זיך אויף אַ רגע אויפגעכאַפּט, אויפגעהויבען דעם קאָפּ, אַ קוק געטהאָן אַרום זיך מיט התפּעלות — און ווידער איינגעשלאָפען.

---

## III.

— ווי בעקאַנט מען זיך מיט זיי? — איז געוועזן דער ערשטער געדאַנק מיינער, בעת איך האָב זיך אויפגעכאַפּט אויף מאָרגען אין־דער־פריה.

איך האָב קיין געדולד ניט געהאַט, אויסצוטרינקען מיין טהעע, און בין אַוועק אין גאָרטען, אָבער צו נאָהענט צום פּאַרקאַן בין איך ניט צוגעגאַנגען און האָב קיינעם ניט געזעהן.

נאָכ'ן טהעע בין איך עטליכע מאָל זיך דורכגעגאַנגען איבער דער גאַס פאַרביי דעם פליגעל און פון וויטען אַריינגעקוקט אין די פענסטער... מיר האָט זיך איינמאָל אויסגעוויזען, אַז איך זעה איהר פּנים הינטער'ן פאָרהאַנג און איך בין מיט שרעק אַנטלאָפען.

— מען דאַרף זיך דאָך אָבער פאָרט בעקאָנען — האָב איך גע־

טראכט. שפרייזענדיג סתם אין דער וועלט אריין איבער דער זאמדיגער גאס: אָבער ווי אזוי? אָט דאָס איז די פראגע.

איך האָב זיך דערמאָנט אָן די קלענסטע איינצעלהייטען פון דער נעכטיגער באַגעגעניש, און בעזאָנדערס קלאָהר האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט, ווי זי האָט געלאכט פון מיר... אָבער בעת איך האָב זיך אזוי געקאָכט און געבויט פערשיעדענע פּלענער, האָט דער שיקזאל אליין זיך בעמיהט פאר מיר.

בעת איך בין ניט געוועזען אין דער־היים, האָט די מוטער דאָרט געקראָגען פון דער נייער שכנה א בריעף אויף גרויען פּאַפּיר, וועלכער איז פער'חתמה'ט געוועזען מיט טריוואקס.

אין דעם דאָזיגען בריעף, געשריעבען אין עם הארץ'ישער שפּראך און מיט א שלעכטער האנד־שריפט, האָט די פירסטין געבעטען מיין מוטער, זי זאָל איהר נעהמען אונטער איהר שוץ: מיין מוטער — האָט די פירסטין געשריעבען — איז גוט בעקאַנט מיט בעוואוסטע מענער, פון וועלכע דער שיקזאל פון איהר און איהרע קינדער איז אין גאַנצען אָפּהענגיג, אזוי ווי זי האָט געפיהרט זעהר וויכטיגע פּראָצעסען.

— איך ווענד זיך צו אייך — האָט זי געשריעבען מיט א סך גרייזען אין יעדען וואָרט — ווי אָן עדעלע דאמע צו א צווייטער און דערביי איז מיר זעהר אנגענעהם צו בענוצען זיך מיט'ן צופאל...

צום סוף פונ'ם בריעף האָט זי געבעטען ביי מיין מוטער אָן ערלויבניש צו בעזוכען זי.

איך האָב געטראָפען מיין מוטער א צוטראָגענע: דער פאָטער איז אין דער היים ניט געוועזען און זי האָט זיך ניט געהאָט מיט וועמען צו בעראטהען. ניט ענטפערען אָן „עדעלער דאמע", און נאָך א פירסטין דערצו, וואָלט ניט שעהן געוועזען, און יאָ ענטפערען, האָט די מוטער ניט געוואוסט, ווי אזוי. אָנשרייבען א צעטעלע אין פראנצויזישער שפּראך האָט עפּעס ניט געפּאַסט, ווען יענע האָט איהר געשריעבען אין רוסיש, און שרייבען רוסיש — איז די מוטער אויך געוועזען זעהר שוואך אין דער רוסישער אָרפאָגראַפיע, זי האָט עס געוואוסט, און ניט געוואָלט זיך קאָמפּראָמיטירען.

אז איך בין אריין אין הויז, האָט זי זיך זעהר דערפרעהט מיט מיר, און האָט מיר גלייך געהייסען אריבערגעהן צו דער פירסטין און ערקלעהרען איהר ווערטערליך, אז זי, מיין מוטער הייסט עס, איז אי־

מער בערייט צו טהאָן עפּעס פאַר איהר עקסעלענץ און בעט זי צו קו־מען אויף טהעע אַ זייגער איינס.

אַזאַ אונערוואַרטעטע גיכע פערווירקליכונג פון מיינע געהיימע וואונשען האָט מיך אַי דערפרעהט, אַי איבערגעשראָקען; פונדעסט־וועגען האָב איך ניט ארויסגעוויזען, אז איך בין צומישט, און בין אפּרי־הער אַוועק צו זיך אין צימער, אום אָנצוטאָן אַ נייעם האַלז־טוך און ראָק; אין דער היים בין איך נאָך ארומגעגאַנגען אין אַן אינגעלשער קורטקע מיט אַן אָפּגעלייגטען קראַגען, וואָס עס האָט מיר גאָר ניט געשמעקט.

---

IV.

אין דעם ענגען און ניט זויבערען פאָרצימער פון'ם פליגעל, וואוהין איך בין אריינגעטראָטען מיט אַ ציטערענדיגען הארצען, האָט מיך אויפ־גענומען אַן אַלטער, גרויער דיענער מיט אַ דונקעלען פּנים, פון מעש־קאָליר, מיט פינסטערע, חזיר'שע אויגעלאך און מיט אַזוינע טיעפע קנייטשען אויפ'ן שטערן און אויף די שלייפען, וועלכע איך האָב נאָך אויף מיין לעבען ניט געזעהן.

ער האָט געטראָגען אויף אַ טעלער אַן ארומגעביסענעם רוקען פון אַ הערינג, און, צומאַכענדיג מיט דער פוס די טהיר, וועלכע האָט וע־פיהרט אין אַ צווייטען צימער, האָט ער מיט אַן אימפּעט ארויסגע־רעדט:

— וואָס דאַרפט איהר?

— איז די פירסטין זאַסיעקינאַ אין דער היים? — האָב איך געפרעגט.

— וואָניפאטי! — האָט זיך פון הינטער דער טהיר דערהערט אַ ציטערענדיגער פרויען־קול.

דער דיענער האָט שווייגענדיג זיך אַ קעהר געטהאָן צו מיר מיט'ן רוקען, דערביי האָט זיך שטאַרק אין די אויגען געוואָרפען די אויסגע־ריבענע זייט פון זיין ליווריע, האָט אַוועקגעשטעלט די טעלער אויף דער פּאָדלאָגע און איז פערשוואונדען.

— ביזט געגאנגען אין קווארטאל? — האט געפרעגט דער איי־גענער ציטערענדיגער פרויען־קול.

דער דיענער האט עפעס דארט געמורמעלט.

— א?... עמיצער איז געקומען? — האט זיך דערהערט ווידער — דעם שכנ'ס יונגער הערר? גו, בעט איהם, ער זאל אריינגעהן.

— זייט אזוי גוט אין גאסט־צימער — האט ארויסגערעדט דער דיענער, ארויסקומענדיג ווידער און אויפהויבענדיג די טעלער פון דער פאדלאגע.

איך בין אריין אין „גאסט־צימער".

דאס איז געווען א קליין, ניט גאנץ זויבער, ארעם־מעבלירט צי־מער. נעבען פענסטער, אין א פאטעל מיט אן אפגעבראכענער פארענ־צע, איז געזעסען א פרויענצימער א יאהר פופציג אלט, מיט גלאט־פערקאממטע האאר. זי איז געווען גאר נישט שעהן, אנגעטהאן געווען אין א גרינעם אלטען קלייד און האט געטראגען ארום האלז א בונטפארביגען שארף. איהרע קליינע שווארצע אויגעלאך האבען זיך איינגעגעסען אין מיר.

איך בין צוגעגאנגען צו איהר און האב זיך פערנויגט.

— האב איך די עהרע צו ריידען מיט דער פירסטין זאסיעקינא?

— איך בין די פירסטין זאסיעקינא; און איהר זייט א זוהן פון הערר וו.?

— יא. איך בין געקומען צו אייך מיט א שליחות פון מיין מו־טער.

— זיצט, איך בעט אייך. וואניפאטי! וואו זיינען מיינע שליעס־לען, האסט ניט געזעהן?

איך האב איבערגעגעבען דער פירסטין מיין מוטער'ס ענטפער אויף איהר בריעף.

זי האט מיך אויסגעהערט, קלאפענדיג מיט די דיקע רויטע פינ־גער איבער'ן געזימס פונ'ם פענסטער און, בעת איך האב געענדיגט, האט זי זיך ווידער איינגעגעסען אין מיר מיט איהרע אויגעלאך.

— זעהר גוט; איך וועל אונבעדינגט זיין — האט זי צום סוף ארויסגערעדט — און איהר זייט אזוי יונג! ווי אלט זייט איהר, ער־לויבט מיר צו פרעגען?

— זעכצעהן יאָהר — האָב איך ניט ווילענדיג ארויסגעשטאַ־מעלט.

די פירסטין האָט ארויסגעשלעפּט פון קעשענע עפּעס בעשריע־בענע פערשמאָלצענע פּאַפּירלאַך, צוגעטראָגען זיי נאָהענט צו דער נאָז און געגומען זיי פונאַנדערקלייבען.

— די שעהנסטע יאָהרען — האָט זי מיט אמאָל ארויסגערעדט, א קעהרטהאָנדיג זיך און דרעהענדיג זיך אויפ'ן פּאָטעל: — און אייך בעט איך, איהר זאָלט זיך גור ניט צערעמאָניען. ביי מיר איז איינ־פאַך.

— שוין צו איינפאַך! — האָב איך א קלעהר געטהאָן, מיט ניט װעלענדיגען עקעל בעטראַכטענדיג איהר גאַנצע שפּל'דיגע געשטאַלט.

אין דער איינענער רגע האָט זיך א צווייטע טהיר פונ'ם גאַסט־צימער מיט אַן אימפּעט אָן עפען געטהאָן, און אויפ'ן שוועל איז ער־שיענען דאָס מיידעל, וואָס איך האָב נעכטען געזעהן אינ'ם גאָרטען. זי האָט אויפגעהויבען די האַנד און אויף איהר פּנים האָט א מיניע געטהאָן א שפּאָטישער שמייכעל.

— און דאָ איז מיין טאָכטער — האָט ארויסגערעדט די פירסטין, אָנווייזענדיג אויף איהר מיט'ן עלענבויגען: — זינאָטשקא, דער זוהן פון אונזער שכן, הערר'ן וו. ווי איז אייער נאָמען, ערלויבט צו ווי־סען?

— וולאַדימיר — האָב איך געענטפערט, אויפשטעהענדיג פונ'ם אָרט און מורמלענדיג פאַר אויפרעגונג.

— און אייער פאָטער'ס נאָמען?

— פּיאָטער.

— הייסט עס, אַז מען רופט אייך וולאַדימיר פּעטראָוויטש. יאָ, איך האָב געהאַט א בעקאַנטען פּאָליציימייסטער, האָט מען איהם אויך גערופען וולאַדימיר פּעטראָוויטש. וואַניפּאַטי! זוך ניט די שליעסלען; די שליסלען זיינען ביי מיר אין קעשענע.

דאָס יונגע מיידעל האָט אַלץ געקוקט אויף מיר מיט דעם פריי־הערדיגען שפּאָטישען שמייכעל, קנייטשענדיג אביסעלע מיט די אויי־גען און האַלטענדיג דעם קאָפּ אביסעלע אויף א זייט.

— איך האָב שוין געזעהן מוסיא וואָלדעמאַר'ן — האָט זי אָנגע־הויבען — דער זילבערנער קלאַנג פון איהר קול איז דורכגעלאָפען

איבער מיר מיט א זיסער קעלט — וועט איהר ערלויבען מיר אזוי אייך צו רופען?

— ביטטע — האב איך ארויסגעשטאמעלט.

— וואו האסטו איהם געזעהן? — האט די פירסטין געפרעגט. דאס מיידעל האט ניט געענטפערט איהר מוטער.

— איהר זייט איצט פערנומען? — האט זי געזאגט, ניט ארונ־טערנעהמענדיג פון מיר די אויגען.

— ניין.

— ווילט איהר מיר העלפען פונאנדערפלאנטערען וואל? קומט אהין, צו מיר.

זי האט א מאניע געטהאן מיך מיט'ן קאפ און איז ארויסגעגאנ־גען פונ'ם גאסט־צימער, איך — מארש נאך איהר.

דאס צימער, וואוהין מיר זיינען אריין, איז געווען אביסעלע בעסער מעבלירט, מיט מעהר געשמאק. אגב, אין דיעזען מאמענט האב איך כמעט גאר נישט ניט געקענט בעמערקען: איך האב זיך בעוועגט ווי אין א חלום און געשפירט אין אלע מיינעביינער עפעס א מין נאריש־שוואטען חיות.

די יונגע פירסטין האט זיך אוועקגעזעצט, ארויסגעשלעפט פון ערגעץ א בינטעל רויטען וואל, און אנווייזענדיג מיר אויף א שטוהל געגען איבער איהר, האט זי פונאנדערגעבונדען דעם בינטעל און איהם ארויפגעטאן מיר אויף די הענד.

דאס אלעס האט זי געטהאן שווייגענדיג, מיט א מין קאמישער לאנגזאמקייט און מיט דעם זלעביגען ליכטיגען, ביטרען און שפאטי־שען שמייכעל אויף די עטוואס פונאנדערגעעפענטע ליפען.

זי האט גענומען אנוויקלען די וואל אויף אן אויסגעבויגטער קארטע און פלוצים האט זי מיך א ברען געטהאן מיט אזא ליכטיגען און שנעלען בליק, אז איך האב נישט וועלענדיג ארונטערגעלאזט די אויגען. ווען איהרע אויגען, וואס זיינען מעהרסטענטהיילס געווען פער־זשמורעט, האבען זיך געעפענט אין זייער גאנצער גרויס, האט זיך איהר פנים אין גאנצען געענדערט: ווי א העלער שיין וואלט זיך פלוצים איבער איהם צוגאסען.

— וואס האט איהר געדענקט וועגען מיר נעכטען, מוסיא וואלדע־

מאר? — האָט זי געפרעגט אין א ווײלע ארום — מסתמא זעהר שלעכט?...

— איך... פירסטין... איך האָב גאָר נישט געדענקט... ווי קאָן איך... — האָב איך געענטפערט צומישט.

— הערט אויס — האָט זי געזאָגט — איהר קענט מיך נאָך ניט: איך בין זעהר אַ מאָדנע; איך וויל, מען זאָל מיר אימער די וואהר־הייט זאָגען. אייך, האָב איך געהערט, איז זעכצעהן יאָהר און מיר איז איין און צוואַנציג. ווי איהר זעהט, בין איך פיעל עלטער פון אייך, און דעריבער מוזט איהר מיך אימער זאָגען די וואהרהייט... און פאָלגען מיך — האָט זי צוגעלייגט — קוקט אויף מיר: וואָרום קוקט איהר ניט אויף מיר?

איך בין נאָך מעהר צומישט געוואָרען; דאָך האָב איך א קוק געטהאָן אויף איהר. זי האָט צו מיר א שמייכעל געטהאָן, נור ניט מיט דעם פריהערדיגען, נור מיט אנאַנדערען, און ערמונטערענדיגען שמיי־כעל.

— קוקט אויף מיר — האָט זי ארויסגערעדט שטילער און פריינד־ליכער — מיר איז עס אנגענעהם... מיר געפעהלט אייער געזיכט... דאָס האַרץ זאָגט מיר, אז מיר וועלען זיין פריינד. נו, און איך געפעהל אייך עפּעס? — האָט זי צוגעלייגט שעלמיש.

— פירסטין... — האָב איך געהאַט ארויסגערעדט...

— ערשטענס, רופט מיך זינאַאידאַ אַלעקסאַנדראָוונא; און, צווייטענס, וואָרום האָבען קינדער א טבע — (זי האָט זיך פערכאַפּט) — איך מיין: יונגע לייט... ניט צו זאָגען גלייך דאָס, וואָס זיי פיהלען? דאָס פּאַסט פאַר ערוואַקסענע. איך בין דאָך אייך געפעהלען, יאָ?

הגם מיר איז זעהר אַנגענעהם געווען, וואָס זי רעדט צו מיר אזוי אָפען, האָב איך פונדעסטוועגען זיך אביסעלע בעליידיגט. איך האָב איהר געוואָלט ווייזען, אז זי האָט דאָ צו טהאָן ניט מיט אַן אינגעל, און האָב געמאַכט ווי ווייט מעגליך אַן ערנסטע מינע און געזאָגט:

— געוויס, איהר געפעהלט מיר זעהר, זינאַאידאַ אַלעקסאַנדראָוו־נאַ; איך וויל עס ניט פערלייקענען.

זי האָט לאַנגזאַם א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ.

— האָט איהר א גובערנער? — האָט זי פּלוצים געפרעגט.

— ניין, איך האָב שוין לאַנג ניט קיין גובערנער.

איך האָב געזאָגט א ליגען: ערשט א קנאפּער מאָנאט, ווי איך האָב זיך געהאַט צושיידט מיט מיין פראנצויזישען גובערנער.

— אָה, יאָ! איך זעה טאַקי, אז איהר זייט גאָר א גרויסער.

זי האָט מיר לייכט א פּאַטש געטהאָן איבער די פינגער.

— האַלט גלייך די הענד!

און זי האָט מיט חשק גענומען וויקלען איהר קנייבעל.

איך האָב זיך בענוצט מיט דעם, וואָס זי האָט געהאַלטען די אויגען אויפ'ן קנייבעל, און האָב זי גענומען בעסער בעטראַכטען, אפריהער פער'גנב'עט, דערנאָך אַלץ דרייסטער און דרייסטער.

איהר פּנים האָט זיך מיר אויסגעוויזען נאָך רייצענדער ווי נעכ־טען: אַלעס אויף איהם איז געווען אַזוי עדעל, קלוג און ליעב. זי איז געזעסען מיט'ן רוקען צום פענסטער, וואָס איז פערהאַנגען געווען מיט א ווייסען פאָרהאַנג; א שטראַהל פון דער זון, דורכרייסענדיג זיך דורך דעם פאָרהאַנג, האָט בעגאָסען מיט א ווייכען ליכט איהרע פוכאָווע, גאָלד־בלאָנדע האָאָר, איהר אונשולדיגע האַלז, די רונדע אַקסלען און דעם צאַרטען, רוהיגען בוזים.

איך האָב געקוקט אויף איהר, און ווי טהייער און נאָהענט זי איז מיר געוואָרען! מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אז איך קאָן זי שוין לאַנג־לאַנג און אויך, אז ביז איהר האָב איך ניט געלעבט און גאָר נישט געוואוסט...

זי האָט געטראָגען א דונקעל אַלטער קלייד מיט א שירץ. איך וואָלט, דאַכט זיך, מיט פערגעניגען געגלעט יעדען זוימעלע פון דעם דאָזיגען קלייד און שירץ. די שפּיצען פון איהרע שיכעלאַך האָבען ארויס־געקוקט פון אונטער איהר קלייד, איך וואָלט מיט עהרפורכט צוגעפאַלען צו די דאָזיגע שיכלאַך... און אָט זיץ איך געגענאיבער איהר — האָב איך א טראַכט געטהאָן — איך האָב זיך מיט איהר בעקאַנט... וואָס פאַר א גליק, מיין גאָט!

איך בין שיעור פונ'ם שטוהל ניט ארונטערגעשפּרונגען פאַר התפּעלות, האָב אָבער בלויז מיט די פּיס א שאָקעל געטהאָן, ווי א קינד, וואָס נאַשט.

איך האָב זיך געפיהלט אַזוי גוט, ווי א פיש אין וואַסער, און אייביג וואָלט איך אַזוי געזעסען אין יענעם צימער, אויף יענעם שטוהל.

זי האָט רוהיג אויפגעהויבען איהרע אויגען־ליעדער, און ווידער

האָבען פאַר מיר געשטראַהלט איהרע ליכטיגע אויגען, און ווידער האָט זי אַ שמייכעל געטהאָן מיט שפּאַס.

— ווי איהר קוקט עס אויף מיר! — האָט זי לאַנגזאַם ארויס־גערעדט און מיך אַ סטראַשע געטהאָן מיט אַ פינגער.

איך בין רויט געוואָרען...

— זי פערשטעהט אַלעס, זי זעהט אַלעס — איז דורכגעלאָפען אין מיין מוח — און ווי זאָל זי ניט פערשטעהן און ניט זעהן!

פּלוצים האָט עפּעס אַ קלאַפּ געטהאָן אינ'ם צווייטען צימער; עס האָט זיך דערהערט אַ קלינגען פון אַ זעבעל.

— זינאַ! — האָט זיך דערהערט דער פירסטינ'ס קול פונ'ם גאַסט־צימער: — ביעלאָוואַראָוו האָט דיר געבראַכט אַ קעצעלע.

— אַ קעצעלע! — האָט אַ געשריי געטהאָן זינאַאידאַ, מיט אימ־פּעט זיך אַ כאַפּ געטהאָן פונ'ם שטוהל, אַ וואָרף געטהאָן דעם קנייכעל מיר אויף די קניע און איז ארויסגעלאָפען.

איך בין אויך אויפגעשטאַנען און, אַוועקגעלייגט דעם בינטעל וואָל און דעם קנייכעל אויפ'ן פענסטער, בין איך ארוים אין גאַסט־צימער און געבליבען שטעהן שטאַרק צומישט.

אין מיטען צימער איז געלעגען מיט צושפּרייטע לאַפּקעס אַ גע־שטרייפטע קעצעלע; זינאַאידאַ איז געשטאַנען פאַר איהר אויף די קניע און פאָרזיכטיג זי געהאַלטען פאַר דער מאָרדאָטשקע. נעבען דער פירסטין, פאַרשטעלענדיג כמעט די גאַנצע וואַנד צווישען די פענסטער, האָט ארויסגעקוקט אַ בלאָנדער און געקרויזטער חברה־מאַן, אַ הוסאַר, מיט אַ רויטען פּנים און אויסגעפּוטשעטע אויגען.

ווי קאָמיש זי קוקט אויס! — האָט גערעדט זינאַאידאַ — און אויגען האָט זי ניט קיין גרויע, נור גרינע, און אַזוינע לאַנגע אויערען! איך דאַנק אייך, וויקטאָר יעגאָריטש! איהר זייט זעהר ליעבענסוויר־דיג!

דער הוסאַר, אין וועלכען איך האָב דערקאַנט איינעם פון די יונגע לייט, וואָס איך האָב נעכטען געזעהן, האָט אַ שמייכעל געטהאָן און זיך פערנייגט; דערביי האָט ער אַ הילך געטהאָן מיט די שפּאָרען און אַ קלונג געטהאָן מיט די רינגעלאַך פונ'ם זעבעל.

— איהר האָט נעכטען געזאָגט, אַז איהר וואָלט וועלען האָבען אַ

געשטרייפטע קעצעלע מיט לאנגע אויערען... האב איך געקראָגען. אייער וואָרט איז געזעץ.

און ער האָט זיך ווידער פערנייגט.

די קעצעלע האָט שטיל א קוויטשע געטהאָן און גענומען שמעקען די פּאָדלאָגע.

— זי איז הונגעריג! — האָט אויסגעשריען זינאאידא — וואָני־פּאטי, סאָניא! ברענגט אהער מילך.

די דיענסט, אין אַן אַלטען געלען קלייד און מיט אַן אָפּגעקראָכע־נעם טיכעל אויף דער האלז, איז אריינגעקומען מיט א טעצעל מילך אין די הענד און איהם אוועקגעשטעלט אויף דער פּאָדלאָגע פאַר דער קעצעלע.

די קעצעלע האָט זיך א טרייסעל געטהאָן, זיך פערזשמורעט און אָנגעהויבען צו לאָקטשען.

— וואָס פאַר א ראָזעווע צינגעלע זי האָט! — האָט בעמערקט זינאאידא, צובויגענדיג דעם קאָפּ כמעט צו דער פּאָדלאָגע און אריינקוקענדיג דער קעצעלע פון דער זייט אונטער דער נאָז.

די קעצעלע האָט זיך זאַט אָנגעגעסען און גענומען מיאוקען, שפּיע־לענדיג זיך מיט די לאַפּקעס. זינאאידא האָט זיך אויפגעהויבען און, א קעהר געטהאָן זיך צו דער דיענסט, האָט זי גלייכגילטיג געזאָגט:

— נעהם זי צו פון דאנען.

— אייער הענטעלע פאר דער קעצעלע — האָט ארויסגערעדט דער הוסאר, ארויסשטעלענדיג זיינע לאַכעדיגע צייהן און אויסבוי־גענדיג זיך מיט זיין גאנצען מעכטיגען קערפּער.

— ביידע! — האָט געענטפערט זינאאידא און אויסגעשטרעקט צו איהם די הענד. וועהרענד ער האָט זיי געקושט, האָט זי געקוקט אויף מיר איבער׳ן אַקסעל.

איך בין געשטאנען, ווי א גולם, אויף איין פּלאַץ און ניט גע־וואוסט, צו זאָל איך זיך צולאַכען, צו זאָל איך עפּעס זאָגען אָדער ווייטער שווייגען.

פּלוצים האָט זיך מיר אין די אויגען געוואָרפען דורך דער אָפענער טהיר פון׳ם פאָרצימער די געשטאַלט פון אונזער לאַקעי פיאָדער. ער האָט געמאַכט צו מיר צייכענס, איך בין מעכאַניש אַרויסגעלאָפען צו איהם.

— וואָס איז? — האָב איך געפרעגט.

— די מוטער רופט אייך — האָט ער ארויסגעשעפּצעט — זי איז בייז אויף אייך, וואָס איהר זייט ביז אהער ניט צוריקגעקומען מיט אַן ענטפער.

— בין איך דען דאָ אזוי לאַנג?

— מעהר ווי אַ שטונדע.

— מעהר ווי אַ שטונדע — האָב איך ניט ווילענדיג איבערגע־חזר'ט און, צוריקגעקעהרט זיך אין גאסט־צימער, האָב איך זיך גענומען נייגען און שאַרען מיט די פיס.

— וואוהין אַנטלויפט איהר? — האָט מיך זינאאידא געפרעגט, ארויסקוקענדיג פון הינטער דעם הוסאַר'ס רוקען.

— איך מוז געהן אהיים. וועל איך אזוי זאָגען — האָב איך צו־געלייגט, ווענדענדיג זיך צו דער אלטער: — אז איהר וועט זיין ביי אונז אזייגער צוויי.

— אזוי זאָלט איהר זאָגען, פאָטערל.

די פירסטין האָט געאיילט אויפגעזוכט איהר טאַבאַק־פּושקע און מיט אזאַ געפּילדער אַ שמעק געטהאָן, אז איך האָב זיך אַ טרייסעל געטהאָן.

— אזוי זאָלט איהר זאָגען — האָט זי איבערגע'חזר'ט, קרעכצענ־דיג און פינטלענדיג מיט פערטרעהרטע אויגען.

איך האָב זיך נאָך אמאָל פערנייגט, אַ קעהר געטהאָן זיך און בין ארויס פונ'ם צימער מיט יענעם אונאַנגענעהמען געפיהל אינ'ם רוקען, וואָס עס פיהלט זעהר אַ יונגער מענש, בעת ער ווייס, אז מען קוקט איהם נאָך פון הינטען.

— מוסיא וואָלדעמאַר, פערגעסט ניט צו קומען צו אונז — האָט זינאאידא אַ געשריי געטהאָן און זיך ווידער צולאַכט.

— וואָס לאַכט זי אזוי נאָכאַנאַנד? — האָב איך געטראַכט, צו־ריקקעהרענדיג זיך אהיים מיט פיאָדער'ן.

די מוטער האָט מיך אויסגעזידעלט און זיך געוואונדערט, וואָס האָב איך אזוי לאַנג געקענט טהאָן ביי דער דאָזיגער פירסטין?

איך האָב איהר גאָר גישט ניט געענטפערט און בין אוועק צו זיך אין צימער. מיר איז מיט אמאָל געוואָרען זעהר טרויעריג אויפ'ן האַר־

צען . . . איך האב זיך שיעור־שיעור ניט צו־וויינט... א געפיהל פון איי־פערזוכט צום הוסאר האט מיך גענומען מוטשען.

---

V.

די פירסטין האט איהר פערשפרעכען געהאלטען, בעזוכט מיין מו־טער און איז איהר ניט געפעהלען געוואָרען. איך בין ניט געווען דער־ביי, בעת די פירסטין האט זי בעזוכט, נור שפעטער ביים מיטאָג, האָב איך געהערט, ווי די מוטער האט דערצעהלט דעם פאָטער, אז די פירס־טין זאסיעקינא מאכט אויף איהר אן איינדרוק פון א וואולגארער פרוי, אז זי האָט איהר זעהר דערעסען מיט איהרע ביטעס צו כאָדאטאיעווען פאר איהר ביים פירסט סערגעי, אז זי האָט דאָרט עפּעס פּראָצעסען און איז מסתמא איינע פון יענע, וואָס האָבען ליעב זיך צו לאדען אין די געריכטען. פונדעסטוועגען, האט די מוטער געזאָגט, האָט זי איינגעלאָ־דען איהר און די טאָכטער איהרע מאָרגען אויף מיטאָג (דערהערט דאָס וואָרט „די טאָכטער איהרע", האָב איך אריינגערוקט די נאָז אין טע־לער), — וואָרום זי איז פאָרט א שכנה און מיט א נאָמען.

דאָ האָט מיין פאָטער פלוצים ערקלעהרט, אז ערשט דערמאָנט ער זיך, ווער די פירסטין זאסיעקינא איז; אז אין זיינע יונגע יאָהרען האָט ער געקאָנט דעם פערשטאָרבענעם פירסט זאסיעקין, וואָס איז געווען א גוט ערצויגענער, אָבער פוסטער און נארישער מענש; אז אין געזעל־שאפט האָט מען איהם גערופען „דער פּאריזער", ווייל ער האט א לאנגע צייט געוואוינט אין פאריז; אז ער איז אמאָל געווען זעהר רייך, האָט אָבער פערשפּיעלט זיין גאנץ פערמעגען און האָט שפּעטער, מען ווייס ניט וואָרום, קאָן זיין צוליעב געלד, אָבער ער האָט געקאָנט זיך א בע־סערע אויסוועהלען — האָט צוגעלייגט דער פאָטער און קאַלט א שמייכעל געטהאָן — האָט ער חתונה געהאָט מיט עפּעס א בעאמטענ'ס א טאָכטער און נאָך דער חתונה האָט ער זיך אריינגעלאָזט אין ספּע־קולאציאָנען און איז אין גאנצען בדלות געוואָרען.

— עס קאָן נאָך זיין, אז זי וועט בעטען געלד לייהען — האָט זיך אָנגערופען די מוטער.

— דאָס איז אויך מעגליך — האָט דער פאָטער רוהיג געזאָגט — רעדט זי אויך פראַנצויזיש?
— זעהר שלעכט.
— הם! דאָס איז אָבער קיין אונטערשייד. דו האָסט, דאַכט זיך, מיר געזאָגט, אַז דו האָסט איהר טאָכטער אויך איינגעלאַדען. מיר האָט עמיצער געזאָגט, אַז די טאָכטער איז זעהר אַ פיינע און געבילדעטע מיידעל.
— אָ! הייסט עס, אַז זי איז ניט געראָטען אין איהר מוטער.
— און אין איהר פאָטער אויך ניט — האָט דער פאָטער גע־ ענטפערט — יענער איז אפילו געווען אַ געבילדעטער מאַן, אָבער אַ גרויסער נאַר.
די מוטער האָט זיפץ געטהאָן און זיך פערטראַכט. דער פאָ־ טער איז אנשוויגען געוואָרען, אין פערלויף פון׳ם גאַנצען געשפּרעך האָב איך זיך געפיהלט זעהר ניט אנגענעהם.
נאָך מיטאָג בין איך אוועק אין גאָרטען, אָבער אָהן אַ ביקס. איך האָב זיך געהאַט געגעבען אַ וואָרט, ניט צוצוגעהן צו „זאַסיעקינ׳ס גאָרטען", אָבער אַ גוואַלדיגע קראַפט האָט מיך אַהין געצויגען, און ניט אומזיסט. איך האָב נאָך ניט צייט געהאַט צוצוגעהן נאָהענט צום פאַר־ קאַן, ווי איך האָב דערזעהן זינאַאידאַ׳ן. דאָס מאָל איז זי געווען אליין. זי האָט געהאַלטען אַ בוך אין די הענד און איז לאַנגזאַם געגאַנגען אי־ בער׳ן וועג. זי האָט מיך ניט בעמערקט.
איך האָב זי שיעור־שיעור ניט דורכגעלאָזט פערביי מיר, אָבער פלוצים האָב איך זיך אַ כאַפּ געטהאָן און אַ הוסט געטהאָן.
זי האָט זיך אומגעקוקט, האָט זיך אָבער ניט אָפּגעשטעלט, האָט אָפּגעשאַרט מיט אַ האַנד די ברייטע, בלויע שטענגע פון איהר רונדער שטרויענער הוט, אַ קוק געטהאָן אויף מיר, רוהיג אַ שמייכעל געטהאָן און ווידער גענומען קוקען אין בוך אריין.
איך האָב אַרונטערגענומען דאָס היטעל, אַ ווײַלע אַרומגעדרעהט זיך אויף איין אָרט און בין אוועק מיט אַ שווערען האַרצען.
איך האָב דערהערט הינטער זיך בעקאַנטע טריט: איך האָב זיך אומגעקוקט — מיין פאָטער איז געגאַנגען צו מיר מיט זיינע שנעלע און לייכטע טריט.

— דאָס איז די יונגע פירסטין? — האָט ער מיך געפרעגט.
— זי.
— דו קאָנסט זי דען?
— איך האָב זי היינט אין דער־פריה געטראָפען ביי איהר מור־טער.

דער פאָטער האָט זיך אָפּגעשטעלט און, א דרעה געטהאָן זיך אויף זיינע אָפּזאַצען, איז ער אוועק צוריק.

פערבייגענדיג זינאאידא'ן, האָט ער זיך העפליך א נייג געטהאָן צו איהר. זי האָט איהם אויך געענטפערט מיט א נייג און פערוואונ־דערט, און ארונטערגעלאָזט דעם בוך. איך האָב געזעהן, ווי זי האָט איהם בעגלייט מיט די אויגען. מיין פאָטער האָט זיך תמיד געקליידעט שעהן אָריגינעל און איינפאַך; אָבער קיינמאָל האָט זיין פיגור מיר זיך ניט אויסגעוויזען מעהר שלאַנק, קיינמאָל איז זיין גרויע הוט שעהנער ניט געזעסען אויף זיינע געקרויזטע האָאָר.

איך בין געוועזט ווידער צוגעגאַנגען צו זינאאידאַ'ן, אבער זי האט אפילו ניט א קוק געטהאָן אויף מיר, האט ווידער צוגעטראָגען דעם בוך נעהענטער צו די אויגען און איז אוועק ווייטער.

---

## VI.

דעם גאַנצען אויף־דער־נאַכט און דעם אויף מאָרגענדיגען אין־דער־פריה בין איך ארומגעגאַנגען ווי א צודולטער. איך געדענק, איך האב געפּרובט זיך זעצען ארבייטען, האב זיך גענומען פאר קיידאַ־נאָוו'ס לעהר־בוך, אבער אומזיסט האבען פאר מיינע אויגען געמיניעט די צוציינגענע שורות און בלעטלאַך פון דעם דאָזיגען בעריהמטען לעהר־בוך. אמאָל צעהן נאָכאַנאַד האָב איך איבערגעלעזען די ווער־טער: „יוליוס צעזאר האט זיך אויסגעצייכענט מיט מיליטערישען מוטה,״ האב גאָר ניט פערשטאַנען און אוועקגעפּאָרפען דאָס בוך.

פאר מיטאָג האב איך זיך ווידער בעשמירט מיט פּאָמאַדע און ווידער אָנגעטאָהן א רעקעל און א האַלזטוך.

— צו וואס איז דאס ? — האט געפרעגט די מוטער — דו ביזט דערווייליע נאָך גיט קיין שטודענט און גאָט ווייסט, אויב דו וועסט נאָך אויסהאַלטען דיין עקזאמען. און ווי לאַנג האט מען דיר געמאכט דיין קורטקע ? ווילסט שוין זי אוועקוואַרפען ?

— עס וועלען זיין געסט — האב איך ארויסגעמורמעלט כמעט פערצווייפעלט.

— נארישקייטען ! אויך מיר געסט !

איך האב זיך געמוזט אונטערוואַרפען מיין ביטערען שיקזאַל. איך האב אויסגעטאָן דעם רעקעל און ווידער אָנגעטאָן די קורטקע, אבער דעם האַלזטוך האב איך ניט אויסגעטאָן.

די פירסטין מיט איהר טאָכטער זיינען געקומען א האַלב שטונדע פאר'ן מיטאָג.

די אַלטע איז געווען אָנגעטאָן אין דעם גרינעם קלייד מיט א געלער שאַל איבער די אַקסלען און אויפ'ן קאָפּ האָט זי געטראָגען אַן אַלט־פרענקישען צעפּיק מיט שטענגעס פון פייערדיגען קאָליר.

זי האט גלייך אָנגעהויבען צו ריידען וועגען איהרע וועקסלען, האט געאָכצעט, געקלאָגט זיך אויף איהר אָרימקייט, האט זיך גאָר ניט זשעגירט : געשמעקט מיט געפילדער איהר טאבאק און ארומגעטאַנצט אויף איהר שטול.

איהר איז, הפּנים, אין'ם זינען ניט געלעגען, אז זי איז א פירסטין.

דערפאר אבער האט זיך זינאאידא געהאַלטען זעהר שטרענג, כמעט הויכמוטהיג, מעשה אמת'ער פירסטין.

אויף איהר פּנים איז ווי פערגליווערט געווען א קאַלטע מינע און גדלות, און איך האב זי ניט דערקענט, ניט דערקענט איהר בליק, איהר שמייכעל, הגם, ווי זי האט איצט אויסגעזעהן, האט זי זיך מיר אויסגעוויזען נאָך שעהנער.

זי האט געטראָגען א בארעזשעווען קלייד מיט בלייך־בלויע מוס־טערען ; לאַנגע לאָקען האָאָר האבען זיך געבאמבעלט אויף איהרע באַקען, אויפ'ן ענגלישען שטייגער ; דאס האט זיך זעהר געפּאסט צו דעם קאַלטען אויסדרוק פון איהר פּנים.

מיטאָג צייט איז מיין פאָטער געזעסען נעבען איהר און האט זי

די גאנצע צייט אונטערהאלטען מיט זיין אייגענארטיגער עלעגאנטער און רוהיגער העפליכקייט.

גאנץ זעלטען האט ער אויף איהר געקוקט און גאנץ זעלטען האט זי אויף איהם געקוקט, און דערצו נאך מאדנע, כמעט פיינדליך.

זיי האבען גערעדט אויף פראנצויזיש און, איך געדענק, ווי מיך האט געוואונדערט איהר ריינע אויסשפראכע.

די מוטער איהרע האט זיך ביים טיש אויך ניט זשענירט, האט פיעל געגעסען און געלויבט די געקעכץ. מיין מוטער האט, קאנטיג, זי ניט געקענט פערטראגען און געענטפערט אויף איהרע פראגען מיט א טרויעריגער מינע און ניט גערן. דער פאטער האט צייטענווייז גע־קנויטשט עטוואס די ברעמען. זינאאידא איז אויך ניט געפעלען געווא־רען מיין מוטער. זי איז עפעס א מאדנע גרויס־האלטערין — האט זי גערעדט אויף מארגען — און פרעג: אויף וואס שטאלצירט זי אזוי? קוקט אוים ווי א גריזעטע!

— דו האסט הפנים קיינמאל ניט געזעהן קיין גריזעטעס — האט איהר בעמערקט דער פאטער.

— און א דאנק גאט דערפאר!

— געוויס, א דאנק גאט... אבער ווי קאנסטו זאגען א מיינונג וועגען זיי?

אויף מיר האט זינאאידא זיך גאר ניט אומגעקוקט.

באלד נאך מיטאג האט די פירסטין זיך גענומען זעגענען.

— איך וועל האפען אויף אייער הילף, מאריא ניקאלאיעווגא און פיאטער וואסיליטש — האט זי זיך געווענדעט מיט א נגון צו מיין מוטער און פאטער — וואס קען מען העלפען! געווען אמאל צייטען, זיי זיינען אבער שוין מעהר ניטא! אט איך בין אן עקסעלענץ — האט זי צוגעלייגט מיט אן אונאנגענעהמען געלעכטער — אבער דעם עקסעלענץ קען מען ניט קייען!

דער פאטער האט רעספעקטפול זיך פערנייגט פאר איהר און זי בעגלייט ביז דער טהיר פון׳ם פארצימער.

איך בין דא אויך געשטאנען אין מיין צרה׳דיגער קורטקע און געקוקט אויף דער פאדלאגע, אזוי ווי א פעראורטהיילטער צום טויט. זינאאידא׳ס האלטונג געגען מיר האט מיך אין גאנצען דער׳הרג׳עט. היינט שטעלט זיך פאר, ווי איבערראשט איך בין געווארען, ווען זי,

פערבייגעהענדיג מיך, האט שנעל און מיט דעם פריהערדיגען פריינד־ליכען אויסדרוק אין די אויגען, ארויסגעשעפטצעט צו מיר:

— קומט צו אונז אום אכט אוהר, איהר הערט, אונבעדינגט...

איך האב בלויז א מאַך געטהאָן מיט די הענד, אבער זי איז שוין אוועק, ארויפוואַרפענדיג אויפ׳ן קאָפּ א ווייסען שאַרף.

---

## VII.

פונקט אום אכט אוהר בין איך אין׳ם רעקעל מיט א שעהן־פער־קאַמטען קאָפּ אריין אין פאַרצימער פון׳ם פליעגעל, וואו די פירסטין האט געוואוינט.

דער אלטער דיענער האט פינסטער א קוק געטהאָן אויף מיר און ניט גערן זיך אויפגעהייבען פון׳ם בענקעל.

פון׳ם גאסט־צימער האבען זיך געהערט פרעהליכע שטימען.

איך האב געעפענט די טהיר און זיך א כאַפּ געטהאָן צוריק פאר איבעראַשונג.

אין מיטען צימער איז געשטאַנען אויף א שטול די יונגע פיר־סטין און האט געהאַלטען פאר זיך א מענערשע הוט; ארום דעם שטול האבען זיך געשטופּט פינף מענער. זיי האבען זיך געשטאַרעט אריינ־צורוקען די הענד אין הוט, און זי האט די הוט געהייבען אלץ העכער אין לופטען און שטאַרק געטרויסעלט מיט איהר.

דערזעהן מיך, האט זי א געשריי געטהאָן: ווארט, ווארט, א נייער גאַסט, מען דאַרף איהם אויך געבען א בילעט!

און, ארונטערגעשפּרונגען פלינק פון׳ם שטול, האט זי מיך אָנגע־נומען פאר א לאַץ פון׳ם רעקעל.

—קומט — האט זי געזאָגט — וואס שטעהט איהר? מיינע הערן, ערלויבט, איך וועל אייך פאָרשטעלען: דאס איז מוסיאַ וואל־דעמאַר, דער זוהן פון אונזער שכן. און דאס איז — האט זי צוגע־לייגט, ווענדענדיג זיך צו מיר און אָנווייזענדיג נאָך דער רייהע נאָך אויף די געסט — גראַף מאַליעווסקי, דאָקטאָר לושין, מיידאַנאָוו, א

פּאָעט, דער אויסגעדיענטער קאַפּיטאַן נירמאַצקי און ביעלאָוואָראָוו, א הוסאַר, וועלכען איהר האט שוין געזעהן. איך בעט אייך ליעבען און אכטען.

איך בין אזוי צומישט געוואָרען, אז איך האב אפילו קיינעם ניט בעגריסט; אין'ם דאָקטאָר לושין האב איך דערקאָנט דעם זעלביגען הערר, וועלכער האט מיך אזוי אומברחמנות'דיג פערשעהמט אין'ם גאָרטען; די איבריגע זיינען מיר געווען אונבעקאַנט.

— גראַף! — האט ווייטער גערעדט זינאַאידא — שרייבט אַן פאר מוסיאָ וואָלדעמאַר א בילעט.

— דאס איז ניט ריכטיג — האט זיך אָנגערופען מיט א לייכטען פּוילישען אַקצענט דער גראַף, זעהר א שעהנער און עלעגאַנטער ברו־נעט, מיט אויסדרוקספולע קאַרע אויגען, מיט א שמאָלען ווייסען נע־זעל און דינע וואָנצעס אויף א קליינעם מויל — זיי האבען ניט גע־שפּיעלט מיט אונז אין פאַנטען.

— ניט ריכטיג! — האבען אויך אונטערהאַלטען ביעלאָוואָראָוו און דער הערר, וואס זי האט פאר מיר פאָרגעשטעלט אלס אויסגע־דיענטען קאַפּיטאַן, א מאַן פון א יאָהר פערציג, א געשטופּעלטער ביז העסליכקייט, א געקרויזטער, ווי א ניגער, א איינגעהויקערטער, א קרומער, אַן אָנגעטאָנענער אין א צושפּילעטען מיליטערישען ראָק אָהן שליפּעס.

— מען זאָגט אייך, שרייבט אַן דעם בילעט — האט געשריען זינאַאידא — וואס איז דאָ פאר א בונט? מוסיאָ וואָלדעמאַר איז מיט אונז היינט דעם ערשטען מאָל, און פאר איהם איז היינט קיין געזעץ געשריעבען. בורטשעט ניט, שרייבט אָן, איך וויל אזוי.

דער גראַף האט א דריק געטהאָן מיט די אַקסלען, אבער האט געהאָרכזאַם איינגעבויגט דעם קאָפּ, גענומען א פעדער אין זיין ווייסער, מיט רינגען בעפּוצטער האנד, האט אָפּגעריסען א שטיקעל פּאַפּיר און גענומען אויף איהם שרייבען.

— אם וועניגסטען, ערלויבט צו ערקלערען דעם הערר וואָלדעמאַר וועגען וואס דאָ האנדעלט זיך — האט אָנגעהויבען מיט א שפּאָטישען קול לושין — ווארום ער האט זיך גאָר פערלאָרען. פערשטעהט איהר, יונגערמאַן: מיר שפּיעלען אין פאַנטען; די פירסטין דארף בעצאָהלען איהר שטראָף, און יענער וואס וועט ארויסנעהמען דעם מזל'דיגען בי־

לעט, וועט האבען דאס רעכט א קוש טהאָן איהר הענטעלע. האט איהר פערשטאַנען, וואס איך האב אייך געזאָגט?

איך האב בלויז א קוק געטהאָן אויף איהם און ווייטער געשטאַנען, ווי א פערטשאַדעטער, און די פירסטין איז ווידער ארויפגעשפרונגען אויפ'ן שטול און האָט ווידער גענומען טרייסלען מיט דער הוט.

אלע האבען זיך א ציה געטהאָן צו איהר און איך נאָך די אנדערע.

— מאַידאַנאָוו — האט זיך געווענדעט די פירסטין צו א הויכען יונגענמאַן מיט א דאַרען פנים, קליינציקע בלינדע אויגלאַך און מיט זעהר לאַנגע שוואַרצע האָאָר — איהר, אלס פּאָעט, דאַרפט זיין גרויסמוטהיג און אָפּלאָזען אייער בילעט מוסיאָ וואָלדעמאַר'ן, אזוי אז ער זאָל האבען צוויי שאַנסען, אנשטאָדט איינעם.

אבער מיידאַנאָוו האט א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ: ניין, און א טרייסעל געטהאָן מיט די האָאָר. איך האב דער לעצטער אריינגערוקט די האַנד אין הוט, ארויסגעשלעפּט א בילעט און איהם אויפגעוויקעלט... גאָט מיינער! ווי האב איך אויסגעזעהן, בעת איך האב איבערגעלעזען אויף איהם דאס וואָרט: א קוש!

— א קוש! — האט זיך ביי מיר ארויסגעריסען געגען מיין ווילען.

— בראַוואָ! ער האט געוואונען — האט אונטערגעכאַפּט די יונגע פירסטין. זי איז ארונטערגעשפּרונגען פון'ם שטול און האט אזוי ליכטיג און זיעס אריינגעקוקט מיר אין די אויגען, אז דאס הארץ אין מיר איז שיעור ניט צוגאַנגען.

— און איהר זייט צופריעדען ?— האט זי מיך געפרעגט.

—איך ?.. — האב איך ארויסגעשטאַמעלט.

— פערקויפט מיר אייער בילעט — האט פּלוצים מיר א טורקע געטהאָן אויפ'ן אויער ביעלאָוזאָראָוו — איך וועל אייך געבען הונדערט רוביל.

איך האב געענטפערט דעם הוסאַר מיט אזא פערעכטליכען בליק, אז זינאַאידאַ האט גענומען פּאַטשען אין די הענד, און לושין האט אויסגעשריען:

—א בראַווער יונג!

— אָבער — האָט ער גערעדט ווייטער — איך, אלס צערעמאָניע

מייסטער, מוז אַכטונג געבען, אז אַלע רעגעלען זאָלן אָפּגעהיט ווערען. מוסיאָ וואָלדעמאר, שטעלט זיך אוועק אויף איין קניע. אזוי פיהרט זיך ביי אונז.

זינאאידאַ האט זיך אוועקגעשטעלט פאר מיר, האט איינגעבויגט אביסעלע דעם קאָפּ אויף א זייט, אקוראט ווי זי וואָלט וועלען מיך בעסער בעטראַכטען, און זי האט מיט א פייערליכער מינע אויסגע־שטרעקט צו מיר א האנד.

מיר איז פינסטער געוואָרען פאר די אויגען; איך האב זיך גע־וואָלט ארונטערלאָזען אויף איין קניע און בין געפאַלען אויף ביידע, און איך האב זיך אזוי אומגעלומפּערט צוגעריהרט מיט די ליפּען צו זינאאידאַ׳ס פינגער, אז איך האב זיך אָפּגעקראַצט דעם שפּיץ נאָז אָן איהרען א נאָגעל.

— פיין! — האט אויסגעשריען לושין און געהאָלפען מיר אויפ־הייבען זיך.

מען האט זיך ווידער געזעצט שפּיעלען אין פאנטען. זינאאידא האט מיך אוועקגעזעצט נעבען זיך. וואס פאר א שטראפען האט זי נים אויסגעטראכט! צווישען אנדערש, איז איהר אויסגעקומען פאָר־צושטעלען א „סטאטוע" און זי האט אלס פּיעדעסטאל פאר זיך אויס־געקליבען דעם העסליכען נירמאצקי׳ן, האט איהם געהייסען זיך אויס־ציהען מיט׳ן פּנים ארונטער און דערצו נאָך ארייַנדריקען דעם פּנים אין ברוסט.

דאס געלעכטער האט ניט אויפגעהערט אויף א רגע. מיר, דעם אנשטענדיג ערצויגענעם איינגעל, וואס איז אויסגעוואקסען אין דעם פּריצישען, ציערליך־מאנירליכען הויז, האט דער דאָזיגער געפּילדער און ליארם, די דאָזיגע פרייע, כמעט ווילדע פרעהליכקייט, די דאָזיגע מערקווירדיגע בעציהונגען צווישען אונבעקאנטע מענשען,—אין גאנ־צען דעם קאָפּ צומישט. איך בין פּשוט פער׳שכור׳ט געוואָרען, ווי פון וויין. איך האב גענומען לאכען אויפ׳ן קול און שרייען העכער פון אלעמען, אזוי אז אפילו די אלטע פירסטין, וועלכע איז געזעסען אין׳ם צווייטען צימער מיט עפּעס א ווינקעל־אדוואָקאט, וועלכען זי האט געהאט איינגעלאדען אויף אן עצה צו געבען, איז אויך ארויסגעקומען א קוק טהאָן אויף מיר.

אבער איך האב זיך געפיהלט אזוי גליקלאך, אז עס האבען מיך

ניט געהארט קיינעמ'ס בעמערקונגען, קיינעמ'ס שפּאַטערייען און קיי־נעמ'ס קרומע בליקען.

זינאאידא האט מיך די גאנצע צייט ניט אָפּגעלאָזען פון זיך.

ביי איין שטראָף איז מיר אויסגעקומען צו זיצען מיט איהר, אי־בערגעדעקט מיט איינעם און דעם זעלביגען זיידענעם טיכעל: איך האב איהר געדאַרפט זאָגען מיין „סעקרעט." איך געדענק, ווי ביידע קעפּ אונזערע האבען זיך צונויפגעשטויסען אין דער שטיקענדיגער, האלב דורכזיכטיגער, שמעקענדיגער דונקעלקייט, ווי אין דער דאָזיגער דונקעלקייט האבען נאָהענט און ווייך געשיינט איהרע אויגען און איהרע אָפענע ליפּען האבען היים געאָטהעמט, און איהרע צייהן האבען זיך ארויסגעזעהן און די שפּיצען פון איהרע האָאר האבען מיך געקי־צעלט און געבריעט.

איך האב געשוויגען. זי האט געשמייכעלט געהיימניספול און שעלמיש און צום סוף האט זי ארויסגעשעפּטצעט צו מיר: „נו וואס שווייגט איהר?" און איך האב בלויז געפּיהלט, ווי מיין פּנים פלאמט, האב געלאַכט און זיך אָפּגעקעהרט פון איהר, און קוים געקאָנט אָפּ־כאַפּען דעם אָטהעם.

די פאנטען האבען אונז דערעסען און מיר האבען גענומען שפּיע־לען אין „שטריקעל."

גאָט מיינער, ווי בעגייסטערט איך בין געוואָרען, ווען זי האט מיר א שטארקען קלאַפּ געגעבען איבער די פינגער, בעת איך האב א גענעץ געטהאָן! ווי אנגענעהם מיר איז געווען בעת איך האב דערנאָך אור־מיסטנע געמאַכט מינעס, כלומרשט, אז איך גענעץ, און זי האט זיך גע־רייצט מיט מיר!

וואס האבען מיר ניט צוארבייט יענעם אָבענד! מיר האבען אויף דער פּאָרטעפּיאַנאָ געשפּיעלט און געזונגען, און געטאַנצט און פאָר־געשטעלט א ציגיינערשען לאַגער. נירמאַצקי'ן האבען מיר אָנגעטאָן, ווי א בער, און איהם אָנגעטרונקען מיט זאַלץ־וואַסער. גראַף מאַליעוו־סקי האט געוויזען פערשיעדענע קונצען מיט קארטען. מאַידאַנאָוו האט דעקלאַמירט פאר אונז שטיקלאַך פון זיין פּאָעמע „דער מערדער" (די געשיכטע איז פּאָרגעקומען אין'ם סאמע ברען פון'ם ראָמאַנטיז־מוס), וועלכע ער האט בדעה געהאַט ארויסצוגעבען אין א שווארצען העפט, מיט א טיטול־נאָמען א בלוט־רויטען; ביי דעם ווינקעל־אַר־

וואָקאַט האט מען אוועקגע'גנב'עט דאס היטעל פון זיינע קניע און, אום עס צוריק צו קריגען, האט ער געמוזט טאנצען פאר אונז א קאַזאַטשקע; דעם אלטען וואניפּאטי האט מען אויסגעפּוצט אין א צעפּיק, און זינאאידא האט אָנגעטאָן א מענערשע הוט... אלעס איז שווער אויסצורעכענען. בלויז איין ביעלאָוואָראָוו האט זיך אלץ מעהר און מעהר געבלאָזען און איז געזעסען אין א ווינקעל אָן א זייט...

צייטענווייז זיינען די אויגען ביי איהם פערלאָפען מיט בלוט, דער פּנים האט געפלאַמט ביי איהם פלאַם־פייער און עס האט זיך געדאכט, אז אָט גלייך טהוט ער זיך א וואָרף אויף אונז אלעמען און צושליידערט אונז ווי שפּענדלאַך אויף אלע זייטען; אבער זינאאידא האט געקוקט אויף איהם, האט געסטראָשעט איהם מיט א פינגער און ער האט זיך נאָך טיעפער פערדרוקט אין זיין ווינקעל.

צום סוף זיינען מיר מיעד געוואָרען, אפילו די פירסטין, וואס זי, ווי זי האט אליין געזאָגט, איז קיינמאָל ניט מיעד געוואָרען און האט געקאָנט פערטראָגען דעם גרעסטען ליארם, אפילו זי האט זיך אויך דערפיהלט פערמאַרטערט און געוואָלט געהן רוהען. צוועלף אזייגער ביינאכט האט מען אונז דערלאַנגט נאכט־מאָהלצייט, וואס איז בעשטאַנען פון א שטיקעל אלטען, טרוקענעם קעז און פון עפּעס קוילעטשלאַך, געפילטע מיט געהאַקטע שעפּסען־פלייש, וועלכע האבען פאר מיר געהאַט אלע זיעבען טעמים; וויין האט מען דערלאַנגט אין גאַנצען איין פלאַש, און דערצו נאָך עפּעס אזא מאָדנע, א חושך'דיגע, מיט א געשוואָלענער העלזעל, און דער וויין אליין אין איהר איז געווען עפּעס א מין ראָזאָווער; אגב, האט קיינער איהם ניט געטרונקען.

א מיעדער און א גליקליכער האב איך פערלאָזען דעם פליגעל; בעת זענענען האט זינאאידא מיר פעסט א דריק געטהאָן די האנד און ווידער רעטזעלהאַפט א שמייכעל געטהאָן.

די נאכט האט שווער און פייכט מיר אָן אָטהעם געטהאָן אויף'ן צוהיצטען פּנים; א שטורם האט זיך, דאכט זיך, געקליעבען; שווארצע וואָלקענס זיינען געוואַקסען און געפּויזעט איבער'ן הימעל, בייטענדיג זייערע רויכיגע פאָרמען. א ווינטעל האט זיך אונרוהיג געצאַפּעלט צווישען די דונקעלע ביימער און ערגעץ ווייט, ווייט, הינטער'ן גאָריזאָנט, האט, אקוראט ווי פאר זיך, א דונער געבורטשעט בייז און פערשטיקט.

איך האב זיך אריינגע'גנב'עט אין מיין צימער דורך א הינטער־טהיר. מיין דיענער האט געשלאָפען אויף דער פּאָדלאָגע און מיר איז אויסגעקומען אריבערצוטרעטען איבער איהם. ער האט זיך אויפגע־כאפּט, דערזעהן מיך און מיר גלייך אָנגעזאָגט, אז די מוטער איז ווידער אויף מיר בייז געוואָרען און האט געוואָלט ווידער שיקען נאָך מיר, נור דער פאָטער האט ניט דערלאָזען. (איך האב זיך נאָך קיינמאָל ניט געלייגט שלאָפען אָהן דער מוטער'ס גוטע נאכט.) מילא, פערפאלען!

איך האב געזאָגט מיין דיענער, אז איך וועל זיך אויסטאָן און לייגען זיך אָהן זיין הילף, און איך האב פערלאָשען דאס ליכט. אבער איך האב זיך ניט אויסגעטאָן און ניט געלייגט.

איך האב זיך אנידערגעזעצט אויף א שטול און בין געזעסען לאנג־לאנג, ווי א בע'כישוף'טער. דאס, וואס איך האב געפיהלט, איז געווען אזוי נייע און אזוי זיעס... איך בין געזעסען און האב ניט א ריהר געטהאָן מיט קיין אבר, האָב לאנגזאם געאָטהעמט און בלויז צייטענווייז האב איך אדער געלאכט, דערמאָנענדיג זיך אָן מאנכע שטיפערייען, אדער איך האב געפיהלט א קעלט ביי דעם געדאנק, אז איך בין פערליעבט און אז זי, זי איז די ליעבע.

זינאאידא'ס פנים האט שטיל געשוועבט פאר מיר אין דער פינ־סטערניש, האט געשוועבט און ניט פערביינעשוועבט; איהרע ליפּען האבען ווי פריהער רעטזעלהאפט געשמייכעלט, די אויגען האבען גע־קוקט אויף מיר אביסעלע פון דער זייט פרעגענדיג, פערטראכט און ווייך... פונקט ווי אין יענער רגע, ווען איך האב זיך צושיידט מיט איהר.

צום סוף האב איך זיך אויפגעהייבען, בין צוגעגאנגען אויף די שפּיץ־פינגער צו מיין בעט און פאָרזיכטיג, ניט אויסטהאָנדיג זיך, אוועקגעלייגט דעם קאָפּ אויפ'ן קישען, אקוראט ווי איך וואָלט מורא געהאט, איך זאָל מיט א צו שטאַרקער בעוועגונג ניט אויפרודערען דאס, מיט וואס איך בין פול געווען...

איך האב זיך געלייגט, אבער אפילו אן אויג ניט צוגעמאכט. באלד האב איך בעמערקט, אז צו מיר אין צימער לייכטען אריין נאָכ־אנאנד עפּעס שוואכע אָפּשיינען...

איך האב זיך אויפגעהויבען און א קוק געטהאָן אין פענסטער. זיינע ראהמען האבען זיך קלאָר אָפּגעטהיילט פון די שויבען, וואס זיי־

גען פערגאַסען געוועזען מיט א געהיימניספּולער ווייסקייט.

— א שטורם — האב איך א טראַכט געטהאָן, און, ווירקליך, איז אין דרויסען געוועזען א שטורם, אבער ערגעץ זעהר ווייט, אזוי, אז אפילו קיין דונער האט מען ניט געהערט; אויפ׳ן הימעל נור האבען אויפגע־פלאַמט נאָכאַנאַנד ניט־העלע, לאַנגע, ווי פערצווייגטע בליצען; זיי האבען ניט אזוי אויפגעפלאַמט, ווי זיי האבען זיך געצאַפּעלט און געקאָרטשעט, גלייך פליגלען פון אַ שטאַרבענדען פויגעל.

איך האב זיך אוועקגעשטעלט ביים פענסטער און בין אזוי אָפּ־געשטאַנען ביז אין דער פריה...

די בליצען האבען ניט אויפגעהערט ניט אויף איין רגע; עס איז געוועזען, וואס דאס פאָלק רופט, א „שוואַלבען־נאַכט.״ איך האב גע־קוקט אויף דעם שטומען זאַמדיגען ים, אויף דער דונקעלער מאַססע פון׳ם דערבייאיגען גאָרטען, אויף די געלבליכע סילועטען פון די ווייטע געביידעס, וועלכע האבען אויך ווי אויפגעציטערט ביי יעדען מינדסטען בליץ.... איך האב געקוקט און זיך ניט געקענט אָפּרייסען: די דאָזיגע שטומע בליצען, די דאָזיגע איינגעהאַלטענע פלעמעלאַך האבען, דאַכט זיך, ווי צוגעפּאַסט זיך צו יענע שטומע און פערבאָר־גענע פערלאַנגען, וואס האבען אויפגעפלאַמט אין מיר אויך.

עס האט אָנגעהויבען צו טאָגען; דער מאָרגען־שטערן האט גענו־מען ארויסטרעטען מיט רויטע פלעקען; און וואס העלער אין דרויסען איז געוואָרען, אלץ שוואַכער און בלאַסער און זעלטענער האבען די בליצען אויפגעפלאַמט, און זיינען, צום סוף, פערשוואונדען, פער־טרונקען געוואָרען פון דעם ניכטערען און אמת׳ען שיין פון׳ם ערוואַכ־טען טאָג.

און אין מיר זיינען די בליצען אויך פערשוואונדען. איך האב דערפיהלט א שווערע מיעדקייט און שטילקייט... אבער זינאַאידאַ׳ס אָפּבילד האט זיך נאָך אלץ געטראָגען פאַר מיר, בעהערשענדיג מיך אין גאַנצען. בלויז ער אליין, דער דאָזיגער אָפּבילד, איז, דאַכט זיך, געוועזען רוהיג: ווי א שוועבענדיגער שוואַן, וואס איז פון זומפּיגע גראָז אַנטלאָפען, אזוי האט איהר אָפּבילד זיך אויך אָפּגעטהיילט פון די אַנדערע ניט אנגענעהמע געשטאַלטען ארום איהם, און איך, אַנ־שלאָפען ווערענדיג, בין צום לעצטען מאָל צוגעפאַלען צו איהם מיט בעגייסטערטען צוטרוי...

אָה, פריעדליכע געפיהלען, ווייכע קלאַנגען, גוטסקייט און בע־רוהרונג פון אַ יונגער אויפגעריהרטער נשמה, זיסע פרייד פון די ערשטע ליעבעס־בעגייסטערונגען, — וואו זייט איהר, וואו זייט איהר?

---

## VIII.

אויף מאָרגען, ווען איך בין אַרונטערגעקומען צום פריהשטיק, האט די מוטער מיך אויסגעזידעלט, אגב, ווענינער ווי איך האב ער־וואַרטעט, און זי האט מיך גענויט, איך זאָל איהר דערצעהלען, ווי איך האב נעכטען פערברואַכט דעם אָבענד.

איך האב איהר דערצעהלט אין אַ פּאָאַר ווערטער, נאַטירליך, ווייט ניט אַלעס, און די גאַנצע געשיכטע האב איך זיך געסטאַרעט ארויסצושטעלען אין דעם אונשולדיגסטען ליכט.

— דאָך זיינען זיי ניט די ריכטיגע מענשען — האט די מוטער בעמערקט — און אַנשטאָט צו לויפען צו זיי, האָסטו בעסער געדאַרפט מעהר טראַכטען וועגען דיין עקזאַמען.

איך האב פריהער געוואוסט, אַז דאס אַלעס, וואס מיין מוטער וועט מיר זאָגען און דערפאַר האָב איך פאַר ניט נויטיג געהאַלטען איהר צו ענטפערן. אָבער נאָך'ן פריהשטיק האט דער פאָטער מיך גענומען אונטער דער האַנד און, אַריינגעהענדיג מיט מיר אין גאָרטען, האט ער מיר געצוואונגען צו דערצעהלען איהם אַלעס, וואס איך האב געזעהן ביי די זאַסיעקין'ס.

אַ מערקווירדיגען איינפלוס האט דער פאָטער אויף מיר געהאַט און מערקווירדיג זיינען געווען אונזערע בעציהונגען. ער האט זיך קיינמאָל ניט פערנומען מיט מיין ערציהונג, האט אָבער מיך קיינמאָל ניט בעליידיגט; ער האט ניט געשטערט מיין פרייהייט, ער איז זאָ־גאַר געווען, אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקען, העפליך צו מיר... בלויז צו נאָהענט האט ער מיך ניט צוגעלאָזט צו זיך. איך האב איהם געליעבט, איך האב אָנגעקוואָלען פון איהם, אין מיינע אויגען איז ער געווען דער מוסטער פון אַ מאַן, און, גאָט מיינער, ווי איך וואָלט זיך

צו איהם געווען צוגעבונדען, ווען איך וואָלט שטענדיג ניט געפיהלט זיין צוריקשטויסענדע האַנד! דערפאר, ווען ער האט געוואָלט, האט ער אין איין רגע, מיט איין וואָרט, מיט איין מינע, געקאָנט אויפוועקען אין מיר צוטרויען אָהן א גרעניץ צו זיך. מיין נשמה האט זיך דאַן פונאַנאַנדערגעעפענט, איך האב גערעדט מיט איהם, ווי מיט א קלוגען פריינד, ווי מיט א לעהרער, וואס האט זיך צו מיר ארונטערגעלאָזט.... דערנאָך האט ער אזוי פּלוצים מיך אוועקגעוואָרפען און זיין האַנד האט מיך ווידער אוועקגעשטויסט, פריינדליך און ווייך, אבער אוועקגעשטויסט.

צייטענווייז פלעגט ער מיט אַמאָל פרעהלאַך ווערען, דאַן איז ער בעריט געווען צו שטיפען און צו שפּיעלען זיך מיט מיר, ווי א איינגעל (ער האט ליעב געהאַט יעדע שטארקע קערפּערליכע בעוועגונג); איינמאָל — בלויז איינמאָל! — האט ער מיך א גלעט געטהאָן מיט אזא צערטליכקייט, אז איך האב זיך שיעור ניט צוואויינט... אבער ווי זיין פרעהליכקייט, אזוי זיין צערטליכקייט זיינען באלד געווען פערשוואונדען אָהן א שפּור.

עס האט געטראָפען, איך בעטראַכט זיין קלוגען, שעהנעם, ליכטיגען פּנים... מיין האַרץ צאַפּעלט זיך און מיין גאַנצער וועזען רייסט זיך צו איהם.... ער דערפיהלט, דאכט זיך, וואס אין מיר קומט פאָר, טהוט מיר א פריינדליכען פּאַטש איבער'ן בעקעל און, אדער ער געהט אוועק, אדער נעהמט זיך עפּעס טהאָן, אָניט ווערט ער גאָר קאַלט, אזוי ווי ער בלויז אליין האט געקאָנט קאַלט ווערען, און דאַן קאָרטשע איך זיך איין און ווער אויך קאַלט.

די זעלטענע אויסברוכען פון גוטסקייט צו מיר זיינען קיינמאָל ניט געווען ארויסגערופען פון מיינע שטומע בעטענדיגע מינעס; זיי זיינען אַלע מאָל געקומען אונערוואַרטעט.

שפּעטער, טראַכטענדיג וועגען מיין פאָטער'ס כאַראַקטער, בין איך געקומען צום שלוס, אז איהם איז ניט געלעגען אין'ם קאָפּ ניט איך און ניט דאס גאַנצע פאַמיליען־לעבען זיינס; ער האט וועגען גאַנץ אַנדערעס געטראַכט, אַנדערעס געליעבט און מיט דעם דאָזיגען אַנדערעס האט ער זיך געזעטיגט איבערגענוג.

— נעהם אליין, וואס דו קאָנסט, און לאָז זיך פון קיינעם ניט

פיהרען; געהערען זיך אליין — אין דעם ליעגט דאס גאנצע קונץ־שטיק פון'ם לעבען — האט ער מיר אמאָל געזאָגט.

א צווייטען מאָל האב איך, מעשה יונגער דעמאָקראט, גענומען ריידען אין זיין געגענוואַרט וועגען פרייהייט (אין יענעם טאָג איז ער געווען, וואס איך האב גערופען, א „גוטינקער"; דעמאָלט האט מען מיט איהם געקאָנט ריידען וועגען אלעם אין דער וועלט).

—פרייהייט? — האט ער איבערגערעדט — און ווייסטו דען, ווי אזוי דער מענש קאָן קריגען די פרייהייט?

— ווי אזוי?

— ווען דער מענש זאָל א ווילען האבען, אן אייגענעם ווילען, דאן וועט ער די מאַכט קריגען, וואס איז בעסער פון פרייהייט. דו קאָן נור ווילען, וועסטו זיין אי פריי, אי דו וועסט אנדערע בעהערשען.

מיין פאָטער האט פריהער פון אלעם און מעהר פון אלעם גע־וואָלט לעבען און האט געלעבט... עס קאָן זיין, אז דאס הארץ האט איהם געזאָגט, אז ניט לאַנג וועט איהם אויסקומען זיך צו בענוצען מיט'ן „קונץ־שטיק" פון'ם לעבען: ער איז געשטאָרבען אויפ'ן צוויי און פערציגסטען יאָהר.

איך האב איהם ניט אלע אייגצעלהייטען דערצעהלט וועגען דעם נעכטיגען אבענד ביי די זאסיעקינס. ער האט האלב אויפמערקזאם, האלב צוטראָגען צוגעהערט זיך, זיצענדיג אויף דער באַנק און פיהרענ־דיג מיט'ן שפיץ פון דעם בייטשעל איבער'ן זאמד.

צייטענווייז האט ער אונטערגעשמייכעלט, געקוקט אויף מיר עפעס אזוי מאָדנע ליכטיג און קאָמיש און האט מיך געצויגען פאר דער צונג מיט קורצע פראגען און ענטפערס.

אין אָנפאנג האב איך אפילו ניט געקענט ארויסברענגען דעם נאָמען זינאאידא אויף די ליפען, אבער, צום סוף, האב איך זיך פאָרט ניט איינגעהאלטען און זי גענומען לויבען.

דער פאָטער האט אלץ אונטערגעשמייכעלט. דערנאָך האט ער זיך פערטראַכט, א ציה געטהאָן זיך און איז אויפגעשטאַנען.

איך האב זיך דערמאָנט, אז, בעת ער איז פון'ם הויז ארויס, האט ער געהייסען פאר איהם א פערד אָנזאָטלען. ער איז געווען אן אויסגעצייכענטער רייטער און האט געקאָנט איינברעכען די ווילדסטע פערד.

— זאָל איך מיט דיר אויף פאָהרען, פאפּא? — האב איך איהם געפרעגט.

— ניין — האט ער געענטפערט און זיין פּנים האט אָנגענומען זיין געוועהנליכען, גלייכגילטיג־פריינדליכען אוסדרוק — פאָהר אליין, אז דו ווילסט; און זאָג דעם קוטשער, אז איך פאָהר נישט.

ער האט זיך א קעהר געטהאָן צו מיר מיט׳ן רוקען און איז שנעל אוועק.

איך האב איהם נאָכגעקוקט מיט די אויגען, ער איז פערשוואונ־דען הינטער דער טויער. איך האב געזעהן, ווי זיין הוט האט זיך בע־וועגט פאזע דעם פּארקאַן; ער איז אריין צו די זאסיעקינס.

ער האט פערבראכט ביי זיי ניט מעהר ווי א שעה, דערנאָך איז ער גלייך אוועק אין שטאָדט און האט זיך צוריקגעקעהרט אהיים ערשט פארנאכט.

נאָך מיטאָג בין איך אויך אריין צו די זאסיעקינס. אין׳ם גאסט־צימער האב איך געטראָפען די אלטע פירסטין אליין.

דערזעהן מיך, האט זי א קראַץ געטהאָן אונטער׳ן צעפּיק מיט׳ן שפּיץ פון א שפּיזעל און פּלוצים מיך געפרעגט: אויב איך קאָן פאר איהר איבערשרייבען א ביט־שריפט.

— מיט פערגעניגען — האב איך געענטפערט, און זיך צוגעזעצט אויפ׳ן ברעג פון א שטול.

—זעהט אבער, שרייבט נור וואס גרעסערע בוכשטאבען — האט זי געזאָגט, דערלאַנגענדיג מיר א פערשמירטען בויגען פּאפּיר — אפשר קאָנט איהר עם נאָך מאכען היינט, פאָטערל מיינער?

— היינט וועל איך עם איבערשרייבען.

די טהיר פון׳ם צווייטען צימער האט זיך עטוואָס געעפענט, און דורך דער שפּארונע האָט זיך בעוויזען זינאאידא׳ס פּנים, א בלייכער, א פערטראַכטער. זי האט א קוק געטהאָן אויף מיר מיט גרויסע קאלטע אויגען און שטיל צוגעמאכט די טהיר.

— זינא, א זינא! — האט זי גערופען די אלטע. זינאאידא האט זיך ניט אָפּגערופען. איך האב גענומען מיט זיך דאס ביט־שריפט פון דער אלטער און בין געזעסען איבער איהם א גאַנצע נאכט.

---

# IX.

פון דעם דאָזיגען טאָג אָן האט זיך אָנגעהויבען מיין „לײדענ־שאַפט.״ איך געדענק, איך האב דעמאָלט דערפיהלט עטוואָס ערנליכעס, וואס עס דארף דערפיהלען א מענש, וועלכער איז ערשט אריינגעטראָטען אין דיענסט: איך בין שוין מעהר ניט געווען גלאט א יונגער אינגעל; איך בין געווען א פערליעבטער.

איך האב געזאָגט, אז פון דעם דאָזיגען טאָג אָן האט זיך אָנגעהויבען מיין לײדענשאַפט; איך האב נאָך געקענט צולייגען, אז מיינע לײדען האבען זיך אויך אָנגעהויבען פון דעם דאָזיגען טאָג אָן. איך בין אויסגעגאַנגען פאר בענקעניש נאָך זינאַאידא'ן; מיר איז גאָר נישט אין קאָפּ געקראָכען, אלעס איז געפאלען פון מיינע הענד און גאנצע טעג האב איך בלויז געטראכט פון איהר און פון איהר.

איך האב געבענקט נאָך איהר... אבער אין איהר געגענוואַרט איז מיר אויך ניט געווען לײכטער. די אייפערזוכט האט מיך געמוטשעט, איך האב געפיהלט מיין נישטיגקייט, איך האב זיך נאריש געבלאָזען און נאריש זיך ערניעדריגט, און דאָך האט מיך א גוואלדיגע מאכט געצויגען צו איהר, און יעדעס מאָל האב איך איהר שוועל אריבערגעטראָטען מיט א צאַפּעלדיגען געפיהל פון גליק אינ'ם הארצען.

זינאַאידא האט גלייך פערשטאַנען, אז איך בין פערליעבט אין איהר, און איך האָב עס ניט פערבעהאלטען אויך פון איהר. זי האָט זיך געשפּיעלט מיט מיין לײדענשאַפט, זיך גערייצט, געבאַלעוועט און געמוטשעט מיך. איך בין אין איהרע הענד געווען ווי ווייכער וואַקס.

אגב, ניט איך אליין האב זי געליעבט, אלע מענער, וואס האבען בעזוכט איהר הויז, זיינען משוגע געווען פאר איהר, און זי האט זיי אלעמען געהאלטען אויפ'ן שטריקעל ביי איהרע פיס.

זי האט זיך געשפּיעלט מיט זייערע הערצער, געוועקט אין זיי היינט האָפנונג, מאָרגען ענטוישונג, געדרעהט זיי אלעמען אויף אלע זייטען און האט שטארק הנאה געהאַט פון דעם. (זי האט עס גערופען קלאַפּען מענשען איינעם אָן דעם אנדער'ן) און זיי האבען אפילו אין

זינען ניט געהאט צו וועהרען זיך געגען איהר און האבען זיך גערן אונטערוואָרפען איהר.

אין איהר גאַנצען וועזען, פול לעבען און שעהנהייט, איז געלעגען א מין בעזונדערער רייצענדיגער געמיש פון שעלמעריי און זאָרגלאָזיג־קייט, פון קאָקעטעריי און איינפאַכקייט, פון רוהיגקייט און שטיפעריי; אויף אלעס, וואס זי האט געטהאָן, גערעדט, אויף יעדער מינע איהרער, האָט געשוועבט אַן עדעלע, לייכטע פראכט, אין אלעם האָט זיך גע־פיהלט א בעזונדערע, אייגענאַרטיגע, שטיפענדיגע קראַפט.

און איהר פנים האט זיך אויך נאָכאַנאַנד אָהן אויפהער געביטען, האט אויך געשטיעפט: אין דער אייגענער צייט האט ער אויסגע־דריקט שפּאָט, צוטראָגענקייט און ליידענשאַפט. די פערשיעדענסטע געפיהלען, לייכטע און פלינקע, ווי די שאָטענס פון וואָלקענס אין א זוניגען ווינטיגען טאָג, האבען זיך יעדע ווייַלע דורכגעטראָגען איבער איהרע אויגען און ליפּען.

יעדער פון איהרע פערעהרער איז איהר נויטיג געווען. ביעלאָ־וזאָראָוו, וועלכען זי פלעגט אמאָל רופען „מיין ווילדע חיה" און אמאָל איינפאַך „מיינער" — וואָלט מיט פערגעניגען פאר איהר אין פייער געקראָכען. ניט פערלאָזענדיג זיך פיעל אויף זיינע גייסטיגע פעהיג־קייטען און זיינע אנדערע מעלות, וועלכע זאָלען סוף כל סוף אויף איהר דעם ריכטיגען איינדרוק מאַכען, האט ער איהר אלץ פאָרגע־שלאָגען, חתונה צו האבען מיט איהר, געבענדיג איהר אָנצוהערעניש, אז די אנדערע פלאַפּלען נור.

מאַידאַנאָוו האט געווירקט אויף די פּאָעטישע סטרונעס פון איהר נשמה: א מענש א גאַנץ קאַלטער, ווי כמעט אלע פערפאַסער, האט ער געזוכט זי צו איבערצייגען, און אפשר זיך אליין אויך, אז ער פערגע־טערט זי, האָט זי בעזונגען אין ליעדער אָהן א סוף און האָט זיי געלע־זען פאר איהר מיט עפּעס א מין בעגייסטערונג, וואס האט געקלונגען אי אוננאַטירליך, אי אויפריכטיג.

זי האט איהם אי מיטגעפיהלט, אי אביסעלע געשפּאַסט פון איהם; זי האט איהם ניט שטאַרק געגלויבט און אויסהערענדיג דעם אויסגוס פון זיינע געפיהלעכצען, האָט זי איהם דערנאָך געגויט צו לעזען פאר איהר פּושקין'ען, אום, ווי זי האט געזאָגט, די לופט אָפּצו־רייניגען...

לושין, א דאָקטאָר, וועלכער האט ליעב געהאט צו שפּאַסען און ריידען גראָבע רייד, האט זי ליעב געהאט מעהר פון אלעמען און גע־קאָנט זי בעסער פון אלעמען, הגם ער האט זי געזידעלט הינטער די אויגען און אין די אויגען.

זי האט איהם רעספּעקטירט, האט אבער איהם ניט געשאָנע־וועט און גאנץ אָפט האט זי איהם צו פיהלען געגעבען מיט א בעזונ־דערען, בייזען פערגעניגען, אז ער איז אויך ביי איהר אין די הענד.

—איך בין א קאָקעטקע, איך האב קיין הארץ ניט, איך האב אן אקטיאָרישע נאטור — האט זי איהם איינמאָל געזאָגט אין מיין געגענוואַרט — גוט! פון דעסטוועגען גיט מיר אקאָרשט אהער אייער האנד, איך וועל אין איהר אריינשטעכען א שפּילקע, איהר וועט זיך שעהמען פאר דעם יונגענמאַן, עס וועט אייך וועה טהאָן, און דאָך, איהר, הערר אמת'ער מענש, איהר זאָלט אזוי גוט זיין און לאכען.

לושין איז רויט געוואָרען, האט זיך אָפּגעקעהרט, פערביסען די ליפּען, אבער ער האט געענדיגט מיט דעם, אז ער האט פאָרט איהר א האנד דערלאַנגט. זי האט איהם א שטאָך געטהאָן, און ער האט טאַקי גענומען לאכען... און זי האט געלאַכט, אריינשטעקענדיג גאַנץ טיעף די שפּילקע, און אריינקוקענדיג איהם אין די אויגען, וועלכע ער האט אומזיסט געוואָרפען אויף אלע זייטען...

נאָך מעהר האב איך זיך גע'חידוש'ט אויף די בעציהונגען, וואס זיינען געווען צווישען זינאאידא און דעם גראף מאַליעווסקי'ן.

ער איז געווען א שעהנער און א קלוגער יונג, אבער עטוואס גע־מאכטעס און פאַלשעס האט זיך געפיהלט אין זיין יעדען קעהר; אפילו איך, דער זעכצעהן יאָהריג איינגעל, האב דאס אויך געמערקט און איך האב זיך שטאַרק געוואונדערט, ווי אזוי זינאאידא אליין מערקט עס ניט. און אפשר האט זי אליין אויך געמערקט די דאָזיגע פאַלשקייט, נור האט זיך פערהאַלטען צו דעם גלייכגילטיג. די ניט ריכטיגע ערציהונג, די זאָנדערבאַרע בעקאַנטשאַפטען און געוועהנ־הייטען, די שטענדיגע אנוועזענהייט פון דער מוטער, די אָרימקייט און אונאָרדנונג אין'ם הויז, אלעס, אלעס, אָנהויבענדיג פון דער אונ־בעשרענקטער פרייהייט, וואס דאס יונגע מיידעל האט געהאַט, און ענדענדיג מיט דעם, וואס זי האט זיך געפיהלט העכער פון די אלע מענשען ארום איהר, האבען ענטוויקעלט אין איהר עפּעס אזא האַלב־

פערעבטליבע גלייכגילטיגקייט. עס האט אָפט געטראָפען, וואניפאטי קומט אריין מיט א רעפּאָרט, אז קיין צוקער איז ניטאָ; זי דערוויסט זיך, אז מען האט זי בערעדט; די געסט צוקריגען זיך — זי טהוט בלויז א טרייסעל מיט איהרע לאָקען, מאכט: נאַרישקייטען! — און זאָל עס איהר אויף א האָאר קימערן...

דערפאר ווער איך אימער אן אויפגעזאָדענער, בעת מאַליעווסקי געהט צו צו איהר, כיטרע אונטערקאטשענדיג זיך, ווי א פוקס, שפּארט זיך אָן אָן דער ווענטעל פון איהר שטול און פאנגט אָן צו שעפּטצען איהר אויפ'ן אויער מיט א זעלבסטצופריעדענעם און קאווירענדיגען שמייכעל — און זי לייגט צונויף די הענד אויף דער ברוסט, קוקט זיך איין אין איהם שטארק, שמייכעלט און שאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— ווי קאָנט איהר אויפנעהמען הערר מאַליעווסקי'ן? — האב איך זי איינמאָל געפרעגט.

— ער האט אזוינע שעהנע וואָנצעס — האט זי געענטפערט — אבער דאס פערשטעהט איהר ניט.

— אפשר מיינט איהר, אז איך האב ליעב? — האט זי א צוויי־טען מאָל מיר געזאָגט — ניין; איך קאָן ניט ליעבען אזוינע, אויף וועלכע איך מוז קוקען פון אויבען ארונטער. איך דארף איינעם אזאַ, וואס זאָל מיך איינברעכען... אבער אזא איינעם וועל איך ניט טרע־פען, מיט גאָט'ס הילף! איך וועל זיך קיינעם ניט געבען אין די הענד אריין. קיינעם!

— איהר ווילט זאָגען, אז איהר וועט זיך קיינמאָל ניט פער־ליעבען?

— און איך? איך ליעב איך דען ניט? — האט זי געזאָגט און א שמייץ געטהאָן מיך איבער דער נאָז מיט'ן שפּיץ פון איהרער א האנדשוה.

יאָ, זינאַאידאַ האט זיך זעהר געשפּיעלט מיט מיר. אין'ם פער־לויף פון דריי וואָכען האב איך זי געזעהן כמעט יעדען טאָג, און וואס־וואס האט זי ניט געמאכט פון מיר!

צו אונז איז זי געגאַנגען זעלטען, און דאס האט מיך גראָד ניט געהארט: ביי אונז אין'ם הויז האט זי זיך געהאלטען ווי א פריילען, ווי א פירסטין, און איך האב זיך געמוזט האלטען פון איהר פון דער ווייטענס.

איך האב מורא געהאט, מיין מוטער זאל אן מיר ניט פערשטעהן וועגען מיינע געפיהלען צו זינאאידא'ן; זי האט זעהר ניט ליעב געהאט זינאאידא'ן און פיינדליך נאכגעקוקט אונז.

פאר דעם פאטער האב איך אזוי ניט מורא געהאט: ער האט אזוי ווי מיך גאר ניט בעמערקט, און מיט איהר האט ער גערעדט וועניג, אבער דערפאר גאנץ בעזאנדערס קלוג און פיעלדייטיג.

איך האב אויפגעהערט צו ארבייטען, לעזען — איך האב זאגאר אויפגעהערט צו שפאצירען איבער די ארומיגע געגענדען, ארויסרייטען אויף'ן פערד.

ווי א זשוק, וואס איז צוגעבונדען פאר א פיסעל, האב איך זיך נאכאנאנד געדרעהט ארום דעם געליעבטען פליגעל: עס האט זיך מיר געדאכט, אז אייביג וואלט איך דארט געוועזן...

אבער דאס איז געוועזן אונמעגליך, ווייל די מוטער האט געבור־משעט אויף מיר און אמאל האט זינאאידא אליין מיך משלח געוועזן פון דארט. דאן האב איך זיך פערשפארט אין מיין צימער, אדער איך בין אוועק אויף אן אנדערן עק פון'ם גארטען, אניט בין איך גאר ארויפ־געקראכען אויף דער הויכער האלב איינגעפאלענער געמויערטער אראנ־זשערעע, האב די פיס ארונטערגעלאזט פון דער וואנד, וואס האט ארויסגעקוקט צום וועג־צו, בין דארט געזעסען שטונדען לאנג און האב געקוקט, געקוקט, ניט זעהענדיג גאר נישט. נעבען מיר, איבער די פערשטויבטע קראפיווע, האבען פויל ארומגעטאנצט ווייסע זומער־פייגעלאך; א שפערלינג האט זיך אנידערגעזעצט דערביי אויף א האלב־צובראכענעם רויטען ציגעל און צורייצט געטשריקעט, דרעהענ־דיג אהן אן אויפהער מיט'ן גאנצען קערפער און צולאזענדיג זיין עקעל; הויך־הויך, אויפ'ן נאקעטען שפיץ פון א בירקען־בוים, זיינען געזעסען פארזיכטיגע קראען און האבען פון צייט צו צייט געקראקעט; די זונן און דער ווינד האבען זיך שטיל געשפיעלט אין די שיטערע צווייגלאך פון דעם דאזיגען בירקען־בוים; דער קלינג־קלאנג פון די גלעקער פון דעם ווייטען קלויסטער האט צייטענווייז זיך דערטראגען מיט אזוינע אונמוטהיגע און רוהיגע טענער, און איך בין אליין געזע־סען, געקוקט, געהערט און האב געפיהלט בעת דעם עפעס אזוינס, וואס האט קיין נאמען ניט... אי טרויער, אי פרייד איז דאס געוועזן,

אַי אַ פּאָרגעפיהל פון דער צוקונפט, אַי לוסט צום לעבען, אַי מורא פאר דאס לעבען.

אבער דאַן האב איך עס ניט פערשטאַנען און בשום אופן וואָלט איך דאַן ניט געקענט אָנרופען מיט'ן נאָמען קיין איין געפיהל פון די אַלע, וואס האבען זיך געצאַפּעלט אין מיין נשמה, אדער איך וואָלט זיי אַלע אָנגערופען מיט איין נאָמען, מיט'ן נאָמען זינאַאידאַ...

און זינאַאידאַ האט אַלץ געשפּיעלט מיט מיר, ווי אַ קאַץ מיט אַ מויז. דאָ האָט זי מיט מיר קאָקעטירט — און איך האָב געברענט און זיך געפּרעגעלט פאר גליק — דאָ האט זי מיט אַמאָל מיך אָפּגעשטויסט פון זיך, און איך האב ניט געסמייעט צוגעהן צו איהר נאָהענט, ניט געוואַגט אַ קוק צו טהאָן אויף איהר.

איך געדענק, עטליכע טעג נאָכאַנאַנד איז זי געווען זעהר קאַלט צו מיר, איך האב זיך אין גאַנצען פערלאָרען, און, קומענדיג צו זיי מיט אַ שרעקענדיגען האַרצען אין פליגעל אריין, האב איך זיך געסטאַרעט צו האַלטען נעבען דער אַלטער פירסטין, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס גראָד אין דיזער צייט האט די אַלטע געהאַלטען אין איין זידלען זיך, אין איין שרייען, ווייל איהרע עסקים מיט די וועקסלען זיינען זעהר שלעכט געגאַנגען און זי האט שוין וועגען דעם צוויי מאָל צו טהאָן געהאַט מיט דער פּאָליציי.

איינמאָל בין איך פערבייגעגאַנגען אין'ם גאָרטען דעם בעקאַנטען פּאַרקאַן, און איך האב דערזעהן זינאַאידאַ'ן.

זי איז געזעסען אויף די גראָז, אונטערגעשפּארט זיך מיטביידע הענד און האט זיך ניט גערירט.

איך האב געוואָלט אונבעמערקט אָפּטראָגען זיך, אבער זי האט פּלוצים אויפגעהויבען דעם קאָפּ און מיט בעפעהל אַ ווינק געטהאָן צו מיר.

איך בין געבליעבען שטעהן צומישט: איך האב זי ניט פערשטאַנען. זי האט ווידער אַ ווינק געטהאָן צו מיר. איך האב גלייך אַ כאַפּ געטהאָן זיך איבער'ן פּאַרקאַן און בין אַ גליקליכער צוגעלאָפען צו איהר; אבער זי האט מיך אָפּגעשטעלט מיט אַ בליק און מיר אָנגעוויזען אויף דעם וועג אַ צוויי טריט פון איהר.

פערשעהמט, צומישט, ניט וויסענדיג, וואס צו טהאָן, האב איך זיך ארונטערגעלאָזט אויף די קניע ביים ברעג פון'ם וועג.

זי איז געוועזן אזוי בלייך, אזא פינסטערער טרויער, אזא טיפע מיעדקייט איז צונויפגעגאָסן געווען איבער איהר גאַנצען פּנים, אז ביי מיר האט דאס הארץ ניט ווילענדיג פערקוועטשט, און איך האב ארויס־געשמאָמעלט :

— וואס איז אייך ?

זינאַאידא האט אויסגעשטרעקט די האַנד, אויסגעריסען עפּעס א גרעזעל, איין מויל עס אריינגענומען, א ביס געטהאָן און עס א וואָרף געטהאָן פון זיך.

— איהר האט מיך זעהר ליעב ? — האט זי צום סוף ארויסגע־רעדט — יאָ ?

איך האב גאָר נישט געענטפערט — און איז דען נויטיג געווען צו ענטפערען ?

— יאָ — האט זי ווייטער גערעדט, קוקענדיג ווי פריהער אויף מיר — אזוי, אזוי... די זעלבע אויגען — האט זי צוגעלייגט, פער־טראַכט זיך און פערדעקט דעם פּנים מיטביידע הענד — אַלעס האט זיך דערעסען — האט זי ארויסגעשעפּטצעט — אַלעס עקעלט מיך, איך וואָלט אנטלאָפען וואוהין די אויגען טראָגען, איך קען עס ניט אריבערטראָגען, איך קען זיך ניט בערוהיגען... און וואס וועט נאָך שפּעטער זיין!... אָך, ווי שווער מיר איז... גאָטוניו, ווי שווער!

— פון וואס ? — האב איך ניט דרייסט געפרעגט.

זינאַאידא האט ניט געענטפערט, בלויז א דריק געטהאָן מיט די אקסלען.

איך בין אַלץ געשטאַנען אויף די קניע און האב מיט טיעפען אומעט געקוקט אויף איהר. יעדעס וואָרט איהרס האט זיך אזוי אריינ־געשניטען אין מיין הארצען. אין דער דאָזיגער רגע וואָלט איך, דאַכט זיך, מיין לעבען אָפּגעגעבען, אבי זי זאָל ניט זאָרגען.

איך האב געקוקט אויף איהר און, אפילו ניט פערשטעהענדיג, וואָרום איז איהר אזוי שווער, האב איך זיך דאָך פאָרגעשטעלט, ווי זי איז מיט אמאָל, בעת דער טרויער האט זי בעפאַלען, אין גאָרטען ארויס און איז אויף דרערד געפאַלען, ווי עמיצער וואָלט איהר די פיס אונטערגעהאַקט.

ארום איז געווען ליכטיג און גרין; דער ווינד האט געשאַרשקעט אין די בלעטער פון די ביימער און צייטענווייז געשאָקעלט א לאַנגע

צווייגעל פון מאַלינעס איבער זינאַאידאַ'ס קאָפּ. ערגעץ־וואו האבען געוואָרקעט טייבעלאַך און ביהנען האבען געזשווזשעט, פליהענדיג ניע־דריג איבער די שיטערע גראָז. פון אויבען האט דער בלויער הימעל פרעהלאַך ארונטערגעשמייכעלט, און מיר איז געווען אזוי שווער, אזוי טרויעריג אויפ'ן האַרצען...

— לעזט פאַר עפּעס א געדיכט — האט זינאַאידאַ האלב שטיל ארויסגערעדט און זיך אָנגעלעהנט אויפ'ן עלענבויגען — איך האב ליעב צו הערען, ווי אזוי איהר לעזט געדיכטע, איהר זינגט אביסעלע אונטער, אבער דאס מאַכט נישט. לעזט פאַר „אויף די בערגלאַך פון גרוזיען." אבער פריהער זעצט זיך.

איך האב זיך געזעצט און פאָרגעלעזען „אויף די בערגלאַך פון גרוזיען."

— וואָס ניט ליעבען קען עס ניט — האָט איבערגעזאָגט זינאַאידאַ א שטראָפע פון'ם פאָרגעלעזענעם געדיכט — אָט, ווארום פּאָעזיע איז גוט: זי זאָגט אונז דאס, וואס עס איז ניטאָ, און וואס איז ניט — נור בעסער פון דעם, וואס איז דאָ, נור וואס עס איז, דאכט זיך, אפילו ווירקליכער פון דעם, וואס איז דאָ, וואס איז עהנליכער צו דער ווירק־ליכקייט, ווי די ווירקליכקייט אליין... וואס ניט ליעבען קען עס ניט, עס וואָלט וועלען ניט ליעבען, אבער עס קען ניט!

זי איז ווידער אנשוויגען געוואָרען און פּלוצים האט זי זיך א צאפּעל געטהאָן און אויפגעהויבען.

— קומט, ביי דער מוטער זיצט מיידאַנאָוו; ער האט מיר גע־בראַכט זיין פּאָעזיע און איך בין אוועק. ער איז איצט אויך פערבי־טערט... וואס קען מען טהאָן! איהר וועט אמאָל אלעס וויסען... איהר זאָלט נור ניט בייז זיין אויף מיר!

זינאַאידאַ האט מיט אן אימפּעט מיר די האנד א דריק געטהאָן און איז אוועקגעלאָפען אין פאָראויס.

מיר זיינען אריין אין פליעגעל. מיידאַנאָוו האט גענומען פאר אונז לעזען די נור וואס אָפּגעדרוקטע פּאָעמאַ זיינע „דער מערדער," אבער איך האב איהם ניט געהערט. ער האט אויסגעזונגען זיינע פיער־פיסיגע יאַמבען; די ריפמען האבען זיך געצויגען און געקלונגען, ווי גלעקעלאַך, פּוסט און הויך, און איך האב נאָך אלץ געקוקט אויף

זינאַאידאַ'ן און נאָך אַלץ זיך געסטאַרעט צו פערשטעהן, וואס זי האט געמיינט מיט איהרע לעצטע ווערטער.

„אָדער, מעגליך, האָט אַ געגנער אַ געהיימער
דיך פּלוצים בעזיעגט?״ —

— האָט פּלוצים מאַידאַנאָוו אויסגעשריען אין דער נאָז, און מיי־נע אויגען און זינאַאידאַ'ס אויגען האָבען זיך בעגעגענט. זי האָט זיי אַרונטערגעלאָזט און איז רויט געוואָרען. איך האָב דערזעהן, אַז זי איז געוואָרען רויט און מיר איז אַ קעלט אַריבער פאַר שרעק. נאָך פריהער בין איך אייפערזיכטיג געווען צו איהר, אָבער ערשט אין דער דאָזיגער רגע האָט אַ געדאַנק וועגען דעם, אַז זי איז פערליעבט, אַ ברען גע־טהאָן אין מיין מוח.

— גאָט מיינער, זי איז פערליעבט!

---

## X.

פון דעם דאָזיגען מאָמענט אָן האָבען זיך אָנגעהויבען מיינע ריכ־טיגע ליידען. איך האָב זיך געבראָכען דעם קאָפּ, געטראַכט, איבער־געטראַכט און נאָכאַנאַד, הגם ווי ווייט מעגליך פערבעהאַלטען, נאָכ־געקוקט זינאַאידאַ'ן.

זי איז אויך געוואָרען גאַר אַנאַנדערע, דאָס האָט מען געקאָנט זעהן. איצט איז זי געגאַנגען שפּאַצירען אַליין און האָט געשפּאַצירט גאַנצע שטונדען נאָכאַנאַנד. אַמאָל האָט זי זיך ניט געוויזען פאַר די געסט; איז שטונדען לאַנג געזעסען פערשפּאַרט אין איהר צימער. פריי־הער האָט זי עס קיינמאָל ניט געטהאָן.

איך בין אַמאָל געוואָרען אַ גוטער בעאָבאַכטער — אָדער עס האָט זיך מיר אויסגעוויזען אַזוי — „צו ניט ער? צו ניט יענער?״ — האָב איך געטראַכט, מיט אונרוה אויסרעכענענדיג אַלע איהרע פער־עהרער אין געדאַנקען. גראַף מאַליעווסקי (הגם איך האָב זיך געשעהמט פאַר זינאַאידאַ'ן צו דענקען אַזוי), האָט זיך מיר אויסגעוויזען דער גע־פעהרליכסטער צווישען זיי.

מיט מיין גאנצער בעאָבאכטונגס קראפט האָב איך ווייטער פון כיין גאז ניט געזעהן און מיין פערבאָרגענע האלטונג האָט, מסתמא, אויך קיינעם ניט אָפּגענארט; אם וועניגסטען, האָט דאָקטאָר לושין באלד דערטאַפּט, וואָס מיט מיר טהוט זיך.

אגב, ער האָט זיך אויך די לעצטע צייט פערענדערט: ער איז מאָגערער געוואָרען און זיין געלעכטער האָט געקלונגען עפּעס פער־שטיקטער, בייזער און קירצער. אנשטאָדט וואָס פריהער האָט ער גע־רעדט מיט לייכטער איראָניע און געמאַכטען ציניזמוס, האָט ער איצט נערוועז־צורייצט גערעדט.

— וואָס לויפט איהר אזוי אָפט אהער, יונגער מאן? — האָט ער איינמאָל מיר געזאָגט, ווען מיר זיינען געבליבען אליין ביי די זאסיע־קינ׳ס אינ׳ם גאסט־צימער (זינאאידא האָט זיך דעמאָלט נאָך ניט געהאט צוריקגעקעהרט פונ׳ם שפּאציער, און די פירסטין האָט זיך דעמאָלט ארומגעקריעגט מיט איהר קאמערמעדכען אויפ׳ן שיילקע, פון וואנען עס האָט זיך געהערט איהר געשריי): — איהר האָט געדארפט לערנען זיך, יונגערמאן, ארבייטען, כל זמן איהר זייט יונג, און וואָס טהוט איהר?

— איהר קענט ניט וויסען, צו איך ארבייט אין דער־היים — האָב איך געענטפערט מיט העזה, אָבער אויך צומישט.

— וואָס קאָן דאָרט זיין פאר אן ארבייט, ווען דער קאָפּ איז ביי אייך פערנומען מיט אנדערע זאכען! נו, איך לייקען ניט... אין אייערע יאָהרען איז עס נאטירליך. אָבער אייער אויסוואהל איז גאר ניט קיין געראָטענער. איהר זעהט דען ניט, וואָס פאר א הויז דאָ איז?

— איך פערשטעה אייך ניט — האָב איך איהם בעמערקט.

— איהר פערשטעהט ניט? אלץ ערגער פאר אייך. איך האלט פאר מיין פפליכט אייך צוווארנען. אונזערער א מענש, אן אלטער בחור, מאָג געהן אהער אויך. מיר האָבען א פערהארטעוועטע לייב. אָבער אייער לייב איז נאָך אזוי צארט; די לופט איז דאָ פאר אייך א שעדליכע, גלויבט מיר, איהר קאָנט זיך נאָך אָנשטעקען.

— וואָס מיינט איהר? ווי אזוי?

—אזוי. איצט זייט איהר דען געזונד? נאָרמאָל? איי דען וואָס איהר פיהלט איצט — ניצליך פאר אייך, גוט?

— אָבער וואָס אזוינס פיהל איך? — האָב איך געזאָגט, און

ביי זיך אינ'ם הארצען האָב איך אליין געפיהלט, אז דער דאָקטאָר איז גערעכט.

— עך, יונגערמאן, יונגערמאן — האָט דער דאָקטאָר ווייטער גערעדט מיט אזא אויסדרוק, אזוי ווי אין די דאָזיגע צוויי ווערטער וואָלט געלעגען א גרויסע בעליידיגונג פאַר מיר: — פון וועמען ווילט איהר פערבעהאלטען? איהר קענט ניט ביטרעווען, ביי אייך איז נאָך לעת עתה, דאנקען גאָט וואָס אויפ'ן הארצען, דאָס אויפ'ן פנים... אָבער וועגען וואָס איז דאָ צו ריידען? איך וואָלט אליין אהער ניט געגאנגען, ווען ניט... (דער דאָקטאָר האָט פערשעמעמט די צייהן)... ווען איך וואָלט אויך ניט געווען אזא נאַר... וואָס מיך וואונדערט נור: ווי אזוי איהר, מיט אייער פערשטאנד, זעהט ניט, וואָס עס טהוט זיך ארום אייך?

— און וואָס טהוט זיך דאָ אזוינס? — האָב איך זיך א כאַפּ גע־טהאָן און בין געוואָרען שטאַרק אויפמערקזאם.

דער דאָקטאָר האָט א קוק געטהאָן אויף מיר מיט א מין שפּאָטישען פערדרוס.

— א גישקשה'דיגער נאַר בין איך, אז איך דערצעהל איהם מעשיות — האָט ער ארויסגערעדט, ווי פאַר זיך: — מיט איין וואָרט — האָט ער צוגעלייגט, ריידענדיג העכער: — איך זאָג אייך נאָך אמאָל: די לופט דאָ טויג פאַר אייך ניט. אייך איז דאָ אנגענעהם, דאָס אָבער איז נאָך ניט גענוג! אין דער אראנזשערעע שמעקט אויך גוט, פונדעסטוועגען וואוינען דאָרט טאָר מען ניט. פאָלגט מיך, נעהמט זיך בעסער ווידער פאַר קאידאנאָוו'ס לעהר־בוך!

די אלטע פירסטין איז אריינגעקומען און האָט זיך גענומען קלאָ־גען פאַר'ן דאָקטאָר, אז די צייהן טהוען איהר וועה. דערנאָך איז זינאאידא אויך געקומען.

— הערר דאָקטאָר — האָט די אלטע פירסטין צוגעלייגט — איהר וואָלט זי אויסגעזידעלט. א גאנצען טאָג טרינקט זי וואסער מיט אייז, ביי איהר שוואכער ברוסט מאָג זי דאָס טרינקען?

— וואָרום טהוט איהר עס? — האָט לושין געפרעגט.

— וואָס קען זיין פון דעם?

— וואָס? איהר קאָנט זיך פערקיהלען און שטאַרבען.

— וואס רעדט איהר? ווירקליך? נו, איז וואס? ווער וואלט עפּעס פערלארען!

— אזוי גאר! — האט ארויסגעבורטשעט דער דאקטאר.

די אלטע פירסטין איז אוועק.

— אזוי גאר! — האט איהם נאכגעזאגט זינאאידא — איז דען אזוי פרעהלאך צו לעבען? טהוט א קוק ארום זיך... אדער מיינט איהר, אז איך פערשטעה ניט, אז איך פיהל ניט? איך האב פערגעניגען פון דעם טרינקען וואסער מיט אייז, מיינט איהר טאקי ערנסט, אז פאר אזא לעבען לוינט אויפצואפּפערען איין רגע פונ'ם פערגעניגען, פון גליק רייד איך שוין ניט.

— נו, יא — האט געענטפערט לושין — קאפריז און אונאבּ־העננגיגקייט... אייער גאנצע נאטור איז אויסגעדריקט אין די דאזיגע צוויי ווערטער.

זינאאידא האט זיך נערוועז צולאכט.

— איהר האט אביסעלע פערשפּעטיגט, ליעבער דאקטאר. איהר קוקט שלעכט. איהר בלייבט הינטערשטעליג. טהוט אן ברילען. ניט קיין קאפּריזען קריכען מיר איצט אין קאפּ. אייך נארען, זיך נארען, טאקי זעהר אינטערעסאנט! און וואס אנבעלאנגט מיין אונאבהעגגיג־קייט... מוסיא וואלדעמאר — האט זי פּלוצים צוגעלייגט און א טופּע געטהאן מיט א פוס: — מאכט ניט אזא פערקלאגטען פּנים. איך האב פיינד, אז מען בעדויערט מיך.

זי איז שנעל אוועקגעלאפען.

— יונגערמאן, די היגע לופט איז פאר אייך שעדליך, שעדליך, יונגערמאן! — האט לושין נאך אמאל מיר געזאגט.

---

## XI.

**אין דעם אייגענעם טאג, אויפ'ן אבענד האבען זיך ביי די זאַ־סיעקינס צוזאמענגעקליעבען די געוועהנליכע געסט; איך בין אויך געווען צווישען זיי.**

מען האָט גענומען ריידען פו מיידאַנאָוו'ס פּאָעמאַ; זינאַאידאַ האָט זי אויפריכטיג געלויבט.

— נור ווייסט איהר וואָס? — האָט זי צו איהם געזאָגט: — ווען איך זאָל געווען זיין אַ פּאָעט, וואָלט איך גאָר אַנדערע סוזשעטען גענומען. מעגליך, אַז דאָס איז נאַריש, אָבער מיר קריכען אָפּט אין קאָפּ מאָדנע געדאַנקען, איבערהויפּט, ווען איך שלאָף ניט אין די פריהמאָרגענס, בעת עס הויבט אָן צו טאָגען, ווען דער הימעל ווערט אי ראָזעווע, אי גרוי. — אָט, איך וואָלט צום ביישפּיעל... איהר וועט פון מיר ניט לאַכען?

— ניין! ניין! — האָבען מיר זיך אַלע אָבגערופען אין איין קול.

— איך וואָלט פאָרגעשטעלט — האָט זי ווייטער גערעדט, צונויפ־לייגענדיג די הענד אויף דער ברוסט און קוקענדיג אָן דער זייט: — אַ גאַנצע געזעלשאַפט פון יונגע מיידלאַך, ביינאַכט, אין אַ גרויסען שיפעל — אויף אַ שטילען טייך. די לבנה שיינט, און זיי אַלע אין ווייסען אָנגעטהאָן, מיט קראַנצען פון ווייסע בלומען אויף די קעפּ, זי־צען און זינגען עפּעס אַזאַ מין הימן.

— איך פערשטעה, איך פערשטעה, דערצעהלט ווייטער — האָט וויכטיג און טרוימעריש ארויסגערעדט מאַידאַנאָוו.

— פּלוצים אַ טומעל, אַ געלעכטער, פּאַקעלען, אַ קלינג־קלאַנג אויפ'ן ברעג... אַ מענגע וואַקכאַנקעס לויפט דאָרט מיט ליעדער, מיט אַ ליאַרעם, מיט אַ געשריי. אָט דאָס זעהט איהר, איז שוין אייער זאַך, הערר פּאָעט, אויסצומאָהלען אַ שעהן בילד... נור איך וואָלט װעלען, אַז די פּאַקעלען זאָלען זיין רויטע און זאָלען שטאַרק רויכערען און, די אויגען ביי די וואַקכאַנקעס מוזען בליסטשען אונטער די קראַנצען, און די קראַנצען מוזען זיין דונקעלע. דערביי מוזט איהר נישט פערגעסען די טיגער־פעלען, די טאַצען... און גאָלד, אַ סך, אַ סך גאָלד...

— וואו־זשע דאַרף דאָס גאָלד זיין? — האָט געפרעגט מיידאַנאָוו, אָבוואַרפענדיג אויף הינטען זיינע האָאַר און אויסשפּרייטענדיג די נאָז־לעכער.

— וואו? אויף די פּלייצעס, אויף די הענד, אויף די פיס, אומע־דום. מען זאָגט, אַז אַמאָליגע צייטען האָבען די פרויען געטראָגען גאָלדע־נע רינגען אפילו אויף די עלענבויגענס. די וואַקכאַנקעס רופען די מייד־

לאַך פונ'ם שיפעל צו זיך. די מיידלאַך האָבען אויפגעהערט צו זינגען זייער הימן — זיי קאָנען איהם איצט ניט פאָרטזעצען — נור זיי ריה־רען זיך נישט: דער טייך טראָגט זיי אליין צו צום ברעג. און אָט, הויבט זיך איינע פון זיי שטיל אויף... דאָס דאַרף מען קענען גוט בע־שרייבען: ווי אַזוי זי הויבט זיך שטיל אויף פאַר דעם שיין פון דער לבנה, און ווי איהרע חבר'טעס שרעקען זיך... זי האָט אַריבערגעשפּרייזט דעם ראַנד פונ'ם שיפעל, די וואַקכאַנקעס האָבען זי אַרומגערינגעלט, אַוועקגעשלעפּט זי אין דער נאַכט אַריין אין פינסטערניש... שטעלט דאָ פאַר אַ געדיכטען רויך און אַלעס האָט זיך צונויפגעמישט. עס הערט זיך נור זייער קוויטשעריי, און דער קראַנץ פון דער דאָזיגער מיי־דעל איז געבליבען אויפ'ן ברעג.

זינאאידא איז אַנשווייגען געוואָרען.

— אוי! זי איז פערליעבט — האָב איך ווידער אַמאָל אַ טראַכט געטהאָן.

— און דאָס אַלעס? — האָט געפרעגט מיידאַנאָוו.

— דאָס אַלעס. — האָט זי געענטפערט.

— דאָס קען ניט זיין קיין סוזשעט פאַר אַ גאַנצער פּאָעמע — האָט ער בעמערקט מיט אַ וויכטיגען טאָן: — אָבער פאַר אַ לירישען געדיכט, וועל איך אייער געדאַנק ווען עס איז בענוצען.

— אויף אַ ראָמאַנטישען שטייגער? — האָט געפרעגט מאַ־לעווסקי.

— געוויס, אויף אַ ראָמאַנטישען שטייגער, אויף בייראָן'ס שטייגער.

— און נאָך מיין מיינונג איז הוגאָ בעסער פון בייראָנען — האָט געזאָגט דער יונגער גראַף נאַכלעסיג: — ער איז אינטערעסאַנטער.

— הוגאָ איז אַ ערשטע קלאַסע שרייבער — האָט געענטפערט מיידאַנאָוו: — און מיין חבר טאַנקאָשעעוו, אין זיין נייעם ראָמאַן...

— אַך, דאָס איז עס יענער ראָמאַן מיט די איבערגעקעהרטע פראַגע צייכענס? — האָט איבערגעשלאָגען זינאאידאַ.

— יאָ. עס איז אַזוי אָנגענומען צו שרייבען ביי די שפּאַניער. איך האָב געוואָלט זאָגען, אַז טאַנקאָשעעוו...

— נו, איהר וועט זיך שוין ווידער נעהמען אַרומרייסען איבער

קלאַסיציזם און ראָמאַנטיזם — האָט איהם ווידער אַמאָל איבערגע־
שלאָגען זינאַאידאַ — קומט לאָמיר בעסער שפּיעלען...

— אין פאַנטען? — האָט אונטערגעכאַפּט לושין.

— ניין, אין פאַנטען איז לאַנגווייליג; בעסער אין פערגליי־
כונגען. (דאָס דאָזיגע שפּיעל האָט זינאַאידאַ אליין אויסגעטראַכט:
מען האָט אָנגערופען עפּעס אַ געוויסען געגענשטאַנד און יעדער האָט זיך
געסטאַרעט איהם מיט עפּעס עס איז צו פערגלייכען, און דער וואָס האָט
אויסגעקליעבען דעם בעסטען פערגלייך, האָט בעקומען אַ פּרייז.) זי
איז צוגעגאַנגען צום פענסטער. די זון איז נור וואָס אונטערגעגאַנגען;
הויך איבער'ן הימעל זיינען געשטאַנען לאַנגע, רויטע וואָלקענס.

— צו וואָס זיינען דיעזע וואָלקענס עהנליך? — האָט געפרעגט
זינאַאידאַ און, נישט דערוואַרט זיך אויף אונזער ענטפער, האָט זי
געזאָגט: — מיר דאַכט זיך, אַז זיי זיינען עהנליך צו יענע פּורפּור־
רויטע זעגלען, וועלכע האָבען זיך געפונען אויף קלעאָפּאַטראַ'ס גאָל־
דענעם שיף, בעת זי איז געפאָהרען צו באַגעגענען אַנטאָניאָ'ן. געדענקט
איהר מיידאַנאָוו, נישט לאַנג צוריק האָט איהר מיר וועגען דעם דער־
צעהלט?

מיר אַלע האָבען, ווי פּאָלאָני אין „האַמליעט", בעשלאָסען, אַז
די וואָלקען דערמאָנען טאַקע אָן יענע זעגלען, און אַז קיין בעסערען
פערגלייך וועט קיינער פון אונז נישט געפינען.

— און ווי אַלט איז אַנטאָניאָ דעמאָלט געווען? — האָט גע־
פרעגט זינאַאידאַ.

— ער איז אודאי געווען אַ יונגער מאַן — האָט בעמערקט
מאַלעווסקי.

— יאָ, אַ יונגער — האָט בעשטימט צוגעגעבען מיידאַנאָוו.

— ענטשולדיגט — האָט אויסגערופען לושין: — ער איז געווען
שוין אַריבער פערציג יאָהר אַלט.

— אַריבער פערציג — האָט איבערגע'חזר'ט זינאַאידאַ, אַ קוק
טהאָנדיג אויף איהם מיט אַ שאַרפען בליק.

איך בין שנעל אַוועק אַהיים. — „זי האָט זיך פערליעבט", האָ־
בען נישט ווילענדיג געשעפּצעט מיינע ליפּען... „אָבער אין וועמען?"

---

## XII.

מעג זיינען אוועק. זינאאידא איז געוואָרען אלץ מאָדנער, אלץ אונפערשטענדליכער. איין מאָל בין איך אריין צו איהר און האָב זי דערוויסט זיצענדיג אויף א שטיינערנעם שטול מיט דעם קאָפּ איינגעגראָבען אין שאַרפען ראַנד פון טיש. זי איז אויפגעשטאַנען, האָט זיך אויסגעגלייכט... איהר גאַנץ פּנים איז געווען בעגאָסען מיט טרעהרען.

— א! איהר זייט עס! — האָט זי געזאָגט האַרט און מיט שפּאָט — קומט אַקאָרשט אַהער.

איך בין צוגעגאַנגען צו איהר: זי האָט אוועקגעלעגט איהר האַנד מיר אויף'ן קאָפּ און, א כאַפּ געטהאָן מיך פּלוצים פאַר די האָאָר, האָט זיך זיי גענומען רייסען.

— אוי, עס טהוט וועה... — האָב איך א געשריי געטהאָן.

— א! עס טהוט וועה! און מיר טהוט ניט וועה? טהוט ניט וועה? — האָט זי געזאָגט נאָך אמאָל.

— אוי! — האָט זי פּלוצים א געשריי געטהאָן, דערזעהענדיג, אז זי האָט מיר אויסגעריסען א זשמוט האָאָר—וואָס האָב איך געטהאָן? מיין אָרימער מאָסיאָ וואָלדעמאַר!..

זי האָט פאָרזיכטיג אויסגעלעגט די אויסגעריסענע האָאָר און זיי ארומגעדרעהט אַרום פינגער אין א רינגעלע.

— איך וועל אייערע האָאָר צו זיך אין מעדאַליאָן אריינלייגען און וועל זיי טראָגען — האָט זי געזאָגט און בעת דעם האָבען אויף איהרע אויגען נאָך אלץ געבלישטשעט טרעהרען — דאָס וועט אייך אפשר טרייסטען... און אצינד זייט מיר געזונד.

איך האָב זיך אומגעקעהרט אַהיים און דאָרט געטראָפען אן אונאַנגענעהמע סצענע. די מוטער האָט געהאַט אן ערקלעהרונג מיט דעם פאָטער: זי האָט איהם עפּעס פאָרגעוואָרפען, און ער האָט, ווי זיין שטייגער איז געווען, קאַלט און העפליך פערשוויגען און איהר גאָרנישט געענטפערט — און אין גיכען איז ער אוועקגעפאָהרען.

איך האָב נישט געקענט הערען, וועגען וואָס די מוטער האָט גערעדט, און איבערהויפּט איז עס מיר אין קאָפּ נישט געקראָכען;

איך געדענק נור, אז נאך דער ערקלעהרונג מיט׳ן פאטער, האט זי גע־הייסען רופען מיך צו זיך אין קאבינעט און האט מיר אויסגעדריקט איהר אונצופריעדענהייט, פאר מיינע אפטע בעזוכען ביי דער פירסטין, וועלכע איז נאך איהרע רייד נאך, געווען א פרוי, וואס איז פעהיג אויף אלץ. איך בין צוגעגאנגען צו איהר און זי א קוש געטהאן אין האנד (דאס האב איך אלע מאל געטהאן, ווען איך האב געוואלט מאכען א סוף צו א געשפרעך) און בין אוועק צו זיך. זינאאידא׳ס טרעהרען האָ־בען מיך אין גאנצען צומישט, איצט האב איך שוין גארנישט גע־וואוסט, וואס צו טראכטען, און האב אליין אויך שיער ניט געוויינט: איך בין פארט נאך געווען א קינד, ניט קוקענדיג אויף מיינע זעכצעהן יאהר, איך האב שוין מעהר ניט געטראכט וועגען מאליעווסקי׳ן, כאטש ביעלאָוזאראָוו איז מיט יעדען טאג געווארען אלץ בייזער און בייזער און האט אויף דעם כיטרען גראף געקוקט, ווי א וואלף אויף א שעפס; האב שוין מעהר וועגען קיינעם און וועגען קיין זאך נישט געטראכט. א צומישטער, בין איך ארומגעגאנגען און אלץ געזוכט איינזאמע פלעצער. בעזאנדערס האב איך ליעב געקראגען די האלב איינגעפאלענע אראנ־זשערעע. עס האט געטראפען, איך קריך ארויף אויף דער הויכער וואנד, זעץ זיך אוועק און זיץ דארט אזא אונגליקליכער, אזא איינזאמער, אזא אומעדיגער, אז דאס הארץ געהט ביי מיר אויס פאר רחמנות צו זיך אליין. אין דער אייגענער צייט פערשאפען מיר די דאזיגע געפיהלען אזא פרייד, איך פער׳שיכור זיך אזש מיט זיי.

זיץ איך מיר אמאל אזוי אויף דער דאזיגער וואנד, קוק מיר אין די ווייטקייט און הער זיך צו צום גלאקענ־קלאנג... פלוצים האט זיך עפעס דורכגעטראגען איבער מיר — א ווינטעל — ניט א ווינטעל, און קיין ציטער איז דאס אויך ניט געווען, ווי עפעס א מין אטהעם, ווי אן עמפפינדונג פון עמיצענ׳ס נאהענטקייט... איך האב א קוק גע־טהאן ארונטער. אונטען, איבער׳ן וועג, איז שנעל געגאנגען זינאאידא אין א לייכטען גרויען קלייד און מיט א שירם איבער׳ן אקסעל. זי האט מיך דערזעהן, האט זיך אבגעשטעלט, אויפגעהויבען דעם ראנד פון איהר שטרויענער הוט און פערריסען אויף מיר איהרע סאמעטענע אויגען.

— וואס טהוט איהר דארט, אויף אזא הויכקייט? — האט זי מיך געפרעגט מיט עפעס א מאדנעם שמייכעל — אט האט זי ווייטער

גערעדט: — איהר פערזיכערט מיך אלץ, אז איהר ליעבט מיך, טא שפרינגט אקארשט אראב צו מיר אויפ׳ן וועג, אויב איהר ליעבט מיך אויף אן אמת.

זינאאידא האט נאך נישט צייט געהאט אויסצורוידען די דאזיגע ווערטער, ווי איך בין שוין געפלויגען ארונטער, אזוי ווי עמעצער וואלט מיך פון הינטען א שטויס געטהאן. די וואנט איז געווען א צוויי קלאפטער די הויך. געפאלען בין איך אפילו מיט די פיס אויף דער ערד, אבער דער שטויס איז געווען אזא שטארקער, אז איך האב זיך נישט געקענט איינהאלטען: איך בין געפאלען און פערלארען דאס בעוואוסט־זיין. ווען איך בין געקומען צו זיך, האב איך נישט עפענענדיג די אויגען, דערפיהלט נעבען זיך זינאאידא׳ן. — „מיין ליעבער איינגעל — האט זי גערעדט איינבויגענדיג זיך אריבער מיר, און אין איהר קול האט געקלונ־גען אזוי פיעל אונרוהיגע צערטליכקייט — ווי אזוי האסטו עס געקענט טהאן, צו־וואס האסטו מיך געפאלגט... איך האב דאך דיך ליעב... שטעה אויף״.

איהר ברוסט האט געאטהעמט נעבען מיינער, איהרע הענד האבען בעריהרט מיין קאפ, און פלוצים — אך, וואס איך האב דאן געפיהלט! — איהרע פרישע, ווייכע ליפען האבען מיין פנים מיט קושען באדעקט... האבען זיך צו מיינע ליפען צוגעריהרט... דא אבער האט זינאאידא, וואהרשיינליך נאך דעם אויסדרוק פון מיין פנים, געכאפט זיך, אז איך בין שוין געקומען צו זיך, כאטש די אויגען האב איך נאך אלץ ניט גע־עפענט, האט זי זיך שנעל אויפגעהויבען און ארויסגערעדט: — „נו, משוגענער שטיפער, שטעהט אויף, וואס ליעגט איהר דארט אינ׳ם שטויב?״

איך האב זיך אויפגעהויבען.

— גיט מיר אהער מיין שירם — האט געזאגט זינאאידא — זעהט, ווי ווייט איך האב איהם פערווארפען; און קוקט ניט אויף מיר אזוי... וואס פאר א נארישקייטען? איהר האט זיך נישט צושלא־גען? איהר האט זיך מסתמא צושטאכען מיט די קראפיווע? קוקט ניט אזוי אויף מיר, זאגט מען אייך... רעדט צו איהם, אז ער פערשטעהט קיין זאך ניט און ענטפערט ניט — האט זי צוגעזעצט פאר זיך: — נעהט אחיים מאסיא וואלדעמאר, רייניגט זיך ארום, און וואגט ניט

צו געהן נאָך מיר, אַז ניט וועל איך אין כעס ווערען, און וועל מיט איך שוין מעהר קיין מאָל...

זי האָט נישט דערעדט און איז שנעל אַוועק, און איך האָב זיך צו־געזעצט אויפ'ן וועג... איך האָב ניט געקענט איינשטעהן אויף מיינע פיס, די קראָפּיווע האָט מיר די הענד צוברענט, דער רוקען האָט גענאָ־יעט און דער קאָפּ זיך געדרעהט; אָבער אַזאַ געפיהל פון גליק זעליג־קייט, ווי איך האָב דעמאָלט געפיהלט, האָב איך שוין מעהר אין מיין לעבען קיין מאָל ניט געפיהלט. דער וועהטאָג און אַלע מיינע גלידער איז מיר געווען אַזוי ליעב, אַזוי זיס, אַז איך האָב צום סוף גאָר גענו־מען שפּרינגען און בעגייסטערט שרייען הויך, אויף קול... יאָ, איך בין נאָך ווירקליך געווען אַ קינד.

---

## XIII.

יענעם טאָג ביז איך געווען אַזוי גליקלאָך און שטאָלץ, איך האָב נאָך אַזוי קלאָהר געפיהלט אויף מיין פּנים זינאַאידאַ'ס קושען און מיט אַזאַ בעגייסטערונג דערמאָנט זיך אָן יעדעס וואָרט איהר'ס, אַז מיר איז אַזש מורא'דיג געוואָרען פאַר מיין אונערוואַרטעטען גליק און עס האָט זיך מיר אפילו נישט געוואָלט זעהן זי, זי די שולדיגע פון אַלע מיינע נייע עמפּפינדונגען. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איצט קען מען שוין מעהר גאָר נישט פערלאַנגען פונ'ם שיקזאַל, אַז מען קען שוין איצט זיך אַוועקלעגען און רוהיג שטאַרבען. דערפאַר, ווען איך בין אויפ'ן צווייטען טאָג אַוועק אין פליגעל, בין איך געווען שטאַרק צו־מישט און האָב עס אומזיסט געזוכט צו בעהאַלטען אונטער אַ מאַסקע פון דרייסטקייט, ווי עס פּאַסט זיך פאַר אַ מענשען, וועלכער וויל גע־בען צו וויסען, אַז ער קאָן האַלטען אַ סוד.

זינאַאידאַ האָט מיך אויפגענומען איינפאַך, אָהן שום אויפרעגונג, האָט מיר נור אַ סטראַשע געטהאָן מיט אַ פינגער און געפרעגט: צו זיינען ביי מיר נישטאָ קיין בלויע צייכענס?

מיין גאַנצע דרייסטקייט, מיין געהיימניספולקייט זיינען גלייך פערשוואונדען און מיט זיי צוזאַמען איז אויך אַוועק מיין צומישטקייט.

איך האָב געוויס נישט ערוואַרטעט עטוואָס בעזונדערס, אָבער זינאַ־אידאַ'ס רוהיגקייט האָט מיך עפּעס ווי מיט קאַלטען וואַסער אָבגע־גאָסען. איך האָב פערשטאַנען, אַז אין איהרע אויגען בין איך ניט מעהר ווי אַ קינד — און מיר איז שווער געוואָרען אויפ'ן הארצען!

זינאַאידאַ איז אַרומגעגאַנגען הין און צוריק איבער'ן צימער און יעדעס מאָל, וואָס זי האָט אויף מיר אַ קוק געטהאָן, האָט זי עפּעס מאָד־נע געשמייכעלט; איהרע געדאַנקען זיינען אָבער געווען וויים, דאָס האָב איך קלאָהר געזעהן...

„דערמאָנען איהר וועגען דאָס נעכטיגע, — האָב איך אַ טראַכט געטהאָן: — פרעגען, וואוהין זי האָט זיך עס אַזוי געאיילט, און זיך דאָן אַלעס דערוויסען"...

— איך האָב נור אַ מאַך געטהאָן מיט אַ האַנד און זיך צוגע־זעצט אין אַ ווינקעלע.

ביעלאָווזאָראָוו איז אריין, איך האָב זיך מיט איהם דערפרעהט.

— איך האָב פאַר אייך ניט געקענט קריעגען קיין רוהיגען רייט־פערד — האָט ער געזאָגט מיט אַ בייזען קול — פרייטאָג קאַווירט מיר פאַר איינעם, אָבער איך קען זיך אויף איהם ניט פערלאָזען. איך האָב מורא.

— וואָס־זשע האָט איהר מורא? — האָט געפרעגט זינאַאידאַ.

— וואָס? איהר קענט דאָך ניט רייטען. עס קען נאָך זאָל גאָט היטען, עפּעס פּאַסירען! און וואָרום איז אייך פּלוצים אין קאָפּ אריין אַזאַ פאַנטאַזיע?

— נו, דאָס איז שוין מיין זאַך, מיין הערר, ווילדע חיה. אויב אַזוי, וועל איך בעטען פּיאָטער וואַסיליעוויטש'ן... (מיין פאָטער האָט אַזוי געהייסען. איך האָב זיך פערוואונדערט, וואָס זי האָט אַזוי לייכט און פריי דערמאָנט מיין פאָטער'ס נאָמען, ווי זי וואָלט געווען זיכער, אַז ער וועט פאַר איהר אַלעס טהאָן.)

— אַזוי גאָר — האָט געענטפערט ביעלאָווזאָראָוו — מיט איהם, הייסט עס, ווילט איהר דאָס פאָהרען?

— מיט איהם צו מיט אַן אַנדערן — פאַר אייך איז דאָס אַלץ איינס. אבי נישט מיט אייך.

— נישט מיט מיר — האָט איבערגעחזרט ביעלאָווזאָראָוו — ווי

איהר ווילט זיך. וואָס מאַכט עס אויס? איך וועל אייך צושטעלען אַ פערד.

— איהר גיט אָבער אַכטונג, אַז דאָס זאָל נישט זיין ערגעץ אַ בהמה. איך זאָג אייך אַפריהער, איך וויל זיך יאָגען...

— יאָגט זיך, פון מיינט וועגען... מיט וועמען־זשע איז עס, מיט מאַליעווסקין, ווילט איהר פאָהרען?

— און פאַרוואָס ניט מיט איהם, העלד מיינער? נו, בערוהיגט זיך — האָט זי צוגעזעצט — און ניט בליצט אַזוי מיט די אויגען. איך וועל אייך אויך מיטנעהמען. איהר ווייסט דאָך, אַז פאַר מיר איז איצט מאַלעווסקי — פי! — זי האָט אַ טרייסעל געטהאָן מיט׳ן קאָפּ.

— איהר זאָגט עס נור, אום מיך צו טרייסטען — האָט אַ בורטשע געטהאָן ביעלאָוווזאָראָוו.

זינאַאידאַ האָט זיך פערזשמורעט.

— אַלזאָ דאָס בערוהיגט אייך? אוי... אוי... אוי... העלד מיינער! — האָט זי צום לסוף ארויסגערעדט, ווי ניט געפינענדיג קיין אַנדערט וואָרט: און איהר, מאָסיאָ וואַלדעמאַר, איהר וואָלט וועלען פאָהרען מיט אונז?

— איך ליעב ניט... אין אַ גרויסער געזעלשאַפט... מיט אַ סך מענשען... — האָב איך ארויסגעשטאַמעלט, ניט אויפהויבענדיג די אויגען.

— אייך געפעהלט בעסער צו פערברייגגען אויג אויף אויג?... נו, דעם פרייען די פרייהייט, דעם גערעכטען... דער גן עדן — האָט זי ארויסגערעדט אַ זיפץ מהאַנדיג: — געהט, ביעלאָוווזאָראָוו, בעזאָרגט מיר דאָס פערד, איך דאַרף איהם האָבען אויף מאָרגען.

— יאָ; און וואו וועט מען נעהמען געלד? — האָט זיך אריינגעמישט די פירסטין.

זינאַאידאַ האָט אַ קנייטש געטהאָן די ברעמען.

— איך בעט נישט ביי אייך קיין געלד; ביעלאָוווזאָראָוו וועט מיר געטרויען.

— ער וועט געטרויען, געטרויען... — האָט געבורטשעט די פירסטין און פּלוצים געגומען שרייען מיט אַלע קרעפטען: — דוניאַשאַ!

— מאמא, איך האב אייך געשענקט א גלעקעל — האט בעמערקט זינאאידא.

— דוניאשא ! — האט די אלטע נאך אמאל א געשריי געטהאן.

ביעלאוזאראוו האט זיך פערנייגט, געזעגענט זיך ; איך בין אוועק מיט איהם. זינאאידא האט מיך ניט אבגעהאלטען.

---

## XIV.

אויף מארגען בין איך אויפגעשטאנען פריה, האב זיך אויסגע־שניטען א שטאק און בין אוועק הינטער׳ן שלאג־בוים. איך האב גע־וואלט געהן פרובען די צרות צו פערטרייבען.

דער טאג איז געווען א שעהנער, א ליכטיגער און ניט קיין צו הייסער ; א פרעהלאך, פריש ווינטעלע האט געשטיפט איבער דער ערד, טומלענדיג און שפיעלענדיג זיך און בעוועגענדיג אלעס און קיין זאך נישט שרעקענדיג. איך האב לאנג געוואנדערט איבער בערג, אי־בער וועלדער ; איך האב זיך נישט געפיהלט גליקליך, פון דער היים בין איך אוועק מיט דעם בעשלוס זיך איבערצוגעבען צו מיין בענקע־ניש — אבער די יוגענד, דאס שעהן וועטער, די פרישע לופט, דאס פערגעניגען פונ׳ם שנעלען גאנג און פון דעם צערטלען זיך אין געדיכ־טען גראז — האבען געטהאן דאס זייעריגע : די עראינערונג פון יענע אונפערגעסליכע ווערטער, פון יענע קושען, האבען זיך ווידער מיר אין דער נשמה אריינגעריסען. מיר איז אנגענעהם געווען צו טראכטען, אז זינאאידא קאן איצט שוין מעהר ניט צווייפלען אין מיין דרייסטקייט, אין מיין העלדישקייט...

„אנדערע זיינען ביי איהר טהייערער פון מיר — האב איך גע־טראכט — זאל זיין אזוי ! דערפאר וועלען די אנדערע נור ריידען, אז זיי וועלען פאר איהר עפעס טהאן און איך האב עס בעוויזען, האב געטהאן ! און וואס וואלט איך נישט געטהאן פאר איהר ?״

און מיין פאנטאזיע האט זיך צושפיעלט. איך האב זיך גענומען פארשטעלען, ווי איך וועל זי ראטעווען פון דעם שונא׳ס הענד, ווי

אין גאנצען א בעגאָסענער מיט בלוט, וועל איך זי ארויסרייסען פון גע־פענגנים, ווי איך וועל שטארבען ביי איהרע פיס. איך האָב זיך דער־מאָנט אָן דעם בילד, וואָס איז געהאנגען ביי אונז אין גאסט־צימער: עס האָט פאָרגעשטעלט מאלעקאדעל׳ן, ווי ער טראָגט אוועק מאטילדא׳ן — און גלייך, אויפ׳ן שטעל האָב איך זיך פערקוקט אויף א גרויסען, פיעל־פארביגען שפעכט־פויגעל, וועלכער האָט זיך אויפגעהויבען איבער א דינעם צווייג פון א בירקען־בוים און אונרוהיג ארויסגעקוקט פון הינ־טער איהם, דאָ רעכטס און דאָ לינקס, ווי א מוזיקאנט פון הינטער דער העגנטעל פונ׳ם קאָנטראבאס.

דערנאָך האָב איך גענומען זינגען: „ניט ווייס איז דער שנעע" און בין אריבערגעקראָכען אויף דעם בעוואוסטען ראָמאנס פון יענער צייט: „איך וואַרט אויף דיר, ווען דער זעפיר"... דערנאָך האָב איך גענומען דעקלאמירען יערמאקס בקשה צו די שטערן אין כאָמיאקאָוו׳ס טראַ־געדיע; האָב געוועזט פרובירט אליין עפעס פערפאסען א געפיהלפאָ־לע זאַך, האָב שוין זאָגאר אויסגעטראכט א שורה, מיט וועלכער דאָס גאנצע געדיכט זאָל זיך האָבען געענדיגט: „אָ, זינאאידא! זינאאידא!" אָבער דערפון איז גאָרנישט ארויסגעקומען.

דערווייל איז געוואָרען מיטאָג־צייט. איך האָב זיך אַרונטערגע־לאָזט אין טהאָל; א שמאָל, זאמדיג וועגעל האָט זיך דאָרט געדרעהט און געפיהרט אין שטאָדט. איך בין אוועק איבער דיעזען וועגעל...

א דומפפער קלאפען פון פערדישע קאָפּיטעס האָט זיך דערהערט הינטער מיר. איך האָב זיך אומגעקוקט, גישט ווילענדיג אָבגעשטעלט זיך און אראָבגענומען דאָס היטעל: איך האָב דערזעהן מיין פאָטער און זינאאידא׳ן. זיי זיינען געפאָהרען איינער נעבען דעם אנדער׳ן. דער פאָטער האָט עפעס גערעדט, אריבערבויגענדיג זיך צו איהר מיט׳ן גאנצען קערפער און אָנשפארענדיג זיך אויף דעם פערד׳ס האלז; ער האָט געשמייכעלט. זינאאידא האָט זיך צוגעהערט שווייגענדיג מיט שטרענג ארונטערגעלאָזטע אויגען און צוזאמענגעדריקטע ליפען. איך האָב אפריהער דערזעהן זיי אליין; אָבער אין א פאָאר מינוטען ארום האָט זיך אונטען, אין טהאָל, בעוויזען ביעלאָוזאָראָוו אין א הוסאַ־רען־מונדיר אויף א צוהיצטען שווארצען פערד. דער גוטער פערד האָט געמאכט מיט׳ן קאָפּ, געפּאָרשקעט און געשפּרונגען: דער רייטער האָט איהם אי איינגעהאלטען, אי אונטערגעטריעבען.

איך האָב זיך אָבגערוקט. דער פאָטער האָט אָנגענומען די לייצעס, האָט זיך אויסגעגלייכט. אויפ'ן זאָטעל זינאאידא, האָט לאַנגזאַם אויפ־געהויבען אויף איהם איהרע אויגען — אוןביידע האָבען זיך גענומען יאָגען...

ביעלאָוואָראָוו האָט זיך אַ לאָז געטהאָן נאָך זיי, הילכענדיג מיט זיין שווערד.

„ער איז רויט ווי אַ ראַק — האָב איך אַ טראַכט געטהאָן — און זי... פאַר וואָס איז זי אַזוי בלאַס? איז אַ גאַנצען פריהמאָרגען געפאָה־רען רייטענדיג... און איז אַזוי בלאַס?"

איך האָב גענומען געהן מיט שנעלע טריט און בין געקומען אהיים פונקט פאַר מיטאָג. דער פאָטער, אַ איבערגעטהאָנענער, אַן אויסגעוואַשענער און אַ פרישער איז שוין געזעסען נעבען דער מוטער'ס פאַטעל און מיט זיין רוהיגען און הילכענדיגען קול איהר געלעזען דעם פעליעטאָן פון אַ פראַנצויזישען זשורנאַל; אָבער די מוטער האָט זיך צוגעהערט אָהן אויפמערקזאַמקייט און, דערזעהן מיך, האָט זי גע־פרעגט, וואו איך בין אהינגעקומען אויף אַ גאַנצען טאָג און האָט צוגעזעצט, אַז זי ליעבט ניט, ווען מען שלעפט זיך אַרום גאָט ווייסט וואו און גאָט ווייסט מיט וועמען. איך האָב אָבער אַרומגעשפּאַצירט איי־נער אליין, האָב איך געוועזט געוואָלט זאָגען, נור איך האָב אַ קוק גע־טהאָן אויפ'ן פאָטער און צוליעב עפּעס פערשוויגען.

---

## XV.

אין פערלויף פון די נעכסטע פינף־זעקס טעג האָב איך זינאאידא'ן כמעט גאָרניט געזעהן: זי האָט זיך ערקלערט קראַנק, דאָס האָט אָבער נישט געשטערט די געוועהנליכע בעזוכער פון'ם פליגעל צו קומען אהין, אויף דער וואַך, ווי זיי האָבען זיך אויסגעדריקט.

געקומען זיינען אַלע אויסער מיידאַנאָוו'ן, וועלכער האָט זיך גע־לאַנגווייַלט און גלייך פערלאָרען דעם מוטה אַזוי שנעל, ווי ער האָט ניט געהאַט קיין מעגליכקייט זיך פון עפּעס צו בעגייסטערען. ביעלאָ־

ווזאָראָוו, א פּאַרשפּיעלטער און א רויטער, איז געזעסען אין א ווינקעל שטאַרק אָנגערוקט; אויף דעם פּיינעם פּנים פון'ם גראַף מאַליעווסקי האַט שטענדיג געשוועבט עפּעס א מין ניט גוטער שמייכעל; ער האַט טאַקע אויף אַן אמת פּערלאָרען ביי זינאַאידאַ'ן גאָר דעם חן און האַט זיך איצט מיט גרויס התמדה אונטערגע'חנ'פעט צו דער אַלטער פּירסטין, איז זאָגאַר מיט איהר געפאָהרען אין א געדונגענער קאַרעטע צום גענעראַל־גובערנאַטאָר. לושין פלעגט קומען א מאָל צוויי א טאָג, איז אבער נישט לאַנג פּערבליעבען, נאָך אונזער לעצטער ערקלערונג, האָב איך פאַר איהם אביסעל מורא געהאַט און אין דער זעלבער צייט האָב איך צו איהם געפיהלט אַן אויפריכטיגע סימפּאַטיע.

איין מאָל איז ער מיט מיר אוועק שפּאַצירען אין גאָרטען. ער איז געווען גוטמוטהיג און פריינדליך, האַט מיר ערקלערט די נעמען און אייגענשאַפטען פון די פּערשיעדענע גראָזען און בלומען, און פלוצים, ווי מען זאָגט, גלאַט אין דער וועלט אריין, האַט ער אויסגעשריען, א קלאַפּ טהאָנדיג זיך אין שטערן: „און איך נאַר, האָב געמיינט, אז זי איז א קאָקעטקע! עס ווייזט אויס, אז צו אָפּפערן מיט זיך אליין, איז גאַנץ זיס... פאַר מאַנכע מענשען.‟

— וואָס ווילט איהר מיט דעם זאָגען? — האָב איך געפרעגט.

— אייך וויל איך גאָרנישט ניט זאָגען — האַט געענטפערט לושין קורץ.

מיך האָט זינאַאידאַ אויסגעמידען. איך האָב בעמערקט, אז מיין בעזוך האַט איצט אויף איהר געמאַכט אַן אונאַנגענעהמען איינדרוק. זי האַט זיך נישט ווילענדיג אָבגעקעהרט פון מיר... נישט ווילענדיג; אָט וואָס עס איז געווען אזוי ביטער, אָט וואָס עס האַט מיך אזוי צודריקט! איך האָב זיך אבער גאָרנישט געקענט העלפען און האָב זיך נור געהיט ניט צו וואַרפען זיך איהר אין די אויגען. איך האָב געפּרובט זי בעאָבאַכטען פון דער ווייטענס, אבער דאָס האַט זיך מיר אויך נישט אימער איינגעגעבען. מיט איהר איז נאָך ווי פריהער פאָרגעקומען עטוואָס אונפערשטענדליכעס; איהר פּנים איז געוואָרען אַן אַנדערער, זי אין גאַנצען איז אַנדערש געוואָרען.

די דאָזיגע ענדערונג אין איהר איז מיר בעזאָנדערס אויפגעפאַלען אין א געוויסען וואַרעמען, שטילען אָבענד. איך בין געזעסען אויף א קליין ביינקעלע צווישען געדיכטע בושעס; דעם דאָזיגען ווינקעל

האב איך זעהר ליעב געהאט: פון דארט האט זיך געזעהן דאס פענ־סטער פון זינאאידא'ס צימער. איך בין געזעסען; איבער מיין קאפּ, צווישען די דונקעל געוואָרענע בלעטער, האט פארהאוועט זיך ארומ־געדרעהט א קליין פייגעלע; א גרויע קאץ, אויסגעצויגען דעם רוקען אין פּאַראַויס, האט זיך פּאַרזיכטיג גע'גנב'עט אין גאָרטען אריין, און די ערשטע זשוקעס האבען שווער געהוזשעט אין דער לופט, וועלכע איז נאָך געוועזען דורכזיכטיג, כאָטש עס איז שוין געוועזען ניט גאָר ליכטיג.

איך בין געזעסען, געקוקט אויף דאס פענסטער און געוואַרט, טאָמער וועט עס זיך עפענען. און, ווירקליך, עס האט זיך געעפענט און הינטער איהם האט זיך בעוויזען זינאאידא. זי האט געטראָגען א ווייס קלייד, — און זי אליין, איהר פּנים, איהרע אַקסלען, די הענד — זיינען געוועזען בלייך, אזש ווייס. זי איז געבליעבען שטעהן אונבעוועגליך און האט לאַנג געקוקט אונבעוועגליך און גלייך פון הינטער די צוזאַמענגעדריקטע ברעמען. אזא מין בליק האב איך ביי איהר נאָך נישט געזעהן. דערנאָך האָט זי שטאַרק־שטאַרק צוזאַמענגעדריקט די הענד, צוגעטראָגען זיי צו די ליפּען, צום שטערן — און פּלוצים פונאנדער־געהמענדיג די פינגער, האט זי אוועקגעשאַרט די האָאָר פון די אויע־רען, האט זיי א טרייסעל געטהאָן, מיט עפּעס א מין מאָדנער ענטשלאָ־סענהייט א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ פון אויבען אראָב און דעם פענ־סטער צוגעקלאַפּט.

אין א טאָג דריי נאָכדעם, האט זי מיך געטראָפען אין'ם גאָרטען. איך האב זיך געוואָלט אָבקעהרען אָן א זייט, נור זי האט מיך אליין אָבגעשטעלט.

— גיט מיר א האנד — האט זי צו מיר געזאָגט מיט איהר פריי־הערדיגער פריינדליכקייט — איך האב שוין מיט איך לאַנג ניט גע־פלוידערט.

איך האב אויף איהר א קוק געטהאָן: איהרע אויגען האבען שטיל געלויכטען און דאס פּנים האט געשמייכעלט, ווי דורך א נעבעל.

— איהר זייט נאָך אַלץ ניט געזונד? — האב איך זי געפרעגט.

— ניין. איצט איז שוין אַלעס אריבער — האט זי געענטפערט און אויסגעריסען א קליינע, רויטע ראָזע — איך בין מיעד אביסעלע, אבער דאס וועט אויך באַלד אוועק.

— און איהר וועט ווידער זיין די זעלבע, ווי פריהער? — האב איך געפרעגט.

זינאַאידאַ האט צוגעטראָגען די ראָזע צו איהר פּנים, און מיר האט זיך אויסגעדאַכט, אז דער אָפּשיין פון די העלע, ליכטיגע קנאָספּען איז איהר אויף דעם פּנים געפאַלען.

— האב איך זיך ד'ען געענדערט? — האט זי געפרעגט.

— יאָ, איהר האט זיך געענדערט — האב איך געענטפערט שטיל.

— איך בין געווען קאַלט צו אייך, איך וויים — האט אָנגעהויבען זינאַאידאַ — אבער איהר האט ניט געדאַרפט שענקען קיין אויפמערקזאַמקייט דערויף... איך האב ניט געקענט זיין אַנדערש... נו, מילא, וואס איז דאָ וועגען דעם צו ריידען!

— איהר ווילט ניט, איך זאָל אייך ליעבען... אָט וואס! — האב איך אויסגעשריען מיט אן אונערוואַרטעטער היץ.

— ניין, ליעבט מיך, אבער ניט אזוי ווי פריהער.

— ווי־זשע דען?

— לאָמיר זיין גוטע פריינד—אָט ווי! — זינאַאידאַ האט מיר געגעבען די ראָזע א שמעק צו טהאָן — הערט אויס, איך בין דאָך א סך עלטער פון אייך... איך האב געקאָנט זיין אייער מוהמע, ווירקליך; נו, נישט אייער מוהמע, איז אַן עלטערע שוועסטער. און איהר...

— איך בין ביי אייך א קינד — האב איך זי אונטערבראָכען.

— נו, יאָ, א קינד, אבער א וואויל, קלוג, ליעב קינד, וועלכען איך האב זעהר ליעב. ווייסט איהר וואס? פון היינטיגען טאָג אָן מאַך איך אייך פאר מיין פּאַזש; און איהר פערגעסט ניט, אז פּאַזשען טאָרען קיין מאָל ניט פערלאָזען זייערע בעל הבית'טעס. אָט האט איהר א סמן פון אייער נייער ווירדע — האט זי צוגעזעצט, אריינטהאָנדיג די ראָזע אין דעם לאָך פון מיין רעקעל — א צייכען פון מיין גנאָדע צו אייך.

— פריהער האב איך פון אייך געקראָגען אנדערע גנאָדען — האב איך ארויסגעשטאַמעלט.

— אזוי! — האט ארויסגערעדט זינאַאידאַ, און פון דער זייט אויף מיר א קוק געטהאָן — וואס פאר א גוטע געדעכעניש ער האט! וואס איז? איך בין אפילו איצט אויך בערייט...

און, זיך אַנגעבויגט צו מיר, האט זי אָבגעדריקט אויף מיין שטערן א ריינעם, רוהיגען קוש.

איך האב בלויז א קוק געטהאָן אויף איהר, זי האט זיך אָבגעקעהרט און, זאָגענדיג — „געהט נאָך מיר, מיין פּאַזש" — איז זי אַוועק צום פליגעל.

איך בין אוועק נאָך איהר און האב זיך אַלץ געוואונדערט. „שוין־זשע — האב איך געטראַכט — איז די דאָזיגע רוהיגע, באַרעכענטע מיידעל — די זעלבע זינאַאידאַ, וועלכע איך האב פריהער געקאָנט?"

— אפילו דער גאַנג איהרער האט זיך מיר אויסגעוויזען שטילער, רוהיגער און איהר גאַנצע פיגור מאַיעסטעטישער און שלאַנקער...

און, מיין גאָט! מיט וואס פאר א נייער קראַפט עס האט זיך צוברענט אין מיר די ליעבע!

---

## XVI.

נאָך מיטאָג האבען זיך אין פליגעל ווידער צוזאַמענגעקליבען געסט — און די פירסטין איז צו זיי ארויסגעגאַנגען. די גאַנצע געזעלשאַפט איז געווען אויפ'ן פּלאַץ, ווי אין יענעם אונפערגעסליכען אָבענד: אפילו נאַרמאַצקי איז זיך געקומען צושלעפּען; מיידאַנאָוו איז דיעזען מאָל געקומען פריהער פאר אַלעמען — ער האט געבראַכט נייע געדיכטע. מען האט זיך ווידער גענומען שפּיעלען אין פאַנטען, אבער אָהן די פריהערדיגע משוגענע שטיק, אָהן טומעל, אָהן די אַלע נאַרישקייטען — דער ציגיינערשער עלעמענט איז פערשוואונדען. זינאַאידאַ האט אין אונזער פערברענגען אריינגעבראַכט א נייע שטימונג. איך בין געזעסען נעבען איהר אַלס פּאַזש. צווישען אנדערעם האט זי פאָרגעשלאָגען, אז דער, וואס וועט פערשפּיעלען זיין פאַנט, זאָל דערצעהלען זיין חלום, דאָס האָט זיך אָבער ניט איינגעגעבען. די חלומות זיינען ארויסגעקומען אדער נישט אינטערעסאַנטע (ביעלאָוואָראָוו'ן האט זיך געחלומ'ט, אז ער האט אָנגעקאָרמעט זיין פערד מיט קאַראַשען און אז ביי איהם איז געווען א הילצערנער קאָפּ) אדער אוננאַטירליכע, אויסגעטראַכטע. מיידאַנאָוו האט אונז מכבד געווען מיט א גאַנצער ער־

צעהלונג: דאָ זיינען געווען אי קברים, אי מלאכים מיט לירעס, אי ריידענדיגע בלומען, אי קלאַנגען, וואס האבען זיך געטראָגען פון ערגעץ ווייט, ווייט. זינאאידא האט איהם נישט געלאָזט ענדיגען. „אויב שוין יאָ פערפאסונגען — האט זי געזאָגט — טאָ זאָל יעדער דער־צעהלען עפּעס, וואס ער וועט אליין אויסטראכטען."

דעם ערשטען צו דערצעהלען איז אויסגעקומען ביעלאָוווזאָראָוו'ן.

דער יונגער הוסאר איז צומישט געוואָרען.

— איך קען גאָר גיט אויסטראכטען! — האט ער אויסגערופען.

— וואס פאר א נארישקייטען! — האט אונטערגעכאפּט זינא־אידא — נו, שטעלט זיך פאָר, אז איהר, צום ביישפּיעל, זייט פערהיי־ראַט און דערצעהלט אונז, ווי איהר וואָלט פערבראכט די צייט מיט אייער פרוי. איהר וואָלט זי פערשפּארט?

— יאָ, פערשפּארט!

— און וואָלט אליין אויך געזעסען מיט איהר?

— איך וואָלט אונבעדינגט מיט איהר געזעסען.

— זעהר שעהן. נו, און אויב איהר וואָלט עס דערעסען און זי וואָלט אייך פערראַטהען?...

— דאַן וואָלט איך זי דער'הרג'עט.

— און ווען זי וואָלט אנטלאָפען?

— איך וואָלט זי דעריאָגט, און פאָרט דער'הרג'עט.

— אזוי... נו, און לאָמיר זאָגען, אז איך וואָלט געווען אייער ווייב, וואס וואָלט איהר דאַן געטהאָן?

ביעלאָוווזאָראָוו האט געשוויעגען א ווייל און דערנאָך געזאָגט:

— איך וואָלט זיך דער'הרג'עט...

זינאאידא האט זיך צולאכט — איך זעה, מיט אייך איז דאס ליעדעל א קורצע.

דער צווייטער פאנט איז ארוים זינאאידא'ס. זי האט אויפגע־הויבען די אויגען צום סופיט און זיך פערטראכט.

— הערט אוים — האט זי צום סוף אָנגעהויבען — וואס איך האָב אויסגעטראכט... שטעלט אייך פאָר א גרויסארטיגען פּאלאץ, א זומערדיגע נאכט און א הערליכע באל. דעם דאָזיגען באל מאכט א יונגע קייזערין. איבעראל איז גאָלד, מארמאָר, קריסטאָל, זיידענס, פייערן, דימענטען, בלומען, אלע פערגעניגענס פון לוקסוס.

— איהר ליעבט לוקסוס? — האט איהר איבערגעשלאָגען לושין.

— לוקסוס איז שעהן — האט זי געענטפערט — איך האב ליעב אלץ, וואס איז שעהן.

— מעהר ווי דאס פראַכטפאָלע? — האט ער געפרעגט.

— דאס איז עפּעס צו קלוג, איך פערשטעה עס ניט. שטערט מיר נישט. אלזאָ, דער באַל איז א גרויסאַרטיגער. געסט זיינען דאָרט א גאַנצע מאַסע, זיי אלע זיינען יונג, פּרעכטיג, העלדיש, זיי אלע זיינען ביז משוגע אין דער קייזערין פערליעבט.

— קיין פרויען זיינען ניטאָ צווישען די געסט? — האט געפרעגט מאַליעווסקי.

— ניין — אדער ווארט אוים — יאָ, פאַראַן.

— מסתמא נישט קיין שעהנע?

— ניין, זעהר שעהנע. אבער די מענער זיינען אלע פערליעבט אין דער קייזערין. זי איז הויך און שלאַנק; א קליין גאָלדען דיאַדעם בליסטשעט אויף איהרע שווארצע האָאָר.

איך האב א קוק געטהאָן אויף זינאַאידאַן — און אין דעם דאָזיגען אויגענבליק האט זי זיך מיר אויסגעוויזען אויף אזוי פיעל העכער פון אונז אלעמען; פון איהר ווייסען שטערן, פון איהרע אונבעוועגליכע ברעמען האט געוועהעט מיט אזוי פיעל קלאָרען פערשטאַנד און מיט אזא מאַכט, אז איך האב א טראַכט געטהאָן: „דו אליין ביזט עס, די דאָזיגע קייזערין!"

— אלע שטופּען זיך ארום איהר — האט פאָרטגעזעצט זינאַאידאַ — אלע סטאַרען זיך וואס מעהר איהר צו שמייכלען.

— און זי האט ליעב חניפה? — האט געפרעגט לושין.

— וואס פאר אן אונערטרעגליכער מענש! — רק ער שלאָגט מיר איבער... ווער האט עס ניט ליעב קיין חניפה?

— נאָך איין פראגע, די לעצטע — האט בעמערקט מאַלעווסקי — האט די קייזערין א מאַן?

— וועגען דעם האב איך אפילו נישט געטראַכט. ניין, צו וואס טויג א מאַן?

— געוויס — האט אונטערגעכאַפּט מאַלעווסקי — צו וואס טויג א מאַן?

— עס זאָל זיין שטיל! — האט א געשריי געטהאָן מיידאַנאָוו.

— א דאנק — האט איהם געזאגט זינאאידא — אלזא, די קיי־זערין הערט זייערע רייד, הערט די מוזיק, אבער זי קוקט ניט אויף קיינעם פון די געסט. זעקס פענסטער זיינען אפען פון אויבען ביז אראב, פון באלקען ביז דער פאדלאגע, און הינטער זיי איז א דונקעלער הימעל מיט גרויסע שטערען, און א דונקעלער גארטען מיט גרויסע בוי־מער. זי קוקט אין גארטען ארויס, דארט, נעבען די בוימער, שלאגט א פאנטאן: ער שיינט אב אין דער פינסטערניס — א לאנגער, לאנ־גער, ווי א געשפענסט. צווישען דעם טומעל און מוזיק, הערט די קיי־זערין דאס שטיל פלעסטשען פון'ם וואסער. זי קוקט און טראכט: איהר אלע, מיינע העררען, זייט עדעל, קלוג, רייך, איהר האט מיך ארומגערינגעלט, אייך איז טהייער יעדעס ווארט מיינס, איהר אלע זייט בערייט צו שטארבען פאר מיינע פיס, איך בעהערש אייך... און דארט נעבען פאנטאן, נעבען דעם פלעסקענדיגען וואסער, שטעהט און ווארט אויף מיר דער יעניגער, וועמען איך ליעב און ווער עס בע־הערשט מיך. ער טראגט נישט קיין רייכע קליידער, קיין קאסטבארע שטיינער, קיינער קען איהם נישט, נור ער ווארט אויף מיר און איז זיכער, אז איך וועל קומען... און איך וועל קומען. און עס איז נישטא אזא קראפט, וועלכע זאל מיך קאנען אבשטעלען, ווען איך וועל וועלען געהן צו איהם, און בלייבען מיט איהם, און פערליערען זיך דארט מיט איהם, אין דער פינסטערניש פון דעם גארטען, אונטער דעם שארשקען פון די בוימער און דעם פליעסקען פון'ם פאנטאן...

זינאאידא איז אנשוויגען געווארען.

— דאס איז אן אויסגעטראכטע זאך? — האט כיטרע געפרעגט מאלעווסקי.

זינאאידא האט אויף איהם אפילו נישט א קוק געטהאן.

—און וואס וואלטען מיר געטהאן, מיינע העררען — האט פלו־צים געגומען ריידען לושין — ווען מיר וואלטען געוועזן צווישען די געסט און וואלטען געוואוסט וועגען יענעם גליקליכען ביים פאנטאן?

— ווארט, ווארט אוים — האט איהם זינאאידא איבערגעשלא־גען — איך וועל אייך אליין זאגען, וואס יעדערער פון אייך וואלט געטהאן. איהר, ביעלאוזאראוו, וואלט איהם ארויסגערופען אויף א דועל; איהר, מיידאנאוו, וואלט וועגען איהם אנגעשריעבען אן עפי־

גראם... איהר, נארמאצקי, וואָלט ביי איהם געליהען... ניין, איהר וואָלט איהם געליהען געלד אויף פּראָצענט; איהר, דאָקטאָר... זי האט זיך אָבגעשטעלט... אָט, וועגען אייך, ווייס איך נישט, וואס איהר וואָלט געטהאָן.

— זייענדיג איהר דאָקטאָר — האט געענטפערט לושין — וואָלט איך גערואטהען דער קייזערין נישט צו מאכען קיין בעלער, ווען זי איז נישט אויפגעלעגט צו פערברענגען מיט געסט...

— עס קאָן זיין, אז איהר וואָלט געוועזען גערעכט. און איהר, גראף?

— און איך? — האט מאלעווסקי איבערגעפרעגט מיט זיין נישט גוטען שמייכעל...

— איהר וואָלט איהם אונטערגעטראָגען א פערגיפטעטע קאָנפעט.

מאלעווסקי'ס פּנים האט זיך עטוואס פערקרימט און אויף אַן אויגענבליק אָנגענומען א אידישען אויסדרוק, באלד אבער האט ער זיך צולאכט.

— און וואס אנבעלאנגט צו אייך, וואלדעמאר...—האט פּאָרט־געזעצט זינאאידא — אבער גענוג; לאָמיר שפּיעלען אין עפּעס אַן אנדער שפּיעל...

— אלס דער פּאזש פון דער קייזערין, וואָלט מוסיאָ וואָלדעמאָר איהר נאָכגעטראָגען די שלעפּע, ווען זי וואָלט געלאָפען אין גאָר־טען אריין — האט גיפטיג בעמערקט מאלעווסקי.

איך האב זיך אָנגעצונדען, אבער זינאאידא האט מיר שנעל ארויפגעלעגט די האנד אויפ'ן אקסעל און, אויפגעהויבען זיך, האט זי ארויסגערעדט מיט א לייכט ציטערענדיגער שטימע:

— איך האב אייער דורכלויכט קיין מאָל ניט געגעבען קיין רעכט צו זיין פרעך, און דערפאר בעט איך אייך, איהר זאָלט אונז פערלאָזען. — זי האט איהם אָנגעוויזען אויף דער טהיר.

— גנעדיגע פירסטין — האט אויסגעשטאמעלט מאלעווסקי, און איז געוואָרען בלייך ווי קאלך.

— די פירסטין איז גערעכט — האט אויסגעשריען ביעלאָוואָזאָ־ראָוו און זיך אויך אויפגעהויבען.

— איך האב, ביי גאָט, עס ניט ערוואַרטעט — האט געזאָגט מאַ־לעווסקי — אין מיינע ווערטער איז, דאכט זיך, נישט געוועזען גאָר־

נישט אויפצוליגען.... עס איז ביי מיר אין די געדאַנקען אפילו נישט געווען אַייך צו באַליידיגען... פערגיבט מיר.

זינאַאידאַ האָט איהם דורכגענומען מיט א קאַלטען בליק און קאַלט און שפּאָטיש א לאַך געטהאָן.

— פון מיינטוועגען, בלייבט — האט זי אַרויסגערעדט און נאָכ־לעסיג א מאַך געטהאָן מיט א האַנד — איך און מוסיע וואָלדעמאַר זיינען אומזיסט אין כעס געוואָרען. אייך איז אנגענעהם זיך צו שטע־כען... געזונדערהייד.

— פערגיעבט מיר — האט נאָך אמאָל געזאָגט מאַלעווסקי.

און דערמאָנט זיך אויף זינאַאידאַ׳ס שטאָלצער האַלטונג, האָב איך ווידער געגומען טראַכטען, אז אַן אמת׳ע קייזערין וואָלט נים גע־קענט מיט מעהר ווירדע אָנווייזען א פרעכען אויף דער טהיר.

נאָך דער דאָזיגער קליינער סצענע, האט די שפּיעל אין פאַנטען שוין נישט לאַנג אָנגעהאַלטען; אַלע האָבען זיך גענומען פיהלען עט־וואס אונאַנגענעהם, נים אזוי פיעל פון דער סצענע אליין, ווי פון עפּעס אַן אונבעשטימטען, אָבער שווערען געפיהל.

קיינער האט וועגען דעם נים גערעדט, אָבער יעדער פון אונז האט עס געפיהלט אי ביי זיך, אי ביי זיין שכן.

מיידאַנאָוו האט אונז פאָרגעלעזען זיין געדיכט — און מאַלעווסקי האט עס געלויבט מיט אַן איבערטריבענער התפעלות — ווי עס ווילט זיך איהם דאָס אַצינד אַרויסווייזען זיין גוטסקייט—האט מיר א שעפּט־צע געטהאָן לושין. מיר זיינען זיך שנעל פונאַנדערגעגאַנגען. אויף זי־נאַאידאַ׳ן איז פּלוצים אָנגעפאַלען א מין פערטראַכטקייט; די פירסטין האָט געשיקט זאָגען, אז איהר טהוט וועה דער קאָפּ; נאַרמאַצקי האָט זיך גענומען קלאָגען אויף זיין רעוומאַטיזם...

איך האב לאַנג נים געקענט איינשלאָפען. זינאַאידאַ׳ס ערצעהלונג האט מיך ערשטוינט. — שוין־זשע איז אין איהר געווען אַן אָנצוהערע־ניש? — האָב איך זיך אליין געפרעגט — אויף וועמען און אויף וואס האט זי דאָס דאָזיגע אָנצוהערעניש געגעבען? און אויב זי האט טאַקי עפּעס געמיינט... איז וואס טהוט מען? ווי האַנדעלט מען? ניין, ניין, עס קען נישט זיין — האָב איך געשעפּטשעט, זיך איבערקעהרענ־דיג פון איין ברעגענדיגער באַק אויף דער אַנדערער... איך האָב זיך

דערמאָנט אָן דעם אויסדרוק פון זינאאידא'ס פּנים אין דער צייט פון איהר דערצעהלען... איך האב זיך דערמאָנט אָן דעם אויסגעשריי, וואס האט זיך ארויסגעריסען ביי לושין'ען אין גאָרטען, די פּלוצימדיגע ענדערונג אין איהר האַלטונג מיט מיר — און איך האב זיך פערלאָרען, בין אין גאַנצען צומישט געוואָרען. „ווער איז ער?" די דאָזיגע דריי ווערטער זיינען ווי לעבעדיגע געשטאַנען פאר מיינע אויגען אָנגע־צייכענטע אין דער פינסטערניש; — אזוי ווי א נידעריגער, אונגליק־ברענגענדער וואָלקען וואָלט געהאַנגען איבער מיר — און איך האב געפיהלט זיין דרוק, און געוואַרט, אז אָט־אָט וועט ער צופּלאַצט ווע־רען... צו פיעלעס בין איך אין דער לעצטער צייט צוגעוועהנט געוואָ־רען, א סך זאכען האב איך זיך אָנגעזעהן ביי די זאַסיעקינס; די אונ־אָרדנונג, די ברעקלאַך פון די חלב'ענע ליכטלאַך, די צובראָכענע מעסער און גאָפּעל, דער חושך'דיגער באַניפאַנטי, די ארומגעריסענע דיענ־סטען, די מאַניערען פון דער אלטער פירסטין — דאס דאָזיגע מאָדנע לעבען האט מיך שוין מעהר נישט געוואונדערט... אבער צו דעם, וואס איך האב איצט ניט קלאָר אָנגעהויבען צו בעמערקען אין זינאַ־אידא'ן — צו דעם האב איך זיך בשום אופן ניט געקענט צוגעוועה־נען... זי איז אַן אַוואַנטיוריסטין — האט וועגען איהר אמאָל געזאָגט מיין מוטער.

אן אַוואַנטיוריסטין — זי, מיין אָבגאָט, מיין אידעאַל! דער דאָ־זיגער נאָמען האט מיך געברענט ווי א פייער; איך האב זיך געסטאַ־רעט צו בעהאַלטען פון איהם אין קישען, איך בין געווען ענטריסטעט — און אויף וואס וואָלט איך אין דער זעלבער צייט ניט מרוצה געוו־וואָרען, וואס וואָלט איך ניט געגעבען, אבי נור צו זיין יענער גליקלי־כער ביים פאָנטאַן!...

דאס בלוט אין מיר האט זיך צוברענט און געגומען קאָכען.

„א גאָרטען... א פאָנטאַן..." — האב איך א טראַכט געטהאָן — „איך וועל אַקאָרשט ארויסגעהן אין גאָרטען."

איך האב זיך פלינק אָנגעטהאָן און ארויסגערוקט זיך פון'ם הויז.

די נאַכט איז געווען א פינסטערע, די בוימער האבען שטיל גע־שעפּטעצעט; פון הימעל האט געוועהט א שטילע קיהלקייט; פון'ם גאָרטען האט זיך געטראָגען דער גערוך פון קרייטיכער.

איך בין ארומגעגאַנגען אַלע אַלעען; דער לייכטער קלאַנג פון מיינע טריט האט מיך אי צומישט אי מיר מוטה צוגעגעבען. אָפּט האָב איך זיך אָבגעשטעלט, געוואַרט און צוגעהערט זיך, ווי דאָס האַרץ מיינס קלאַפּט — האַסטיג און שטאַרק. צום סוף בין איך צוגעקומען צום פאַרקאַן און האָב זיך אָן איהם אָנגעשפּאַרט.

פּלוצים... אָדער האט זיך עס מיר אויסגעדאַכט?... אין עט־ליכע טריט פון מיר האט זיך א מיניע געטהאָן א פרויען געשטאַלט... מיט אַן אָנגעשטרענגטען בליק האָב איך אַריינגעקוקט אין דער פינ־סטערניש... האָב פערהאַלטען דעם אָטהעם. וואָס איז עס? צו דאַכט זיך עס מיר, אז איך הער טריט... אָדער דאָס קלאַפּט ווידער מיין האַרץ אזוי שטאַרק?... — ווער איז דאָ? — האָב איך אַרויסגע־שטאַמעלט שטיל, שטיל, אז מען האט עס קוים געקאָנט הערען.

וואָס איז דאָס ווידער? אַן אונטערדריקטער געלעכטער?... אָדער א שאָרשקען אין די בלעטער... אָדער האט אפשר עמיצער א קרעכץ געטהאָן מיר אונטער׳ן אויער? מיר איז מורא׳דיג גע־וואָרען....

— ווער איז דאָ? — האָב איך ווידער געפרעגט נאָך שטילער.

אין דער לופטען האט זיך אויף אַן אויגענבליק עטוואָס א דרעה געטהאָן; איבער׳ן הימעל האט א בליץ געטהאָן א פייערדיג פּאַסע־קעל: א שטערן איז אַראָבגעפאַלען. — זינאַאידאַ? — האָב איך גע־וואָלט אויסשרייען, אבער דער קלאַנג איז אויף מיינע ליפּען פער־שטאָרבען. און פּלוצים איז אַלעס ארום געוואָרען שטיל, טויט שטיל, ווי עס פּאַסירט אָפּט אין מיטען נאַכט... אפילו די גראָז־פליגעלאָך האבען אויפגעהערט צו זשומען צוווישען די בוימער — נור א פענ־סטער האט ערגעץ־וואו א קלאַפּ געטהאָן... איך בין געשטאַנען, גע־לוישט און אומגעקעהרט זיך צוריק אין מיין צימער, צו מיין אָבגע־קיהלטער בעט. איך האָב געפיהלט עפּעס א מאָדנע אויפרעגונג: ווי איך וואָלט געגאַנגען זיך מיט עמיצען צו בעגעגענען און האָב קיינעם ניט געטראָפען, און נור אַן עלענדער, אַן איינזאַמער בין איך פערביי פרעמדעס גליק פערבייגעגאַנגען...

# XVII.

אויפ'ן צווייטען טאָג האָב איך זינאאידא'ן געזעהן בלויז פון דערווייטענס: זי איז מיט דער פירסטין ערגעץ וואו געפאָהרען אויף אן איזוואָזטשיק. דערפאר האָב איך געזעהן לושין'ען, וועלכער האָט מיך קוים געגריסט און מאלעווסקי'ן. דער יונגער גראף האָט א ברייטען שמייכעל געטהאָן און געגומען פריינדליך מיט מיר רעדען. פון אלע בעזוכער פונ'ם פליגעל, איז ער געווען דער איינציגער, וועלכער האָט זיך אריינגערוקט צו אונז אין הויז און איז געפעלען געווען דער מוטער. דעם פאָטער איז ער ניט שטארק געפעלען געווען און ער האָט איהם בעהאנדעלט מיט אַ בעליידיגענדיגער העפליכקייט.

— א, מיין הערר פאזש — האָט אָנגעהויבען מאליעווסקי — עס פרעהט מיך זעהר אייך צו טרעפען. וואָס טהוט עפּעס אייער שעהנע קייזערין?

זיין שעהן, פריש פּנים איז מיר אין דער דאָזיגער מינוט געווען אזוי עקעלדיג... און געקוקט האָט ער אויף מיר אזוי פערעכטליך, אזוי שעלמיש, אז איך האָב איהם בעסער גאָרנישט געענטפערט.

— איהר זייט נאָך אלץ אין כעס? — האָט ער ווייטער גערעדט — אומזיסט טהוט איהר עס. ניט איך האָב אייך דאָך געמאכט פאר א פאזש, און פאזשען זיינען פאראן נור ביי קייזערינען. אָבער ערלויבט מיר אייך צו בעמערקען, אז איהר ערפילט זעהר שלעכט אייער פפליכט.

— ווי אזוי?

— פאזשען מוזען שטענדיג און אומעדום זיין נעבען זייערע הערשערינען; פאשזען דארפען וויסען אלעס וואָס זיי טהוען; זיי מוזען זאָגאר אויף זיי אכטונג געבען — האָט ער צוגעזעצט, רעדענדיג שטילער: — ביי טאָג און ביינאכט.

— וואָס ווילט איהר דערמיט זאָגען?

— וואָס איך וויל זאָגען? איך דריק זיך, דאכט זיך, גאנץ קלאָהר אויס. בייטאָג... און ביינאכט. בייטאָג איז נאָך ווי עס איז; ביי טאָג איז ליכטיג און עס שוויבעלט מיט מענשען; אָבער ביינאכט... דאָ ערשט קומען די ריכטיגע צרות. איך ראטה אייך ניט צו שלאָפען אין

די נעכט און אַכטונג געבען, אַכטונג געבען מיט אַלע קרעפטען. געדענקט... אין גאָרטען, ביינאַכט, ביים פאָנטאַן... אַט וואו מען דאַרף היטען. איהר וועט מיר דערנאָך דאַנקען.

מאַלעווסקי האָט זיך צולאַכט און זיך אומגעקעהרט צו מיר מיט'ן רוקען. ער האָט וואַהרשיינליך גאָרנישט געמיינט מיט דעם וואָס ער האָט מיר געזאָגט; ער האָט געהאַט אַ נאָמען פאַר זיינע שמדרשטיק און איז געווען בעוואוסט אַלס אַ מענש, אַ וויצלינג, וואָס קען אָבלאַכען און מאַכען צו נאַרען די מענשען אויף מאַסקען־בעלער, אַ סך האָט איהם אין דעם אויסגעהאָלפען די כמעט אונבעוואוסטע פאַלשקייט מיט וועלכער ער איז אין גאַנצען געווען דורכגעדרונגען...

ער האָט נור געוואָלט זיך מיט מיר אָביסעל רייצען; אָבער יעדעס וואָרט זיינס האָט זיך, ווי אַ גיפט צוגאָסען אין אַלע מיינע גליעדער. דאָס בלוט האָט מיר אַ זעץ געטהאָן אין קאָפּ. „אַך! אַזוי גאָר! — האָב איך געזאָגט צו זיך אליין: — גוט! הייסט עס, אַז מיך האָט ניט אומזיסט געצויגען אין גאָרטען אריין! ניין, דאָס וועט ניט זיין!" — האָב איך אַ געשריי געטהאָן הויך אויפ'ן קול, אַ זעץ טהאָנדיג זיך מיט'ן פויסט אין ברוסט, כאָטש איך האָב אייגענטליך ניט געוואוסט, — וואָס אַזוינס עס וועט ניט זיין. „אפשר איז דאָס גאָר מאַלעווסקי אליין, ער וועט עס אפשר זיין אין גאָרטען — האָב איך אַ טראַכט געטהאָן אפשר אַן אַנדערער, איין זאַך איז אָבער זיכער, אַז קיין גאַנצער וועט יענער שוין פון מיינע הענד ניט ארויסקומען! (דער צוים פון אונזער גאָרטען איז געווען זעהר אַ נידעריגער און עס איז ניט שווער געווען אַריבער צו קריכען איבער איהם.) איך ראַטה קיינעם ניט מיט מיר זיך צו בעגעגענען! איך וועל בעווייזען דער גאַנצער וועלט, און איהר, דער פעררעטערין (איך האָב זי טאַקע פשוט אָנגערופען פעררעטערין) אַז איך בין אימשטאַנד צו נעהמען ראַכע!

איך האָב זיך אומגעקעהרט צו זיך אין צימער, האָב ארויסגענומען פון שרייב־טיש אַ קליין ענגליש מעסערל, וועלכען איך האָב געהאַט ניט לאַנג געקויפט, האָב אַ טאַפּ געטהאָן די שאַרפע זייט, אָנגעכמורעט די ברעמען און מיט אַ קאַלטען ענטשלאָסענהייט איהם צו זיך אין קעשענע אריינגעלעגט. דאָס אַלעס האָב איך געטהאָן מיט אַזאַ מינע, ווי עס וואָלט שוין ביי מיר קיין נייעס ניט געווען, ווי איך וואָלט עס געטהאָן ניט צום ערשטען מאָל.

מיין הארץ איז געוועזן פערביטערט און פערשטיינערט; ביז שפעט אין דער נאכט האָב איך ניט פונאנדערגערוקט די צוזאמענגע־דריקטע ברעמען, ניט געעפענט די ליפען, און אלץ געהאלטען אין איין ארומשפרייזען הין און צוריק איבער'ן צימער און אלע ווייל געטאפּט דעם מעסער, וואָס האָט זיך צו־וואָרעמט אין מיין קעשענע. איך האָב זיך פאָרבערייט אויף עטוואָס שרעקליכעס.

די דאָזיגע נייע, אונגעוועהנליכע עמפּפינדונגען האָבען מיך אזוי פעראינטערעסירט, אזוי אמוזירט, אז וועגען זינאאידא'ן האָב איך אייגענטליך גאָר ווייניג געטראַכט.

דער פאָטער איז אין דער היים ניט געוועזן, אָבער די מוטער, וועלכע האָט זייט א געוויסער צייט זיך כמעט שטענדיג געפונען אין א בייזער, צורייצטער שטימונג, האָט בעמערקט מיין פאטאלען אויס־זעהן און האָט בעת דעם אבענד־עסען צו מיר געזאָגט:

— וואָס בלאָזטו זיך, ווי א מויז אין גרויפּען?

אלס אן ענטפער, האָב איך נור נאכזיכטיג א שמייכעל געטהאָן און האָב ביי זיך געטראַכט: „ווען זיי זאָלען וויסען!"

עס האָט געשלאָגען עלף א זייגער; איך בין אוועק צו זיך, האָב זיך אָבער ניט אויסגעטהאָן; איך האָב געוואַרט עס זאָל ווערען מיטען־נאַכט. ענדליך האָב איך זיך דערוואַרט, עס האָט געשלאָגען צוועלף. „ס'איז צייט!" האָב איך א שעפּטשע געטהאָן צווישען די צייהן. פערשפּיעליעט זיך ביז ארויף, פערקאַשערט די אַרבעל און בין אין גאָרטען אוועק.

איך האָב נאָך אפריהער אויסגעקליבען אן אָרט, וואו צו בע־וואַכען זיי. אויפ'ן עק גאָרטען, דאָרט, וואו דער צוים, וואָס האָט פונאנדערגעטהיילט אונזערע און זאסיענקינס גיטער, האָט זיך אָנגע־שפּאַרט אָן דער וואַנד, האָט געוואַקסען אן איינזאמער טאַנענבוים. שטעהענדיג אונטער זיינער נידעריגע, געדיכטע צווייגען, האָב איך גוט געקאָנט זעהן, וואָס טהוט זיך אַרום; דאָ דערביי האָט זיך געדרעהט א קליין שטעגעל, וועלכער האָט זיך מיר אימער אויסגעוויזען געהיימ־ניספול: ער איז, ווי א שלאַנג דורכגעקראָכען דורכ'ן צוים, און האָט געפיהרט צו א רונדער לעטאנקע פון געדיכטע אקאציען־בוימער. אויף יענעם אָרט האָבען זיך איצט געזעהן צייכענס פון מענשליכע פיס, ס'איז קענטיג געוועזן, אז עמעצער איז אריבערגעקראָכען איבער'ן צוים.

איך בין צוגעקומען צום טאַנען־בוים, האב זיך אָנגעשפּאַרט אָן שטאַם און גענומען בעוואַכען.

די נאַכט איז געווען פּונקט אַזאַ שטילע, ווי נעכטען; נור אויפ'ן הימעל זיינען געווען וויינציגער וואָלקענס און די בוימער, זאָגאַר די גרעסערע בלומען, האָבען זיך קלאָהרער ארויסגעזעהן. אין אָנהויב איז דאָס וואַרטען געווען אַ מאַטערניש, מיר איז געווען אַזוי מורא'דיג. איך בין געווען ענטשלאָסען אויף אַלץ, איך האָב נור ארומגעטראַכט: ווי איך זאָל זיך בעגעהן? צו זאָל איך אַ דונער טהאָן: — „וואוהין געהסטו? שטעה! זיי זיך מודה... אָדער דו ביזט טויט אויפ'ן אָרט!"
— אָדער איך זאָל איינפאַך, אָהן שום טענות ארייגשטורכען דעם מעסער... יעדער קלאַנג, יעדער גערויש, יעדער שאָרך האָט זיך מיר אויסגעוויזען וויכטיג... אונגעוועהנליך... איך האָב זיך געמאַכט גרייט... זיך אויסגעבויגען אין פאָראויס... אָבער עס איז אַוועק אַ האַלב שעה, אַ שעה: מיין בלוט האָט זיך איינגעשטעלט, איז קעלטער געוואָרען און אין מיין נשמה האָט זיך גענומען גנב'ענען דאָס בעוואוסטזיין, אַז אומזיסט טהו איך דאָ אַלעס, אַז איך מאַך זיך לעכערליך, אַז מאַליעווסקי האָט נור געמאַכט מיט מיר שפּאַס...

איך האָב פערלאָזען מיין בעהעלטעניש און בין דורכגעגאַנגען דעם גאַנצען גאָרטען. ווי אויף צו להכעיס, האָט זיך ניט געהערט דאָס קלענסטע גערויש; אַלעס האָט גערוהט. אפילו דער הונד אונזערער האָט געשלאָפען אַ צוזאַמענגעדרעהטער, ווי אַ קנויל, נעבען פאָרטקע.

איך האב זיך ארויפגעקראַבקעט אויף דער איינגעפאַלענער אראַנזשערעע, האָב דערזעהן פאַר זיך דעם וויטען פעלד, דערמאָנט זיך אָן מיין בעגעגעניש מיט זינאַאידא'ן און זיך פערטראַכט...

איך האָב אַ ציטער געטהאָן.. מיר האָט זיך געדאכט, איך הער אַ סקריפּען פון אַ געעפענטער טירעל, דערנאָך אַ לייכטע טרעסצעריי פון אַן איבערגעבראָכענעם צווייגעל. מיט איין שפּרונג בין איך פון דער אראַנזשערעע אַרונטער... און בין פערשטאָרבען אויפ'ן אָרט. שנעלע, לייכטע, נור פאָרזיכטיגע טריט האָבען זיך קלאָהר דערהערט אינ'ם גאָרטען. זיי זיינען אַלץ נעהענטער צוגעקומען צו מיר.

— דאָס איז ער... ער! — האָט מיר אַ זעץ געטהאָן אין האַרץ. איך האָב, טרייסלענדיג זיך, ארויסגעכאַפּט דעם מעסער פון דער קעשענע און. ציטערענדיג, איהם געעפענט... רויטע פונקען האָבען זיך

גענומען דרעהען פאר מיינע אויגען. די האָאר אויף'ן קאָפּ האָבען זיך ביי מיר אויפגעשטעלט פאר שרעק און כעס... די טריט האָבען זיך געטראָגען גלייך אויף מיר... איך האָב זיך איינגעבויגט, געצויגען זיך זיי אנטקעגען... עס האָט זיך בעוויזען א מענש... גאָט מיינער! דאָס איז געוועזען מיין פאָטער!

איך האָב איהם גלייך דערקאַנט, כאָטש ער איז אין גאַנצען איינ־געוויקעלט געוועזען אין א דונקעלען מאַנטעל, און די הוט האָט דעם פּנים פערשטעלט. אויף די שפּיץ־פינגער איז ער פאר מיר פערבייגעגאַנגען. ער האָט מיך נישט בעמערקט, כאָטש איך בין ניט געוועזען פערשטעקט, איך האָב זיך אָבער אזוי צוזאַמענגעדרעהט און איינגעקאָרטשעט, אז איך בין, דאכט זיך, מיט דער ערד צו גלייך געוואָרען. דער אייפערזיכ־טיגער אָטהעללאָ, וועלכער איז ערשט בערייט געוועזען אויף א מאָרד, האָט זיך פּלוצים פערוואַנדעלט אין א חדר־אינגעל...

איך האָב זיך אַזוי דערשראָקען פאר מיין פאָטער'ס פּלוצימדיגען ערשיינען, אַז איך האָב אפילו ניט בעמערקט, פון וואַנען ער איז געקו־מען און וואו ער איז פערשוואונדען. איך האָב זיך ערשט דאַן אויס־געגלייכט און א טראַכט געטהאָן: — „וואָס טוט עפּעס דער פאָ־טער ביינאַכט אין גאָרטען?" ווען אַלעס אַרום מיר איז ווידער שטיל געוואָרען.

פאר שרעק איז מיר דער מעסער פון די הענד ארויסגעפאַלען, איך האָב איהם אָבער אפילו אָנגעהויבען צו זוכען, איך האָב זיך פּלוצים מיט אַמאָל אויסגעניכטערט און זיך פערשעהמט פאר זיך אליין.

געהענדיג צוריק אַהיים, בין איך פון דעסטוועגען צוגעגאַנגען צו מיין ביינקעלע אונטער די קוסטעס און האָב א קוק געטהאָן אויף דעם פענסטער פון זינאַאידא'ס שלאָף־צימער. די קליינע, עטוואָס אויסגע־בויגענע שויבען פונ'ם פענסטער האָבען אָבגעשלאָגען מיט א מין בלאַסער בלויקייט, פון דעם ביינאַכטיגען הימעל איז אויף זיי געפאַלען א שוואַכער שיין.

פּלוצים האָט זיך זייער פאַרב גענומען ענדערען... הינטער זיי — איך האָב עס זעהר קלאָהר געזעהן — האָט זיך פאָרזיכטיג און שטיל גענומען ארונטערלאָזען א ווייסע שטאָרע... האָט זיך ארונטערגעלאָזט נידעריג, נידעריג ביז'ן סאַמע פענסטער־געזימס... און איז אזוי גע־בליעבען הענגען אונבעוועגליך.

— וואָס איז דאָס אַזוינס? — האָב איך ניט ווילענדיג אויסגערו־פען אין דער הויף, ווען איך האָב זיך ווידער געפונען אין מיין צי־מער — איז דאָס אַ חלום, אַ צופאַל, אָדער... די סברות, וועלכע זיינען מיר פּלוצים אין קאָפּ אריין, זיינען געוועזען אַזוי נייַ, אַזוי מאָד־נע, אַז איך האָב ניט געוואגט וועגען זיי צו טראַכטען.

## XVIII.

אין דער פריה בין איך אויפגעשטאַנען מיט אַ קאָפּוועהטאָג. די נעכטיגע אויפרעגונג איז פערשוואונדען. אַנשטאָדט דעם האָבען מיך איצט געמוטשעט שווערע ספיקות און אויפ'ן הארצען איז מיר געוואָרען אַזוי אומעדיג, אַזוי טרויעריג... אַזוי ווי אינעוועניג אין מיר וואָלט עפּעס געשטאָרבען.

— וואָס קוקט איהר עפּעס אויס, ווי אַ קראָליק, ביי וועמען מען האָט אַ העלפט פון זיין מאַרך אויסגעשניטען? — האָט געפרעגט לושין, ווען מיר האָבען זיך געטראָפען.

ביים פריהשטיק האָב איך פער'גנב'עט געקוקט דאָ אויף דעם פאָטער און דאָ אויף דער מוטער: ער איז געוועזען רוהיג ווי געוועהנליך, זי איז אויפגערעגט און צורייצט אויך, ווי געוועהנליך. איך האָב גע־וואַרט, טאָמער וועט דער פאָטער נעהמען רעדען צו מיר פריינדליך, ווי דאָס פלעגט אַמאָל פּאַסירען... אָבער ער האָט מיך אפילו ניט אַ לאַסטשע געטהאָן מיט זיין געוועהנליכער, אַלטעגליכער קאַלטער לאַס־קע...

„דערצעהלען אַלעם זינאַאידא'ן?" האָב איך אַ טראַכט געטהאָן... „אַלץ איינס איז דאָך שוין צווישען אונז אַלעם געענדיגט".

איך בין אוועק צו איהר, אָבער ניט נור איהר דערצעהלען, אפילו דורכרעדען זיך מיט איהר ווי געהעריג איז, האָב איך אויך ניט גע־קענט. צו דער פירסטין איז פון פעטערסבורג געקומען אויף וואַקאַנ־סיע איהר לייבליכער זון, אַ קאַדעט פון אַ יאָהר צוועלף; זינאַאידא האָט מיר גלייך איבערגעגעבען איהר ברודער.

— מיין ליעבער וואלאדיא — האט זי געזאגט אנרופענדיג מיך צום ערשטען מאל מיט דיעזען נאמען: — זא האט איהר א חבר. איהם רופט מען אויף וואלאדיא. קריגט איהם ליעב, איך בעט אייך, ער איז נאך אביסעל צו־ווילדעט, אבער א הארץ האט ער א גוטע. ווייזט איהם דעם גארטען, שפאצירט מיט איהם, מיט אייןווארט, נעהמט איהם אונטער אייער שוץ. איהר וועט עס טהאן, ניט אמת? איהר זייט אויך אזא גוטער! זי האט מיר צערטליך ארויפגעלעגט ביידע הענד אויף די אקסלען...

איך האב זיך אין גאנצען פערלארען. דער אנקומען פון דעם איינגעל האט מיך אליין אויך פאר א איינגעל געמאכט. איך האב שוויי־גענדיג געקוקט אויפ'ן קאדעט, וועלכער האט אויך אזוי שווייגענדיג אויסגעגלאצט אויף מיר זיינע אויגען. זינאאידא האט זיך צולאכט און א שטויס געטהאן אונז איינעם אויפ'ן צווייטען. — אבער אומ־ארעמט זיך דאך, קינדער!

מיר האבען זיך ארומגענומען.

— ווילט איהר, וועל איך אייך נעהמען אין גארטען? — האב איך געזאגט צום קאדעט.

— גוט — האט ער געענטפערט מיט א הייזעריגען, העכסט קא־דעטישען קול.

זינאאידא האט זיך ווידער צולאכט... איך האב נאך צייט געהאט צו בעמערקען, אז זי האט נאך קיינמאל ניט געהאט אזא שעהנע פארב אין פנים, ווי היינט.

איך בין אוועק מיט דעם קאדעט. ביי אונז אין גארטען זיינען גע־שטאנען אלטע הוידעס. איך האב איהם ארויפגעזעצט אויף א דינינ־קער ברעטעלע און גענומען איהם הוידען. ער איז געזעסען אונבעוועגליך אין זיין נייעם מונדירעל פון גראבען געוואנט מיט גאלדענע פאסען און האט זיך שטארק געהאלטען אן די שטריק.

— איהר שפיעליעט בעסער פונאנדער אייער קראגען — האב איך צו איהם געזאגט.

— עס מאכט ניט, מיר זיינען געוועהנט — האט ער געענטפערט און אבגעהוסט זיך.

ער איז זעהר ענהליך געווען צו זיין שוועסטער, בעזאנדערס האבען זיינע אויגען אן איהר דערמאנט. מיר איז געווען אי אנגענעהם איהם

צו בעדיענען אי אַ נאָגענדיגער אומעט האָט אין דערזועלבער צייט מיין הארץ גענאָגט. „איצט בין איך שוין טאַקע אין דער אמת'ן אַ קינד" — האָב איך געטראַכט: — „און נעכטען"... איך האָב זיך דערמאָנט, וואו איך האָב נעכטען דעם מעסערל פערלאָרען און האָב איהם אויפ־געזוכט.

דער קאַדעט האָט איהם ביי מיר אויסגעבעטעלט, האָט אָבגעבראָ־כען אַ דיקען צווייג, אויסגעשניטען פון איהם אַ פייפעל און זיך גע־נומען פייפען. אָטהעללאָ איז ניט אָבגעשטאַנען, ער האָט אויך גע־פייפט . . .

דער פאַר אָבער האָט דער אייגענער אָטהעללאָ ביטער געוויינט אויף זינאַאידאַ'ס הענד, ווען געפינענדיג איהם אין אָבענד אין אַ ווינקעל פון גאָרטען, האָט זי איהם געפרעגט, פאַרוואָס ער איז אַזוי אומעטיג? מיינע טרעהרען האָבען זיך אַ גאָס געטהאָן מיט אַזאַ קראַפט, אַז זי האָט זיך דערשראָקען.

— וואָס איז אייך? וואָס איז אייך, וואָלאָדיאַ? — האָט זי ווי־דערהאָלט און, זעהענדיג, אַז איך ענטפער איהר ניט און הער ניט אויף צו וויינען, איז איהר געוועזט איינגעפאַלען אַ קוש צו טהאָן מיין נאַסע באַק. איך האָב זיך אָבער פון איהר אָבגעקעהרט און דורך שלוכ־צען ארויסגעשעפּצעט:

— איך ווייס אַלעס... וואָרום האָט איהר זיך מיט מיר גע־שפּיעלט? . . . צו־וואָס האָט איהר געדאַרפט מיין ליעבע?

— איך בין שולדיג געגען אייך, וואָלאָדיאַ . . . — האָט געזאָגט זינאַאידאַ — אַך, איך בין שטאַרק שולדיג... — האָט זי ארויסגע־רעדט און צוזאַמענגעדריקט די הענד: — וויפיעל עס איז פאַראַן אין מיר שלעכטעס, בייזעס, זינדיגעס... אָבער אַצינד שפּיעל איך זיך שוין ניט מיט אייך, איך האָב אייך ליעב — איהר האָט קיין אהנ־נונג ניט פאַר וואָס איך ליעב אייך און ווי אַזוי . . . אָבער דאָך, וואָס־זשע אַזוינס ווייסט איהר?

וואָס האָב איך איהר געקאָנט זאָגען? זי איז געשטאַנען און גע־קוקט אויף מיר און איך בין געוועזן אין גאַנצען אין איהר מאַכט, פון קאָפּ ביז די פיס, אַך, ווי זי האָט עס געקוקט אויף מיר! . . .

אין אַ פערטעל שעה ארום בין איך שוין ארום געלאָפען מיט דעם קאַדעט און זינאַאידאַ'ן, יאָגענדיג זיך איינער נאָך דעם אנדערן. איך

האָב שוין מעהר ניט געוויינט, איך האָב געלאַכט, כאָטש פון די אָנגע־שוואָלענע אויגענלידער האָבען זיך פון לאַכען געגאָסען טרעהרען; אָנשטאָדט אַ שניפּסעל איז ביי מיר אויפ'ן האַלז געווען אָנגעבונדען זינאַאידאַ'ס סטיינגע, און איך האָב געקוואָלען פאַר שמחה, ווען מיר איז געלונגען אָנצוכאַפּען זינאַאידאַ'ן פאַר דער טאַליע. זי האָט געטהאָן מיט מיר אַלעס, וואָס זי האָט געוואָלט...

---

## XIX.

איך וואָלט זיך געפונען אין אַ גרויסער פערלעגענהייט, ווען מען וואָלט מיך געצוואונגען צו דערצעהלען מיט אַלע איינצעלהייטען אַלעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין פערלויף פון דער וואָך נאָך מיין ניט געלונגענער ביינאַכטיגער עקספּעדיציאָן. עס איז געווען אַ מאָדנע, פיבערהאַפטע צייט, אַ מין כאַאָס, אַ הוה־האַ, אין וועלכען די פערשיי־דענסטע געדאַנקען און געפיהלען — פערדאַכטען און האָפנונגען, פרייד און לייד האָבען זיך ווי אין אַווירבעל געדרעהט; איך האָב מורא גע־האַט אריינצוקוקען אין מיין אייגענעם „איך", אויב אַ זעכצעהן־יעהרי־גער אינגעל איז איבערהויפּט אימשטאַנד צו פערשטעהן זיין „איך", האָב מורא געהאַט זיך אָבצוגעבען רעכענונג אין וואָס עס איז, איך האָב זיך נור געאיילט דורכשטופּען דעם טאָג ביז'ן אָבענד; דערפאַר ביי דער נאַכט בין איך געשלאָפען, ווי אַ גע'הרג'עטער... דער קינדער־שער לייכטזין האָט מיר דאַן ארויסגעהאָלפען. איך האָב ניט געוואָלט וויסען צו מען ליעבט מיך, און ניט געוואָלט זיך אליין מודה זיין, אַז מען ליעבט מיך ניט; דעם פאָטער האָב איך אויסגעמידען... אָבער זי־נאַאידאַ'ן איז מיר אונמעגליך געווען אויסצומיידען . . . אין איהר גע־גענוואַרט האָט מיך געברענט, ווי מיט אַ העלישען פייער... איך האָב ניט געזוכט צו וויסען, וואָס דאָס איז געווען פאַר אַ פייער, פון וועלכען איך האָב געברענט און בין אויסגעאַנגען, ווי אַ ליכט — אדרבה, מיר איז ליעב און זיס געווען אַזוי אויסצוגעהן און צוברענען. איך האָב זיך אָבגעגעבען צו די דאָזיגע אַלע איינדריקע, האָב גענאַרט זיך אליין,

אוועקגעטריעבען פון זיך די עראינערונגען און די אויגען פערמאַכט, אום ניט צו זעהן, וואָס איך האָב פאַראויסגעפיהלט אין דער צוקונפט... דער דאָזיגער שמאַכטענדער צושטאַנד מיינער וואָלט וואהרשיינליך אַנגעהאַלטען נאָך אַ געוויסע צייט.. אַ דונער־שלאַג האָט מיט איין מאָל אַלעם געענדיגט און האָט מיך אַ שטויס געטהאָן אויף אַן אַנדער וועג...

אומגעקעהרט זיך איין מאָל פון אַ לאַנגען שפּאַציר אַהיים צו מיטאָג, האָב איך צו מיין שטוינונג זיך דערוואוסט, אַז עסען וועל איך איינער אַליין, אַז דער פאָטער איז אוועקגעפאָהרען און די מוטער איז ניט געזונד, וויל ניט עסען און האָט זיך פערשפּאַרט — ביי זיך אין שלאָף־צימער. אָן די פּנים'ער פון די לאַקעען האָב איך זיך אַנגעשטוי־סען, אַז עטוואָס אונגעוועהנליכעס האָט דאָ פּאַסירט. איך האָב ניט געוואַגט זיי אויסצופרעגען, נור אַ פריינד האָב איך צווישען זיי גע־האַט, דעם בופעטשיק, פיליפ, אַ ליידענשאַפטליכער ליעבהאָבער פון גע־דיכטע און אַן ארטיסט אויף דער גיטאַרע — און צו איהם האָב איך זיך געווענדעט.

פון איהם האָב איך זיך דערוואוסט, אַז צווישען דעם פאָטער און דער מוטער איז פאָרגעקומען אַ שרעקליכער סקאַנדאַל (אין דעם צי־מער פון די דיענסטען האָט מען געהערט אַלץ, וואָרט פאַר וואָרט; זיי האָבען אפילו טהיילווייז גערעדט פראַנצויזיש — אָבער דאָס קאַמער־מעדכען מאַשאַ האָט פינף יאָהר געדיענט ביי אַ פּאַריזער נייטערין און האָט אַלעס פערשטאַנען) אַז די מוטער מיינע האָט בעשולדיגט דעם פאָטער, אַז ער איז איהר אונטריי, אַז ער האָט צו טהאָן מיט דער פריילייין פונ'ם פליגעל, אַז דער פאָטער האָט זיך פריהער פערענטפערט און דערנאָך אויפגעברויזט און האָט געזאָגט „עפּעס וועגען זייערע יאָהרען" פון וואָס די מוטער האָט זיך שטאַרק בעליידיגט און צור־וויינט. דערנאָך האָט די מוטער דערמאָנט עפּעס אַ וועקסעל, וועלכען דער פאָטער זאָל האָבען געגעבען דער אַלטער פירסטין און האָט זיך וועג־גען איהר זעהר שלעכט אויסגעדריקט, און וועגען דער פריילייין אויך דאָסזעלבע, און אַז דאָ האָט דער פאָטער איהר אַנגעסטראַשעט.

— און ארויסגעקומען איז די גאַנצע צרה דערפון — האָט ווייטער דערצעהלט פיליפ — וואָס זיי האָבען געקראָגען אַ בריעף אָהן אַ נאָ־מען; ווער עס האָט איהם געשריעבען — ווייס מען ניט. ווייל אַזוי

איז ניט געווען קיין שום אורזאך, פארוואס די אלע זאכען זאלען אויפגע־
דעקט ווערען.

— איז דען ווירקליך עפעס געווען צווישען זיי? — האב איך
קוים ארויסגערעדט, וועהרענד די הענד און די פיס זיינען מיר פער־
קיהלט געווארען און עטוואס האט א ציטער געטהאן אין דער סאמע
טיעפעניש פון מיין הארצען.

פיליפ האט פיעל דייטיג א וואונק געטהאן.

אודאי איז געווען. די זאכען קען מען ניט בעהאלטען; דאכט זיך,
אייער פאטער איז אין דער זאך געווען אזוי פארזיכטיג, האט זיך
אזוי גוט געהיט — אבער מען מוז דאך, צום ביישפיעל, דינגען א קאר־
רעטע, אדער עפעס אן אנדער זאך דארט... אהן מענשען קען מען זיך
ניט בעגעהן, נור...

איך האב אוועקגעשיקט פיליפ'ן און זיך אריינגעווארפען אין
בעט. איך האב זיך ניט צוכליפעט, בין ניט פערצווייפעלט געווארען;
איך האב זיך ניט געפרעגט, ווען און ווי אזוי האט דאס אלעס פאסירט;
ניט געוואונדערט זיך, ווי אזוי מיר איז דאס פריהער ניט איינגעפאלען
— איך האב אפילו ניט בעשולדיגט דעם פאטער... דאס, וואס איך
האב זיך איצט דערוואוסט, איז ניט געווען פאר מיינע כוחות: די
פלוצימדיגע אפענבארונג האט מיך דערשטיקט... אלעס איז געווען
געענדיגט. אלע מיינע בלומען זיינען מיט א מאל אויסגעריסען גע־
ווארען און זיינען געלעגען ארום מיר צו־וואָרפען און צוטראטען...

---

## XX.

אויפ'ן צווייטען טאג האט מיין מוטער ערקלעהרט, אז זי קלייבט
זיך אריבער אין שטאדט. אין דער־פריה איז דער פאטער אריין צו
איהר אין שלאפצימער און האט לאנג פערבראכט מיט איהר אויג אויף
אויג. קיינער האט ניט געהערט, וואס ער האט צו איהר געזאגט, אבער
די מוטער האט שוין מעהר ניט געוויינט, זי האט זיך בערוהיגט און
פערלאנגט עסען — פאר אונז אבער האט זי זיך ניט געוויזען און איהר
בעשלוס ניט געענדערט.

— איך געדענק, ווי איך האָב ארומגעוואנדערט דעם גאנצען טאָג, נור אין גאָרטען בין איך ניט אריין, און אויפ'ן פליגעל האָב איך צומאָל ניט א קוק געטהאָן. און אין אָבענד האב איך בייגעוואוינט א מערק־ווירדיגען פאַל: מיין פאָטער האָט ארויסגעפיהרט דעם גראַף מאלעווס־קי געארמט דורכ'ן זאאל אין פאָרצימער און אין דער געגענוואַרט פון לאַקעי האָט ער צו איהם קאַלט געזאָגט: „מיט עטליכע טעג פריהער האָט מען אייער עקסעלענץ אין אַ געוויסער הויז געוויזען די טהיר; און איצט וועל איך זיך ניט אריינלאָזען מיט אייך אין ערקלעהרונגען, נור איך האָב די עהרע אייך צו זאָגען, אַז ווען איהר וועט נאָך־אמאָל קומען צו מיר, וועל איך אייך ארויסוואַרפען דורכ'ן פענסטער. אייער האנדשריפט געפעלט מיר ניט."

דער גראַף האָט זיך איינגעבויגען פארשצעמעט די צייהן, צוזאַ־מענגעדרעהט זיך און איז פערשוואונדען.

עס האָבען זיך אָנגעהויבען די פאָרבערייטונגען פאַר דעם ארי־בערפאָהרען אין שטאָדט, וואו מיר האָבען געהאָט א הויז. דעם פאָטער האָט, ווי עס שיינט, שוין אליין אויך מעהר ניט געוואָלט בלייבען אין דער זומער־וואוינונג, אָבער, קענטיג, אַז ער האָט געווירקט אויף דער מוטער, זי זאָל ניט מאַכען קיין אָפענעם סקאַנדאל. אַלעס איז געטהאָן געוואָרען שטיל, אָהן טומעל, ניט געאיילט, די מוטער האָט זאָגאר גע־לאָזט גריסען די אַלטע פירסטין און אויסגעדריקט איהר בעדויערען, וואָס זי וועט צוליעב איהר שוואַכען געזונד ניט קענען זעהען זיך מיט איהר ביז צו דעם אָברייזען.

איך בין ארומגעגאנגען, ווי א פעריקטער — און האָב געוואָלט נור איין זאַך, אַז די פאָרבערייטונגען זאָלען זיך ענדיגען וואָס שנעלער. איין געדאַנק נור איז מיר פון קאָפּ ניט ארויס: ווי אַזוי האָט זי גע־קאָנט, זי, א יונג מיידעל, און נאָך א פירסטין, זיך ענטשליסען אויף אַזא זאַך, ווייסענדיג, אַז מיין פאָטער איז ניט פריי? און זי האָט דאָך געהאַט א מעגליכקייט צו הייראַטהען, נו, לאָמיר זאָגען, מיט ביעלאָוו־זאָראָוו'ן. וואָס האָט זי ערוואַרט? אויף וואָס האָט זי געהאָפט? ווי האָט זי דאָס ניט מורא געהאַט צו רואינירען איהר גאנצע צוקונפט? יאָ, — האָב איך געטראַכט — אָט דאָס הייסט ליעבע, דאָס הייסט ליידענ־שאַפט, דאָס איז איבערגעבענהייט... און איך האָב זיך דערמאָנט אָן לושינ'ס ווערטער: פאַר מאַנכע איז אָפּפערען מיט זיך זעהר זיס.

צופעליג האָב איך אין איינעם פון די פענסטער פונ'ם פליגעל דערזעהן אַ דונקעלען פלעק... „שוין־זשע איז דאָס זינאאידא'ס פּנים?" האָב איך אַ טראַכט געטהאָן... ווירקליך, דאָס איז געווען זינאאידא. איך האָב זיך ניט געקנט איינהאַלטען. איך האָב ניט געקענט זיך צושיי־דען מיט איהר אָהן אַ לעצטען זיי געזונד. איך האָב אָבגעוואַרט אַ פּאַ־סענדען מאָמענט און בין אוועק אין פליגעל.

די פירסטין, אַן אָבגעלאָזענע, האָט מיך בעגעגענט אין גאַסט־צימער אויף איהר געוועהנליכען שטייגער.

— וואָס עפּעס, טאַטעלע מיינע, האָבען זיך אייערע לייט אַזוי פריה אויפגערודערט? — האָט זי געפרעגט אָנשטאָפּענדיג טאַבאַק אין ביידע נאָזלעכער.

איך האָב אויף איהר אַ קוק געטהאָן און מיר איז גרינגער געוואָ־רען אויפ'ן הארצען. דאָס וואָס פיליפּ האָט דערמאָנט עפּעס אַ מעשה מיט אַ וועקסעל האָט מיך שטאַרק געמוטשעט. די אַלטע פירסטין האָט אַלזאָ קיין זאַך ניט פערדעכטיגט... אַזוי האָט זיך מיר דאַן אויסגעווי־זען און דאָס האָט מיך געפרעהט. זינאאידא אַ בלאַסע, מיט צופלאָכ־טענע האָאַר, האָט זיך בעוויזען פון צווייטען צימער. זי האָט מיך שוויי־גענדיג גענומען פאַר אַ האַנד און אוועקגעפיהרט מיט זיך.

— איך האָב דערהערט אייער שטימע — האָט זי אָנגעהויבען — און בין גלייך ארויס. און אייך איז אַזוי לייכט געווען אונז צו פערלאָזען, איהר, שלעכטער אינגעל?...

— איך בין געקומען זיך מיט אייך געזעגנען, פירסטין — האָב איך געענטפערט: — וואהרשיינליך, אויף אימער. איהר האָט דאָך מסתמא געהערט — מיר פאָהרען אוועק.

זינאאידא האָט אויף מיר אַ שאַרף קוק געטהאָן.

— יאָ, איך האָב געהערט אַ דאַנק, וואָס איהר זייט געקומען. איך האָב שוין געדענקט, אַז איך וועל אייך מעהר ניט זעהן. דערמאָהנט מיך ניט צום שלעכטען. איך האָב אייך מאַנכעסמאָל געמוטשעט; פון דעסטוועגען בין איך ניט אַזאַ, ווי איהר דענקט פון מיר.

זי האָט זיך אָבגעקעהרט און זיך אָנגעשפּאַרט אָן דעם פענס־טער.

— איך בין ווירקליך ניט אַזאַ. איך ווייס, אַז איהר האָט אַ שלעכטע מיינונג וועגען מיר.

— איך?

— יאָ, איהר... איהר.

— איך? — האָב איך טרויעריג איבערגעזאָגט און דאָס האַרץ האט זיך ביי מיר ווידער גענומען צאַפּלען, ווי פריהער אונטער דעם איינפלוס פון איהר זעלטענעם אונאויסשפּרעכליכען צויבער — איך? גלויבט מיר, זינאאידא אַלעקסאַנדראָווגאַ, וואָס איהר זאָלט ניט טהאָן, ווי אַזוי איהר זאָלט מיך ניט מוטשען, וועל איך אייך דאָך ליעבען און פאַרגעטערען, אַזוי לאַנג ווי איך וועל לעבען.

זי האָט זיך שנעל אומגעקעהרט צו מיר און, עפענענדיג ברייט איהרע אָרעמס, האָט זי אַרומגענומען מיין קאָפּ און מיך שטאַרק און הייסט אַ קוש געטהאָן.

גאָט ווייסט וועמען יענער לאַנגער, הייסער, לעצטער קוש האָט געזוכט, אָבער איך האָב אין זיך אַריינגעזויגען זיין זיסקייט. איך האָב פערשטאַנען, אַז אַזאַ גליק וועט זיך שוין קיין מאָל מעהר ניט ווידערהאָלען. אַדיע, אַדיע, האָב איך אַ צומישטער עטליכע מאָל געזאָגט...

זי האָט זיך אַרויסגעריסען און איז אַוועק. און איך בין אויך אַוועק.

איך בין ניט אימשטאַנד איבערצוגעבען דאָס געפיהל, מיט וועלכען איך בין אַוועקגעגאַנגען. איך וואָלט ניט געוואָלט נאָך אַמאָל אַזוי פיהלען; איך וואָלט זיך אָבער געהאַלטען פאַר זעהר אַן אונגליקליכען מענשען, ווען איך וואָלט דאָס דאָזיגע געפיהל קיין מאָל ניט דורכגעפיהלט.

מיר האָבען זיך אַריבערגעקליבען אין שטאָדט. איך האָב ניט אַזוי גיך אָבגעשאָקעלט פון זיך דאָס פערגאַנגענע, ניט אַזוי גיך זיך גענומען צו דער אַרבייט. מיין וואונד האָט זיך לאַנגזאַם פערהיילט; אָבער געגען פאָטער אַליין איז ביי מיר ניט געווען קיין שום בייזער געפיהל. פערקעהרט, ער איז נאָך עפּעס ווי אויסגעוואַקסען אין מיינע אויגען... זאָלען די פּסיכאָלאָגען ערקלערען דעם דאָזיגען ווידערשפּרוך, ווי זיי פערשטעהען.

איין מאָל בין איך געגאַנגען איבער'ן בולוואַר און האָב זיך אָנגעטראָפען מיט לושין'ען. איך האָב זיך שטאַרק דערפרעהט. איך האָב איהם געליעבט פאַר זיין עהרליכע און אָפענע נאַטור, און דערצו נאָך איז ער מיר טהייער געווען צוליעב די עראינערונגען, וואָס ער האָט

אין מיר אויפגעוועקט. איך האב זיך א וואָרף געטהאָן צו איהם.

— אהא! — האט ער ארויסגערעדט, און אָנגעכמורעט די ברעמען — דאס זייט איהר, יונגערמאַן! לאָזט אקאָרשט אויף זיך א קוק טהאָן. איהר קוקט נאָך אַלץ אוים געל, אבער אין די אויגען איז שוין ניטאָ מעהר יענער שמוץ. איצט זעהט איהר אוים ווי א מענש, ניט ווי א שמוציגער הינטעל. דאס איז גוט. נו, וואס־זשע מאַכט איהר? איהר ארבייט?

איך האב א זיפץ געטהאָן. לייגען האט זיך מיר ניט געוואָלט און דעם אמת זאגען האב איך זיך געשעהמט.

— נו, עס מאַכט ניט — האט לושין גערעדט ווייטער — פאַלט ביי זיך ניט אראָב. די הויפט זאך איז צו לעבען נאָרמאַל און ניט לאָזען זיך הינרייסען. אז ניט, וואס פאר א נוצען קאָן מען דערפון האָבען? וואוהין די כוואַליע זאָל ניט פערטראָגען... איז אַלץ שלעכט; זאָל דער מענש שטעהן כאָטש אויף א שטיין, נור אויף זיינע אייגענע פים. איך, ווי איהר זעהט, הוסט... און ביעלאָוואָראָוו... איהר האט דאָך מסתמא געהערט?

— ניין. וואס איז?

— ער איז אוועק און קיינער ווייסט ניט וואו ער איז אהינגע־קומען; מען זאָגט, ער איז אוועק נאָך קאַווקאַז. דאס איז פאר אייך א לעקציאָן, יונגערמאַן. און די גאַנצע צרה שטעקט אין דעם, וואס מען קען ניט אין דער רעכטער צייט צושיידען זיך, צורייסען דעם נעץ. אָט איהר זייט, דאכט זיך, ארויסגעשפּרונגען א גאַנצער. גיט אכטונג, איהר זאָלט ווידער ניט אריינפאַלען. זייט געזונד.

— איך וועל שוין ניט אריינפאַלען — האב איך געטראכט — איך וועל זי שוין מעהר ניט זעהן; מיר איז אבער בעשערט געווען נאָך אמאָל צו זעהן זינאאידא'ן.

## XXI.

מיין פאָטער איז יעדען טאָג ארויסגעפאָהרען רייטענדיג; ער האט געהאט אן אויסגעצייכענטען רויטען ענגלישען פערד, מיט א לאַנגער, דינער האַלז און לאַנגע פים. דער דאָזיגער פערד איז געווען אן אונ־

ערמיעדליכער און א שלעכטער, מען האט איהם גערופען „עלעק־טריק." אויסער דעם פאָטער האט קיינער אויף איהם ניט געקענט פאָהרען. איין מאָל איז ער צו מיר געקומען אין זעהר א גוטען מוטה, וואס עס האט מיט איהם שוין לאַנג ניט געטראָפען: ער האט זיך געקליבען אויסצופאָהרען און האט שוין געהאט אָנגעטהאָן די שפּאָ־רען. איך האב איהם גענומען בעטען, ער זאָל מיך נעהמען מיט זיך.

— לאָמיר בעסער אין עפּעס שפּיעלען — האט מיר דער פאָטער געענטפערט — ווייל אויף דיין שקאַפּע ועסטו מיך סיי ווי סיי ניט נאָכיאָגען.

— איך'ל נאָכיאָגען; איך וועל אויך אָנטהאָן שפּאָרען.

— נו, פון מיינטוועגען.

מיר זיינען אוועק.

איך האב געהאט א שווארצען, האָאָריגען פערדעל, א שטארקען אויף די פיס און א גאַנץ לעבעדיגען; אמת, איהם איז אויסגעקומען צו שפּרינגען אויף אַלע פיער, ווען „עלעקטריק" איז געגאַנגען אין פולען גאַלאָפּ, נור איך בין, פון דעסטוועגען, ניט אָבגעשטאַנען. איך האב קיינמאָל ניט געזעהן אַזא רייטער, ווי מיין פאָטער; ער איז אַזוי שעהן, אַזוי לייכט און פריי געזעסען, אז עס האט זיך געדאכט, אז אפילו דער פערד אונטער איהם האט עס געפיהלט און האט שטאָלצירט מיט איהם.

מיר זיינען דורכגעפאָהרען איבער אַלע בולווארען, זיינען געוועזען אין דעם מיידעלשען־פעלד, זיינען אריבערגעשפּרונגען עטליכע פּאַר־קאַנעס (אין אָנהויב האב איך מורא געהאט צו שפּרינגען, אבער דער פאָטער האט פעראכטעט שרעקעדיגע מענשען און איך האב אויפגע־הערט מורא צו האבען) מיר זיינען אריבערגעפאָהרען צוויי מאָל איבער דעם טייך מאָסקווע — און איך האָב שוין געמיינט, אז מיר קעהרען זיך אום אַהיים, איבערהויפּט נאָך, ווען מיין פאָטער אליין האט בע־מערקט, אז מיין פערד איז פערמארטערט, אבער פּלוצים האט ער זיך פארקירעוועט אָן א זייט פון מיר און גענומען שפּרינגען ארום ברעג. איך האב זיך א לאָז געטהאָן נאָך איהם. צוגעקומען צו א הויכען הוי־פען פון צוזאמענגעלעגטע אַלטע קלעצער, איז ער פלינק אראָבגעשפּרונ־גען פון „עלעקטריק," האט מיר אויך געהייסען אראָבקריכען און, אי־בערגעבענדיג מיר די לייצעס פון זיין פערד, האט ער געזאָגט, איך זאָל

דאָ נעבען די קלעצער אויף איהם ווארטען, אליין האט ער זיך אומ־געקעהרט אין א קליין געסעל און איז פערשוואונדען.

איך האב גענומען ארומגעהן הין און צוריק פאזע ברעג. פיחר־רענדיג נאָך זיך די פערד און זידלענדיג זיך מיט „עלעקטריק'ען,” וועלכער האט אין גאנג געהאלטען אין איין דרעהען מיט'ן קאָפּ, טרייס־לען זיך, פאַרשקען און הירזשען; און איך האב זיך אויף א ווײַלע אָבּ־געשטעלט, האט ער מיט זיין קאָפּיטע די ערד געגראָבען, האט מיט א קוויטשען מיין שקאפּע אין האלז געביסען, מיט איין וואָרט, האט זיך אויפגעפיהרט, ווי א גרויסער מיוחס.

דער פאָטער האט זיך נאָך ניט צוריק געקעהרט. פון טייך האט זיך געטראָגען אן אונאנגענעהמע פייכטקייט; א קליין רעגענדיל האט שטיל געגימזשעט און אין קליינטשינקע, דונקעלע פלעקען זיך אויף די נארישע, גרויע קלעצער געלעגט, ארום וועלכע איך האב ארום גע־בלאָנקעט און וועלכע האָבען מיר שוין שטארק דערעסען. אן אומעט איז אויף מיר אָנגעפאלען און דער פאָטער איז נאָך אלץ ניט געקומען. עפּעס א וועכטער, פון די טשוכאָנצעס, אויך א גרויער, מיט א אלטער, גרויסער, ווי א טאָפּ, היטעל אויפ'ן קאָפּ (וואס האט, דאכט זיך, א וועכטער געהאט צו טהאָן אויפ'ן טייך מאָסקווע) איז צו מיר צוגעקו־מען און געווענדעט צו מיר זיין אלטען, צוקאָרטשעטען פנים, האט ער געזאָגט:

— וואס טהוט איהר דאָ מיט די פערד, פריץ'ל? גיט מיר אקאָרשט, איך וועל זיי צוהאלטען.

איך האב איהם ניט געענטפערט; ער האט ביי מיר געבעטען אביסעל טאבאק. אום זיך פון איהם אָבצושעפּען און ווייל איך בין געווען זעהר אונגעדולדיג, האב איך געטהאָן עטליכע טריט אין דער ריכטונג, וואו דער פאָטער איז אוועק; דערנאָך בין איך דורכגעגאנגען די גאנצע געסעל ביז'ן ראָג און זיך אָבגעשטעלט.

אויף דער גאס, א וואָסערע פערציג טריט פון מיר, נעבען אן אָפענעם פענסטער פון א הילצערנער הייזעל, צו מיר מיט'ן רוקען איז געשטאנען מיין פאָטער; ער האט זיך אָנגעשפּאַרט מיט דער ברוסט אויפ'ן פענסטער־געזימס, און אין הייזעל, האלב א פאַרשטעלטע מיט'ן פאָרהאנג, איז געזעסען א פרוי, אין א דונקעלען קלייד און האט גערעדט מיט'ן פאָטער; די פרוי איז געווען זינאאידא.

איך בין געווארען אויסער זיך. אזוינס האב איך, דעם אמת געזאגט, ניט ערווארט.

מיין ערשטע בעוועגונג איז געווען צו אנטלויפען. „דער פאטער וועט זיך ארומקוקען" — האב איך געטראכט — „און איך בין פערלארען"... אבער א מאדנער געפיהל, א געפיהל, וואס איז שטארקער געווען פון נייגעריגקייט, שטארקער אפילו פון אייפערזוכט, שטארקער פון שרעק — האט מיך אבגעשטעלט. איך האב גענומען קוקען און געמאטערט זיך עפעס צו הערען. עס איז קענטיג געווען, אז דער פאטער האט זיך אין עפעס איינגעשפארט. זינאאידא האט ניט געוואלט נאכגעבען. ווי איצט געדענק איך איהר פנים... אן אומעטיגער, אן ערנסטער, א שעהנער און מיט אן אונבעשרייבליכען שטעמפעל פון איבערגעבענהייט, ביינקעניש, ליעבע און עפעס א מין פערצווייפלונג... זי האט גערעדט נור איינציגע געצעהלטע ווערטער, האט ניט אויפגעהויבען די אויגען און בלויז געשמייכעלט... אונטערטהעניג און איינגעשפארט. נאך דעם איין איינציגען שמייכעל האב איך ווידער דערקאנט מיין פריהערדיגע זינאאידא'ן.

דער פאטער האט א דריק געטהאן מיט די אקסלען און פעררוקט די הוט אויפ'ן קאפ — וואס עס האט ביי איהם געדיענט אלס א צייכען פון אונגעדולד... דערנאך האט זיך דערהערט זיין שטרענגער קול. ער האט איהר עפעס געזאגט מיט אן אויפגערעגטען קול. זינאאידא האט זיך אויסגעגלייכט און אויסגעשטרעקט די האנד... מיט אמאל האט זיך פאר מיינע אויגען אבגעשפיעלט עטוואס אונגלויבליכעס: מיין פאטער האט פלוצים אויפגעהויבען דעם בייטש, מיט וועלכען ער האט אבגעקלאפט דעם שטויב פון דער פאלע פון זיין רעקעל... און עס האט זיך דערהערט א פייף און א שטארקער זעץ איבער דער, ביז'ן עלענבויגען נאקעטער האנד. איך האב זיך קוים איינגעהאלטען ניט א געשריי צו טהאן, און זינאאידא האט זיך א צאפעל געטהאן, האט שווייגענדיג א קוק געטהאן אויף מיין פאטער און, צוטראגענדיג לאנגזאם איהר האנד צו די ליפען, האט זי א קוש געטהאן דעם רויטען שראם, וואס ער האט איהר נור וואס געמאכט.

דער פאטער האט א ווארף געטהאן דעם בייטש אן דער זייט און, ארויפלויפענדיג שנעל אויף די טרעפלאך פון'ם גאניק, האט ער זיך אריינגעריסען אין שטוב... זינאאידא האט זיך אומגעקעהרט....

און, אויסשטרעקענדיג די הענד, אָבוואַרפענדיג דעם קאָפּ, איז זי אויך אָבגעגאַנגען פון'ם פענסטער.

מיט טויט שרעק, מיט א פערשטיינערטען הארצען, האב איך זיך א וואָרף געטהאָן צוריק, בין דורכגעלאָפען די געסעל שיעור ניט איינלאָזענדיג „עלעקטריק'ען," און זיך צוריק אויפ'ן ברעג פון טייך אומגעקעהרט. איך האב גאָר ניט געקענט בעגרייפען. איך האב גע־וואוסט, אז מיין קאלטער, איינגעהאלטענער פאָטער קומט אמאָל אריין אין כעס און ווערט שטארק צוקאָכט... און דאָך האב איך בשום אופן ניט געקענט פערשטעהן, וואס אזוינס איך האב דאָ געזעהן... נור גלייך אויפ'ן אָרט האב איך דערפיהלט, אז ווי לאַנג איך זאָל ניט לע־בען, פערגעסען זינאאידא'ס בעוועגונג, איהר בליק, איהר שמייכעל, וועל איך שוין קיין מאָל, קיין מאָל ניט קענען... אז איהר גע־שטאלט, יענע נייע געשטאלט, וועלכע האט זיך אזוי פּלוצים, אזוי אונערוואַרטעט פאר מיינע אויגען ענטפּלעקט, האָט זיך אויף אייביג אין מיין געדעכעניש איינגעקריצט. מיט אונזיניגע אויגען האב איך אויפ'ן טייך געקוקט און ניט בעמערקט, אז ביי מיר גיסען זיך טרערען. מען שלאָגט זי, האב איך געטראַכט... מען שלאָגט, מען שלאָגט...

— נו, וואס האָסטו זיך פערטראַכט... גיעב מיר דעם פערד! — האט זיך דערהערט הינטער מיר מיין פאָטער'ס קול.

איך האב איהם מעכאַניש דערלאַנגט די לייצעס. ער איז ארויפ־געשפּרונגען אויפ'ן „עלעקטריק"... דער דורכגעפראָרענער פערד האט זיך א הויב געטהאָן אויף די הינטערשטע פיס און א שפּרונג געטהאָן אין פאָראויס אויף עטליכע קלאַפטער... אבער אין גיכען האט איהם דער פאָטער איינגעהאלטען; ער האט איהם ארייננעשטאָ־כען די שפּאָרעס אין די זייטען און א זעץ געטהאָן איהם מיט'ן פויסט אין האלז.... עך, קיין בייטש איז נישטאָ, האט ער אויסגעמור־מעלט.

איך האב זיך דערמאָנט אָן דעם ניט לאַנגאָניגען פּייף און זעץ פון דעם איינענעם בייטש, און א שוידער איז מיר איבער'ן לייב אריבער.

— וואו־זשע האָסטו איהם אהין געטהאָן? — האב איך אין א ווײַלע ארום געפרעגט ביים פאָטער.

דער פאַטער האט ניט געענטפערט און גענומען שפרינגען אין פאַראויס. מיר האט זיך אונבעדינגט געוואָלט זעהן זיין פּנים.

— דיר איז לאַנגווייליג געוואָרען אָהן מיר? — האט ער אויסגערעדט צווישען די צייהן.

— יאָ, אביסעל. וואו האָסטו דיין בייטש פערלאָרען? — האב איך איהם ווידער געפרעגט.

דער פאַטער האט שאַרף אויף מיר א קוק געטהאָן.

— איך האב איהם ניט פערלאָרען — האט ער ארויסגערעדט — איך האב איהם אוועקגעוואָרפען...

ער האט זיך פערטראַכט און אראָבגעלאָזט דעם קאָפּ... און דאָ האב איך צום ערשטען און כמעט צום לעצטען מאָל דערזעהן, ווי פיעל צערטליכקייט און בעדויערען עס האבען געקאָנט אויסדריקען זיינע שאַרפע, שטרענגע שטריכען אויפ'ן פּנים.

ער האט ווידער גענומען שפרינגען, און איצט האב איך איהם שוין ניט געקענט מעהר דעריאָגען; איך בין געקומען צופאַהרען אהיים אין א פערטעל שעה ארום נאָך איהם.

„אָט דאס איז די ליעבע," האב איך ווידער גערעדט צו זיך אליין, זיצענדיג ביינאַכט פאר מיין שרייבטיש, אויף וועלכען עס האבען זיך שוין אָנגעהויבען צו ווייזען העפטען און ביכער — אָט דאס איז די ליידענשאַפט!... דאכט זיך, ווי אזוי איז דאס מעגליך ניט אויפצוברויזען, ווי קאָן מען דאס אריבערטראָגען א קלאַפּ פון וועמען עס איז... אפילו פון דער סאַמע ליעבסטער האַנד! און דאָך, עס זעהט אויס, אז מען קאָן, אויב מען ליעבט.... און איך... איך האב זיך איינגערעדט"...

דער לעצטער מאָנאַט האט מיך א סך פערעלטערט — און מיין ליעבע מיט אלע איהרע אויפרעגונגען און ליידען, האט זיך איצט מיר אליין אויסגעוויזען אזוי קליין און קינדעריש און אָרעם אַנטקעגען דעם אַנדערען אונבעקאַנטען עטוואָס, וועגען וועלכען איך האָב זיך קוים געקענט אָנשטויסען און וועלכעס האט מיך געשראָקען, ווי אַן אונבעקאַנטער, שעהנער, נור בייזער פּנים, וועלכען דו מאַטערסט זיך אומזיסט צו בעקוקען אין דער פינסטערניש...

א מאָדנער און א שרעקליכער חלום האט זיך מיר גע'חלום'ט אין דער אייגענער נאַכט. מיר האט זיך געדאכט, אז איך געה אריין

אין א נידעריגען, פינסטערען צימער... דער פאָטער שטעהט מיט'ן בייטש אין האנד און טופּעט מיט די פיס; אין א ווינקעל האט זיך צו־געטוליעט זינאאידא און ניט אויף דער האנד, נור אויפ'ן שטערן, איז ביי איהר א רויטער צייכען... און אהינטער זיי ביידען הויבט זיך אויף ביעלאָוואָראָוו אין גאנצען א פערבלוטיגטער, עפענט אויף זיינע בלייכע ליפּען און סטראשעט צאָרניג דעם פאָטער.

אין צוויי מאָנאטען ארום בין איך אריינגעטראָטען אין אוניווער־זיטעט און אין א האלב יאָהר נאָכדעם איז מיין פאָטער געשטאָרבען (פון א הארץ־שלאג) אין פּעטערסבורג, וואו ער האט נור וואס זיך געהאט אריבערגעקליבען מיט מיין מוטער און מיט מיר. עטליכע טעג פאר זיין טויט האט ער געקראָגען א בריעף פון מאָסקווע, וועלכער האט איהם שטארק אויפגערעגט — ער איז אלץ געגאנגען צו דער מוטער בעטען וועגען עפּעס און, מען זאָגט, אז ער האט זיך זאָגאר צואוויינט, ער, מיין פאָטער! אין דעם פריהמאָרגען פון דעם זעלבען טאָג, אין וועלכען ער האט געקראָגען דעם הארץ־שלאג, האט ער געהאט אָנגע־געהויבען שרייבען צו מיר א בריעף אויף פראנצויזיש: „זוהן מיינער — האט ער צו מיר געשריעבען — האב מורא פאר דער ליעבע פון פרויען, האב מורא פאר דעם דאָזיגען גליק, פאר דעם גיפט..." נאָך זיין טויט האָט די מוטער מיינע געשיקט אין מאָסקווע א גאנץ בעדייטענדע סומע געלד.

---

## XXII.

פיער יאָהר זיינען אוועק. איך בין נור וואס ארויס פון אוני־ווערזיטעט און האב נאָך אויף ריכטיג ניט געוואוסט, וואס מען הויבט אָן מיט זיך צו טהאָן, אין וואס פאר א טהיר צו קלאַפּען; בין ארומ־געגאנגען דערווייל גאָר אָהן א געשעפט. אין איין שעהנעם אָבענד, האב איך אין טהעאטער באגעגענט מיידאנאָוו'ן. ער האט, פאר דער צייט שוין חתונה געהאט און איז אָנגעקומען אויף א שטעלע; אבער איך האב אין איהם ניט געפונען קיין ענדערונג. ער האט זיך נאָך אלץ אזוי שנעל בעגייסטערט און פונקט אזוי שנעל פערלאָרען דעם מוטה.

— איהר ווייסט — האט ער מיר צווישען אַנדערעס געזאָגט — מאַדאם דאָלסקאיא איז דאָ.

—וואס פאר א מאַדאם דאָלסקאיא?

— איהר האט דען פערגעסען? — די פריהערדיגע פירסטין זאסעקינאַ, אין וועלכער מיר אלע זיינען געוועזען פערליעבט, איהר אויך. געדענקט איהר, אויפ'ן זומער פּלאַץ?

— זי איז פערהייראַט מיט דאָלסקי'ן?

— יאָ.

— און זי איז דאָ, אין טהעאַטער?

— ניין, זי איז אין פּעטערסבורג, זי איז די טעג אהער געקומען. זי קלייבט זיך פאָהרען אין אויסלאַנד.

— וואס פאר א מענש איז איהר מאַן? — האב איך געפרעגט.

— אַן אויסגעצייכענטער יונג... מיט א פערמעגען. מיר דיענען צוזאַמען אין מאָסקווע. איהר פערשטעהט — נאָך יענער מעשה... אייך איז דאָך מסתמא אלעס גוט בעקאַנט... (מיידאַנאָוו האט פּיעל־דייטיג א שמייכעל געטהאָן) איז איהר ניט לייכט געוועזען צו טהאָן א שידוך; עס זיינען געוועזען פאָלגען... נור מיט איהר שכל איז אלעס מעגליך... געהט אריבער צו איהר. זי וועט זיך מיט אייך זעהר דער־פרעהען. זי איז נאָך שעהנער געוואָרען.

מיידאַנאָוו האט מיר געגעבען זינאאידא'ס אדרעס. זי האט זיך אָבגעשטעלט אין דעם האָטעל דעמוט. די אַלטע עראינערונגען האבען זיך אין מיר צורודערט... איך האב זיך געגעבען א וואָרף גלייך אויפ'ן צווייטען טאָג צו בעזוכען מיין אַלטע „ליעבע." אבער עס האבען זיך אריינגעמישט געוויסע געשעפטען: עס איז אוועק איין וואָך, א צווייטע און ווען איך האב זיך, צום סוף, אויסגעקליעבען אין האָטעל דעמוט און האב געפרעגט אויף די פרוי דאָלסקאיא — האב איך זיך דער־וואוסט, אז זי איז מיט פיער טעג צוריק פּלוצים געשטאָרבען פון א קינדבעט.

עס האט מיר א זעץ געטהאָן אין הארצען. דער געדאַנק, אז איך האב זי געקענט זעהן און האב זי ניט געזעהן און, אז איך וועל זי שוין מעהר קיין מאָל ניט זעהן — דער דאָזיגער ביטערער געדאַנק האט זיך איינגעגעסען אין מיר מיט דער גאַנצער קראַפט פון א אונ־

ווידערשטעהליכען פארוואורף. געשטארבען! — האב איך איבערגע־זאגט, קוקענדיג טעמפ אויפ'ן שווייצאר.

איך בין שטיל אין גאס ארויס און אוועק, אליין ניט וויסענדיג, וואוהין. די גאנצע פערגאנגענהייט איז פלוצים ארויסגעשוואומען אין מיין געדעכעניש און זיך פאר מיר אוועקגעשטעלט, ווי א לעבעדיגע. שוין־זשע איז אט דאס דער סוף, און צו דעם האט אייליענדיג און קאכענדיג זיך געשטרעבט דאס דאזיג יונג, הייס און גלענצענד לעבען? — האב איך געטראכט מיט בייגקעניש און פארגעשטעלט זיך יענע ליעבע שטריכען, די אויגען, די לאקען, דעם חן'עוודיגען שמייכעל אין אן ענגען קאסטען אין דער פייכטער, אונטעראירדישער פינסטערניש... דא ניט ווייט פון מיר, דערוויייל נאך א לעבעדיגען... און אפשר אין עטליכע טריט פון מיין פאטער... דאס אלעס האב איך געטראכט, איך האב אנגעשטרענגט מיין פאנטאזיע, און דאך:

— „פון גלייכגילטיגע ליפען האב איך פערנומען די בשורה
פון טויט

„און גלייכגילטיג האב איך זי אויסגעהערט" —

האט אבגעקלונגען אין מיין נשמה א בעקאנטער פערז. אך, יוגענד! יוגענד! דיך הארט קיין זאך ניט, אזוי ווי די גאנצע וועלט וואלט געוועזן דיינע, אפילו די בייגקעניש פערשאפט דיר פערגעניגען, אפילו דער טרויער קליידעט דיר, דו ביזט איינגעגלויבט אין זיך און ביזט פרעך, דו זאגסט: — איך אליין נור לעב — קוקט מיך אן! און זעהסט ניט, ווי די טעג אנטלויפען, פערשווינדען אהן שפור און אהן צאהל, און אלעס אין דיר פערשווינדעט ווי וואקס אויף דער זונן, ווי שנעע... און עס קאן זיין, אז דאס גאנצע געהיימנים פון דיין צויבער בעשטעהט ניט אין דער מעגליכקייט אלעס צו טהאן — נור אין דער מעגליכקייט צו טראכטען, אז דו ווייסט, דו קאנסט אלעס טהאן... בעשטעהט דוקא אין דעם, וואס דו ווארפסט דיינע כוחות אויפ'ן ווינד ארויס, וואס יעדער פון אונז דענקט, אז ער האט א רעכט צו זאגען: אך, וואס וואלט איך ניט אויפגעטהאן, ווען איך וואלט ניט אומזיסט מיין צייט פערלארען!

אזוי אויך איך... אויף וואס האב איך ניט געהאפט, וואס האב איך ניט ערווארט, וואס פאר א רייכע צוקונפט האב איך ניט פאר־אויסגעזעהן אין יענער צייט, ווען דער געשפענסט פון מיין ערשטער

ליעבע האט ביי מיר ארויסגערופען ניט מעהר ווי א קורצען זיפץ און א שטיל ביינקענדיג געפיהל.

און וואס איז ערפילט געוואָרען פון דעם אַלעמען, אויף וואס איך האב געהאָפט? און איצט, ווען אויף מיין לעבען הויבען זיך שוין אָן צו רוקען ביינאַכטיגע שאָטענס, וואס איז מיר איצט פער־בליעבען מעהר פרישערעס און טהייערעס פון די עראינערונגען אָן יענעם שנעל פערפלאָסענעם, ליכטיגען פריהלינגס־שטורם?

נור אומזיסט רעד איך לשון הרע אויף זיך אליין. און אויך דאָן, אין יענער לייכטזיניגער, יונגער צייט בין איך ניט געבליעבען טויב צו דעם טרויעריגען קול, וועלכער האט זיך דערטראָגען צו מיר פון אונטער'ן קבר.

איך געדענק, ווי אין עטליכע טעג ארום, נאָכדעם, ווי איך האב זיך דערוואוסט פון זינאַאידאַ'ס טויט, האב איך מיט מיין אייגענעם ווילען בייגעוואוינט דעם טויט פון אן אָרימער אַלטינקער, וועלכע האט געוואוינט מיט אונז אין איין הויז. צוגעדעקט מיט שמאַטעס, אויף הארטע ברעטער, מיט א זאַק צוקאָפּענס, איז זי שווער און לאנגזאם אויסגעגאַנגען. איהר גאַנץ לעבען איז אוועק אין א שווערען קאמפף מיט דער ביטערער נויט; זי האט ניט געזעהן קיין נחת, האט ניט פערזוכט פון דעם בעכער פון גליק... ווי אזוי, דאַכט זיך, זאָל זי זיך ניט פרעהען מיט'ן טויט, מיט דער בעפרייאונג, מיט דער רוה? און דאָך, ביז וואַנען איהר אויסגעמוטשעטער קערפּער האט זיך נאָך ניט אונטערגעגעבען, אזוי לאַנג, ווי די ברוסט האט נאָך מיט מאַטערניש זיך בעוועגט אונטער דער שווערער אייזערנער האַנד, וואס האט זיך אויף איהר ארויפגעלעגט, כל זמן די לעצטע כוחות האבען זי ניט פערלאָזען... האט די אַלטינקע זיך אַלץ גע'צלם'ט און האט אַלץ געשעפּטצעט: — גאָטוניו, פערגיעב מיר מיינע זינד — און נור מיט דעם לעצטען פונק פון בעוואוסטזיין איז אין איהרע אויגען פערשוואונ־דען דער אויסדרוק פון שרעק און מורא פאר'ן טויט. און איך געדענק, אז דאָ ביי'ן טויטען־בעט פון דער דאָזיגער אָרימער אלטינקער, איז מיר געוואָרען מורא'דיג פאר זינאַאידאַ'ן און עס האט זיך מיר פער־וואָלט תפלה טהאָן פאר איהר, פאר'ן פאָטער... און פאר זיך...



# דער קליינשטעדטעלדיגער רופא

איין מאָל, יעסען־צייט, בעת איך האב זיך צוריקגעקעהרט פון געיעג, האב איך זיך פערקיהלט און קראנק געוואָרען.

צום גליק, האט מיך דאס פיעבער געכאפט אין א קליין שטעדטעל, אין א גאסט־הויז. איך האב געשיקט נאָך א דאָקטאָר.

אין א האלב שעה ארום איז געקומען דער דאָקטאָר פון'ם שטעדטעל, א קליינגעוויקסיג מענשעל, א מאָגערס, מיט שווארצע האָאָר. ער האט מיר פערשריעבען די געוועהנליכע פּאָרציאָן אָפּשוויצעכץ, געהייסען צולייגען א קאָמפּרעס פון הארציצע, ארונטערגעלאָזט אין ארבעל מעשה בריה'אַק, אזוי לאחר יד, דאס פינף־רובילדיגע, וואס איך האב איהם דערלאַנגט — דערביי, אגב, האט ער טרוקען א הוסט געטהאָן אָן א זייט — ער האט שוין געוועזט זיך צוגעקליבען אוועקצוגעהן, נור האט זיך ווענען עפּעס צורעדט און איז געבליעבען.

דאס פיעבער האט מיך געמאַרטערט. איך האב פאָראויסגעזעהן, אז איך וועל האבען א שלאָפלאָזע נאכט און בין גערן געוועזן צו פּלאַפּלען אביסעל מיט א גוטען מענשען.

מען האט דערלאַנגט טהעע. מיין דאָקטאָר האט זיך פונאנאנדערגערעדט, קיין נאר איז ער ניט געווען, גערעדט גאנץ גלאַט און גאנץ אינטערעסאַנט.

מערקווירדיגע זאכען פּאַסירען אויף דער וועלט: מיט מאנכע מענשען וואוינסטו אָפּ יאָהרען לאנג אין איין הויז, ביזט מיט איהם אין פריינדליכע בעציהונגען, און קיינמאָל וועסטו מיט איהם ניט ריידען אָפען, פון'ם הארצען; און מיט אַן אנדערן — פערקעהרט — האָסט זיך קוים מיט איהם בעקאָנט, און שוין: אדער דו פאר איהם, אדער ער פאר דיר, האט דאס גאנץ הארץ אויסגעגאָסען...

איך ווייס ניט, מיט וואס איך האב פערדיענט דאס צוטרויען

פון מיין נייעם פריינד, נור ער האט גענומען און מיר דערצעהלט פּלו־צים, ניט־געריכטערהייט, אַ גאַנץ מערקווירדיגע געשיכטע.

די דאָזיגע געשיכטע וועל איך איבערגעבען פאר'ן לעזער און בעת דעם וועל איך זיך בעמיהען איבערצוגעבען זי אזוי, ווי דער רופא אליין האט זי דערצעהלט.

— איהר קענט ניט — האט ער אָנגעהויבען מיט א שוואַכען, ציטערינדיגען קול — איהר קענט ניט דעם היגען ריכטער מילאָוו'ן, פּאוועלען לוקיטש'ן ?... איהר קענט ניט... נו, אלץ איינס, קיין אונטערשיעד ניט. זעהט איהר, איך זאָל אייך קיין ליעגען ניט זאָגען, די מעשה איז אזוי געוועזען...

— איך זיץ אזוי ביי איהם, ביי אונזער ריכטער, און שפּיעל אין פּרעפּעראַנס. דער ריכטער איז ביי אונז א וואוילער מענש, אויף א פּרעפּעראַנס איז ער א גרויסער בעלן. פּלוצים זאָגט מען מיר (מיין רופא האט א טבע געהאַט צו געברויכען אָפט דאס וואָרט „פּלוצים"): א מאַן פרעגט אויף אייך. איך פרעג: וואס דאַרף ער מיך? זאָגט מען מיר, ער האט א צעטעלע געבראַכט, פון א חולה, הפּנים. גיעב — זאָג איך — דעם צעטעלע אהער. געטראָפען — פון א חולה... דעם צעטעלע שרייבט מיר א גוטס־בעזיצערין, אַן אלמנה; שרייבט מיר, אז איהר טאָכטער שטארבט. „קומט, אום גאָטעס ווילען, פערד זיינען נאָך אייך ארויסגעשיקט...."

— דאס איז נאָך נישקשה... אבער זי וואוינט א צוואַנציג וויאָרסט פון שטאָדט און דאָ איז שפּעט אין דער נאַכט, און דער וועג איז אויך אַזאַ שלעכטער, אז כאָטש ריהר זיך ניט פון'ם אָרט! דערצו נאָך איז זי א גרויסע קבצן'טע אויך, חוץ אלע צרות, און מעהר ווי צוויי רוביל קען מען פון איהר ניט ערוואַרטען און אפשר נאָך דאס אויך ניט; אפשר וועט זי גאָר בעצאָהלען מיט א שטיקעל לייווענד אדער אביסעל גרויפּען...

— דאָך די פּפליכט פריהער פאר אלעם... — א נפש אין סכנות, פערשטעהט איהר מיך...

— איך גיעב איבער פּלוצים מיין „האנד" א שכן מיינעם, הערר קאַליאָפּין'ען, און געה אהיים.

— איך זעה: א וועגעלע נעבען מיין הויז; די פערדלאַך פּויערשע, מיט גרויסע, גרויסע בייכער, די פעל אויף זיי אַן אויסגעקראָכענע,

אמת'ער וואליק, און דער קוטשער, אויס רעספעקט צו מיר, זיצט אָהן א היטעל.

— נו — דאַכט איך מיר — קאַנטיג, ברודער'ל, אז דיינע בעלי בתים עסען ניט אויף גאָלד... איהר לאַכט? און איך וועל אייך זאָגען: אונזערער א מענש, א קבצן, מוז אלעס אין זינען האבען... זיצט דער קוטשער, ווי א גראַף, און נעהמט ניט אראָפּ פאר דיר דאס היטעל, און שמייכעלט נאָך אונטער אין באָרד, און פאָכעט מיט דער בייטש אין לופטען, דעמאָלט איז א סימן, אז עס שמעקט דאָרט מיט די ריכטיגע מזומנים, מיט דער ריכטיגער פּותיקע!... דאָ אבער זעה איך איז א בראָך, שמעקט שטארק מיט קבצן... נור, מילא, מען קען זיך ניט העלפען. די פפליכט איז די ערשטע זאַך. איך פערכאַפּ די נויטיגסטע רפואות און פאָהר.

— איהר וועט גלויבען, קוים א לעבעדיגער האב איך זיך דערשלעפּט אהינצו. דער וועג אן אמת'ער גהינום: טייכען גאַנצע, שנעע, קויט, בלאָטע און דאָרט האט פּלוצים גאָר א בריק זיך אָפּגעריסען — אן אונגליק!

— קוים־קוים זיך דערשלעפּט...

—איך קום אהין. א קליין הייזקע מיט א שטרויענעם דאַך. אין די פענסטער ליכטיג. מען וואַרט, הייסט עס. געהט ארויס אנטקעגען אן אַלטינקע, א פיינע אַלטינקע, מיט א צעפּעץ.

— ראַטעוועט — זאָגט זי — ראַטעוועט, זי שטאַרבט.

— זאָג איך:

— האט נור ניט קיין מורא... וואו ליעגט די קראַנקע?

— אָט אהערצו, זייט מוחל.

— געה איך אריין. זעה איך: א ריין צימערל, אין א ווינקעל ברענט א לעמפּעל פאר די הייליגע. אויף א בעט א מיידעל, פון א יאָהר צוואַנציג, ליעגט בעוואוסטלאָז. זי ברענט פלאַם־פייער, אָטעמט שווער — א היטץ־קרענק. דערביי זיצען נאָך צוויי מוידען, שוועסטער, צושראָקענע, און וויינען.

— אָט — דערצעהלען זיי מיר — נאָך נעכטען איז זי גאָר געזונד געווען, האט געגעסען מיט אַפּעטיט; היינט אין־דער־פריה האט זי זיך גענומען קלאָגען אויפ'ן קאָפּ און פאַרנאַכט מיט אמאָל אזוי קראַנק...

— איך טרייסט זיי ווידער: זייט רוהיג. ווייסט איהר, דעם דאָקטאָר'ס פפליכט איז אזוי צו טהאָן...

— הקיצור, איך האב זיך א נעהם געטהאָן צו דער ארבייט. האב איהר געלאָזט בלוט, הארציצע געהייסען איהר צולייגען, א מיקסטור פערשריעבען.

— דערווייל קוק איך אזוי אויף איהר, קוק און קוק... איך שווער אייך, אז אזא פנים האב איך אין מיין גאַנץ לעבען ניט געזעהן... א מיידעל א פּאַרשוין, איינע אין א וועלט!...

— עס האט מיך ביים הארצען אָנגענומען... אזא פנים, אזוינע אויגען...

— א דאַנק גאָט, זי איז באלד רוהיגער געוואָרען, א שוויים האט ארויסגעשלאָגען; זי איז געקומען צו זיך, האט א קוק געטהאָן ארום זיך, א שמייכעל געטהאָן און א פיהר געטהאָן מיט א האַנד איבער'ן פנים.

— די שוועסטער האבען זיך איינגעבויגט צו איהר, פרעגען:

— וואס איז דיר?

— גאָר ניט — מאכט זי, און האט זיך אָפּגעקעהרט...

— זעה איך, זי איז אנשלאָפען געוואָרען. זאָג איך, מען זאָל זי איצט לאָזען שלאָפען. מען טאָר איהר ניט שטערען.

— זיינען מיר אלע ארויס אויף די שפּיץ־פינגער, די דיענסט אליין איז פערבליבען נעבען איהר אכטונג געבען.

— און אינ'ם גאַסט־צימער איז שוין דער סאַמאָוואר אויפ'ן טיש. מען דערלאַנגט טהעע, זיי בעטען מיך בלייבען נעכטיגען...

— איך לאָז זיך ניט לאַנג בעטען: — געה פאָהר אין אזא וועג ביינאכט!

די אלטינקע קרעכצט.

— געגנוג אייך — זאָג איך — זי וועט גאַנץ זיין. זייט רוהיג. געהט בעסער, לייגט זיך אליין צו אָפּרוהען; דער זייגער איז שוין צוויי.

— איהר וועט הייסען מיך אויפוועקען, טאָמער וואס־וועגן?

— איך וועל הייסען, הייסען...

די אלטינקע איז אוועק, די מוידען זיינען אויך אוועק צו זיך אין צימער; מיר האט מען אויסגעבעט אין'ם גאַסט־צימער.

איך האב זיך געלייגט, עס שלאָפט זיך אבער ניט. וואס פאר נאַרישקייטען קריכען אין קאָפּ! איך בין, דאַכט זיך, אזוי מיעד, און די קראַנקע געהט ביי מיר פון׳ם זינען ניט ארויס.

צום סוף, האב איך ניט אויסגעהאַלטען, בין פּלוצים אויפגעשטאַנען. איך קלער: וועל געהן זעהן, וואס זי מאַכט.

איהר צימער איז הארט נעבען גאַסט־צימער.

נו, בין איך אויפגעשטאַנען. שטיל־שטיל געעפענט די טהיר און דאס האַרץ קלאַפּט, קלאַפּט...

איך קום אריין, איך זעה: די דיענסט שלאָפט, דאס מויל אָפען און כראָפּעט, די בעסטיע! און די קראַנקע ליעגט מיט׳ן פּנים צו דער טהיר, די הענד צוואָרפען, נעבאַך!

איך בין צוגעגאַנגען.

אַזש זי שצירעט דאַן ניט אויס די אויגען פּלוצים אויף מיר!

— ווער איז עס? ווער איז עס?...

איך בין צומישט געוואָרען.

— שרעקט זיך ניט, פריילען — מאַך איך — איך בין דער דאָקטאָר, געקומען זעהן, וואס איהר מאַכט.

— איהר זייט א דאָקטאָר?

— א דאָקטאָר, א דאָקטאָר. אייער מוטער האט נאָך אונז געשיקט. מיר האבען אייך געלאָזט בלוט, פריילען; איצט מוזט איהר שלאָפען. אין א טאָג אדער צוויי וועלען מיר אייך, מיט גאָט׳ס הילף, שטעלען אויף די פיס.

— אך, יאָ, יאָ, דאָקטאָר. לאָזט מיך ניט שטאַרבען... איך בעט אייך, איך בעט אייך —

— וואס רעדט איהר, גאָט איז מיט אייך! — מאַך איך, און ביי זיך קלער איך: מסתמא האט זי שוין ווידער היץ. איך האב א טאַפּ געטהאָן איהר פולס: זי האט היץ.

זי האט א קוק געטהאָן אויף מיר. פּלוצים האט זי מיך א כאַפּ געטהאָן פאר א האַנד.

— איך וועל אייך זאָגען, ווארום איך וויל ניט שטאַרבען, איך וועל אייך זאָגען, איך וועל אייך זאָגען... איצט זיינען מיר אליין... איהר זאָלט אבער קיינעם... הערט....

איך האב זיך צוגעבויגט צו איהר. זי האט צוגעלייגט איהרע ליפּען

צו מיין אויער, איהרע האָאר גלעטען מיין באַק; איך בין זיך מודה, אז דער קאָפּ האט זיך ביי מיר פערדרעהט... און זי האט גענומען שעפּטצען.... איך פערשטעה קיין וואָרט ניט. אָך, זי רעדט דאָך פון היץ... האט געשעפּטצעט און געשעפּטצעט און אזוי גיך און ווי אויף א פרעמדע שפּראַך, און געענדיגט, האט זי זיך א צאַפּעל געטהאָן, איז צוגעפאַלען מיט'ן קאָפּ צום קישען און האט א סטראַשע געטהאָן מיך מיט א פינגער:

— געדענקט, דאָקטאָר, קיינעם...

קוים זי בערוהיגט, געגעבען איהר א טרונק, אויפגעוועקט די דיענסט און בין ארויס.

דאָ האט דער רופא מיט הארץ א שמעק געטהאָן טאַבאַק און איז א ווײַלע געזעסען, ווי ער וואָלט דעם לשון פערלאָרען.

— אויף דעם צווייטען טאָג — האט ער ווייטער אָנגעהויבען — איז איהר, מיר אויף צו להכעיס, ניט גרינגער געוואָרען. איך האב זיך מיישב געווען, מיישב געווען און פּלוצים ביי זיך גע'פּועל'ט צו פער־בלייבען דאָרט, כאָטש אין שטאָדט האבען אויף מיר געוואַרט אנדערע פּאַציענטען...

און איהר ווייסט דאָך, אז די פּראַקטיק טאָר מען ניט פערלאָזען, זי ליידעט דאדורך זעהר שטאַרק.

אבער ערשטענס, האט זיך די קראַנקע געפונען אין א שרעק־ליכער לאַגע און, צווייטענס, איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, זי איז מיר זעהר געפעלען געווען. דערצו נאָך איז מיר געפעלען געווען איהר גאַנצע פאַמיליע. זיי זיינען אפילו געווען קבצנים, אבער געבילדעט זיינען זיי געווען, מען קען זאָגען, זעהר... זייער פאָטער איז געווען א געלערענטער, א פּערפּאַסער; געשטאָרבען, פערשטעהט זיך, אן אביון, אבער אן ערציהונג האט ער די קינדער געגעבען זעהר א גוטע; האט א סך ביכער נאָך זיך איבערגעלאָזט.

צו דערפאַר, ווייל איך האב שטאַרק געאַרבייט ארום דער קראַנ־קער, צו פאַר עטוואָס אַנדערש, אבער זיי אַלע האבען מיך ליעב גע־קראָגען, ווי אן אייגענעם מענשען, קען איך זאָגען...

דערווײַלע איז דער וועג געוואָרען נאָך ערגער, אַלע פערבינדונ־גען מיט דער שטאָדט זיינען אָבגעהאַקט געוואָרען, אפילו די רפואות האט מען קוים, מיט צרות, געקענט פון שטאָדט קריגען.

די קראַנקע איז ניט געוואָרען בעסער. אַזוי איז אַוועק אַ טאָג נאָך אַ טאָג, אַ טאָג נאָך אַ טאָג... און דערנאָך, דערנאָך... (דער רופא איז אַנשוויגען געוואָרען) ווי זאָל איך עס אייך אַרויסגעבען... (ער האָט ווידער געטהאָן אַ שמעק טאַבאַק, האָט אַ הוקע געטהאָן און אַ זופּ געטהאָן פון׳ם טהעע) איך וועל אייך זאָגען גאַנץ אָפען, מיין קראַנקע... נו, ווי זאָל איך עס אייך ערקלערען... צו זי האָט זיך פערליעבט אין מיר, צו ניין... מען קען עס ניט אָנרופען ליעבע... און, אגב... כ׳לעבען, איך ווייס ניט, ווי אַזוי דאָס צו ערקלערען... (ער האָט זיך פערשעהמט און איז רויט געוואָרען).

— ניין — האָט ער זיך אַ כאַפּ געטהאָן מיט היץ — ווי קומט זי צו פערליעבען זיך אין מיר! ניין! מען דאַרף ניט זיין געגאַרט אין זיך! זי איז געווען אַ געבילדעטע, אַ קלוגע, אַן אָנגעלעזענע, און איך האָב אפילו מיין לעטיין כמעט אין גאַנצען פערגעסען. און מיט מיין פיגור (דער רופא האָט מיט אַ שמייכעל אַ קוק געטהאָן אויף זיך) איז, דאַכט זיך, אויך ניטאָ וואָס צו בעריהמען זיך. אָבער קיין נאַר האָט מיך גאָט דער הארר אויך ניט בעשאַפען: אויף ווייס וועל איך ניט זאָגען שוואַרץ, איך פערשטעה אויך עפּעס... איך, למשל, האָב זעהר גוט פערשטאַנען, אַז אַלעקסאַנדראַ אַנדרעעוונאַ (אַזוי האָט די קראַנקע געהייסען) האָט געפיהלט צו מיר ניט קיין ליעבע, נור אַ מין פריינד־שאַפט, צו גאָר איינפאַכען רעספּעקט... כאָטש עס קען זיין, אַז זי אַליין האָט אין דעם געהאַט אַ טעות. מען דאַרף דאָך פערשטעהן איהר דאַמאָלסדיגע לאַגע... אָבער — האָט צוגעלייגט דער רופא, וועלכער האָט די גאַנצע צייט גערעדט מיט האַלבע ווערטער און אין אָטהעם — מיר דאַכט זיך, איך בין צו ווייט פערקראָכען... אַזוי, וועט איהר גאָר נישט פערשטעהן.... ערלויבט, איך וועל אייך אַלעס דער־צעהלען כסדר.

ער האָט אויסגעטרונקען זיין גלאָז טהעע און אָנגעהויבען צו ריידען מיט אַ מעהר רוהיגען קול.

— אָט אַזוי ווי איהר הערט... מיין קראַנקע האָט זיך געפיהלט אַלץ ערגער, ערגער, ערגער. איהר זייט ניט קיין דאָקטאָר, ווערטהער הערר; איהר האָט ניט קיין בעגריעף, וואָס עס קומט פאָר אין׳ם האַר־צ[ע]ן ביי אונזערען אַ מענשען, איבערהויפּט די ערשטע צייט, אַז ער דערזעהט, אַז די קראַנקהייט איז שטאַרקער פון איהם... דו פערלירסט

זיך דאן אין גאנצען. וואו קומט דאן אהין דיין זיכערקייט, דיין גלויבען אין זיך אליין! פעוּלירסט דעם קאפּ אין גאנצען און דיר הויבט זיך אן צו דוכטען, אז דו האסט פערגעסען אלעס, וואס דו האסט געקאנט, און אז דער קראנקער גלויבט אין דיר ניט און אז די ארומיגע הויבען שוין אויך אן צו בעמערקען דיין אונזיכערקייט, דיין ניט קאנען און גיבען עס דיר פיהלען מיט א קרומען ק.ק, מיט א שושקען זיך...

אוי, ניט גוט! עס איז דאך מסתמא דא א רפואה געגען דער דאזיגער קראנקהייט — טראכסטו — מען דארף זי נור געפינען. אפשר דאס געבען איהר, אפשר יענעס? פּרובסט, ניין, ניט דאס! האסט ניט קיין געדולד צוווארטען, ביז די רפואה וועט אנהויבען צו ווירקען... דא כאפּסט זיך פאר דאס און באלד פאר יענעס... עס טרעפט אמאל —נעהמסט א בוך פון רעצעפּטען... די רפואה איז דאך דא ערגעץ, דא — טראכסטו... עהרענווארט, אמאל נעהמסטו פון דארט ארויס א רעצעפּט גלאט אין דער וועלט אריין, טאמער אין א מזל'דיגער שעה... דער קראנקער שטארבט; און אן אנדער רפואה קען זיין וואלט איהם געראטעוועט...

אמאל זאגסטו, מען דארף האבען א קאנסוליום, דו ווילסט ניט נעהמען אויף זיך די פעראנטווארטליכקייט. וואס פאר א נאר דו קוקסט דעמאלט אויס! מיט דער צייט אבער געוויינסט זיך צו צו דעם. געשטארבען א מענש, ניט דיין שולד, דיין פפליכט האסטו געטהאן...

דא אבער איז געוועזען א גאנץ אנדערע געשיכטע. די גאנצע פאמיליע פון אלעקסאנדרא'ן האבען אין מיר געגלויבט ווי אין א גאט, זיינען געוועזען זיכער, אז איך וועל די קראנקע געזונד מאכען. איך אליין פון מיין זייט טרייסט זיי אויך: „גאנץ זיין, גאנץ זיין," און בשעת מעשה פאלט ביי מיר ארויס די נשמה...

און צו די אלע צרות איז נאך דער וועג אויך זעהר שלעכט, עס נעהמט א גאנצען טאג, ביז וואנען דער קוטשער ברענגט פון שטאדט דעם רעצעפּט.

איך זיץ נעבען דער קראנקער, קען זיך פּשוט ניט אברייסען און דערציעהל איהר פערשיעדענע מעשה'לאך, אדער שפּיעל מיט איהר אין קארטען.

די אלטע בעדאנקט מיר מיט טרערען און איך טראכט ביי זיך:

איך בין ניט ווערט דיינע דאנקען. איך וועל אייך זאָגען דעם גאנצען אמת: איך האב זיך פערליעבט אין מיין קראנקער.

זי האט זיך אויך צו מיר צוגעבונדען, לאָזט קיינעם ניט אריין אין איהר צימער, נור מיך. פערפיהרט מיט מיר א געשפרעך, פרעגט מיך אויס, וואו איך האב זיך געלערענט, ווי איך לעב זיך, ווער זיינען מיינע עלטערען, מיט וועמען בין איך בעקאַנט?.. און איך וויים, אז זי טאָר ניט ריידען, אבער פערוועהרען איהר צו ריידען, פערוועהרען אויף אן אמת, שטרענג — דאס קען איך ניט... איך טהו זיך אמאָל א כאפ אָן פאר'ן קאָפּ און פרעג זיך: „גזלן, גזלן, וואס טהוסטו?" אָפּט נעהמט זי אָן מיין האנד און האלט, האלט, און קוקט, קוקט, לאַנג, לאַנג... דאן קעהרט זי זיך אָפּ, לאָזט ארויס א זיפץ און מאכט:

— וואס פאר א גוטינקער איהר זייט!

די הענד ברענען ביי איהר פלאם-פייער, די אויגען גרויסע, בלוי-שצענדיגע און שמאכטענדיגע און זי מורמעלט:

— יאָ, איהר זייט א וואוילער, א גוטער, ניט ווי אונזערע שכנים... ניין, ניט ווי זיי... ווי קומט עס, וואס איך האב אייך ביז איצט ניט געקאַנט!..

— אלעקסאנדרא אנדרעעוונא — מאך איך — בערוהיגט זיך... גלויבט מיר, איך פיהל עס... איך וויים ניט, מיט וואס איך האב עס פערדיענט... בערוהיגט זיך נור, איך בעט אייך, בערוהיגט זיך... אלעס וועט זיין גוט, איהר וועט געזונד ווערען...

— איך דארף אייך זאָגען — האט דער רופא צוגעלייגט, אויס-בויגענדיג זיך מיט'ן קערפער אין פאָראויס און פעררייסענדיג די ברעמען — מיט זייערע שכנים זיינען זיי געווען דערפאר פון ווייטען, ווייל די קליינע האבען פאר זיי ניט געפאסט און פאר די גרויסע, די רייכע, האבען זיי ניט געוואָלט אראָפּפאלען...

איך זאָג אייך, געווען א געבילדעטע פאמיליע, איך האב געהאל-טען פאר א גרויסער זכיה, צו זיין מיט זיי בעקאַנט.

די רפואה האט זי גענומען נור פון מיינע הענד... הויבט זיך אויף, די אָרימע, אויף די קישען, איך האלט זי אונטער, נעהמט די רפואה און טהוט א קוק אויף מיר אזוי, אזוי, אז דאס הארץ הויבט אָן ביי מיר צו טיאָכקען...

און דערווייל ווערט זי אלץ ערגער, ערגער און ערגער...

— זי וועט שטארבען — טראכט איך ביי זיך — זי וועט שטאר־בען....

אין'ם מוח מישט זיך מיר. איך וואלט אליין אריינגעקראכען אין א קבר....

און דא נאך קוקען אויף מיר און פארשען די מאמע, די שוועס־טער: ווי־וואס־ווען?...

— זי וועט גאנץ זיין — ענטפער איך זיי — זי וועט גאנץ זיין....

און וואס גאנץ זיין? ווי אזוי גאנץ זיין? דער מוח הויבט זיך ביי מיר!...

און איינמאל זיץ איך אזוי ביינאכט נעבען דער קראנקער ווידער אליין. די דיענסט כראפעט אויפ'ן קול. מען קען זי ניט בעשולדיגען, אנגעהארעוועט זיך פאר א גאנצען טאג.

די קראנקע האט זיך דעם גאנצען אויף־דער־נאכט געפיהלט זעהר שלעכט. די היץ האט זי פערמוטשעט. ביז האלבע נאכט האט זי זיך ארומגעווארפען; צום סוף איז זי געבליעבען ליעגען שטיל, אזוי ווי זאל האבען איינגעשלאפען. דאס לעמפעל ברענט זיך אין'ם ווינקעל פאר די הייליגע בילדער.

זיץ איך זיך מיר אזוי, ווייסט איהר, צונויפגעקארטשעט און דרעמעל...

פלוצים האט ווי עמיצער מיר אונטער דער זייט א שטויס געטהאן. איך האב זיך א כאפ געטהאן... מיין גאט! די קראנקע קוקט אויף מיר מיט אויסגעגלאצטע אויגען, מיט אן אפענעם מויל, מיט באקען פלאם־פייער...

— וואס איז אייך?..

— דאקטאר, איך וועל דאך שטארבען? — מאכט זי.

— זאל גאט אויסהיטען!

— ניין, דאקטאר, ניין, איך בעט אייך, זאגט מיר ניט, אז איך וועל לעבען, זאגט מיר ניט... אז איהר וואלט וויסען... איך בעט אייך, ווי גאט איז אייך ליעב — רעדט זי און אטהעמט בעת דעם גיך־גיך — זאגט מיר דעם אמת, בעהאלט ניט פון מיר מיין אמת'ע לאגע!... ווען איך וועל אויף זיכער וויסען, אז איך מוז שטארבען... דאן וועל איך אייך אלעס זאגען, אלעס!...

— אַלעקסאַנדראַ אַנדרעעוונאַ, גאָט איז מיט אייך!

— הערט, איך האב דאָך גאָר ניט געשלאָפען, איך קוק אויף אייך שוין לאַנג... אום גאָטעס ווילען... איך גלויב אייך, איהר זייט א וואוילער מענש, א עהרליכער מענש, איך בעשווער אייך מיט אַלעס, וואס איז אייך הייליג — זאָגט מיר דעם אמת! ווען איהר זאָלט וויסען, ווי נויטיג דאס איז פאר מיר... דאָקטאָר, איך בעט אייך, דאָקטאָר, זאָגט מיר: בין איך אין סכנות?...

— וואס זאָל איך אייך זאָגען, אַלעקסאַנדראַ אַנדרעעוונאַ, וואס קען איך אייך זאָגען?

— בין איך אין געפאַהר? זאָגט, דאָקטאָר, האט רחמנות!

— אַלעקסאַנדראַ אַנדרעעוונאַ — זאָג איך — איך וויל ניט לייקענען, אין געפאַהר זייט איהר, אבער גאָט וועט רחמנות האבען.

— איך וועל שטאַרבען! איך וועל שטאַרבען!

און זי האט זיך אקוראַט ווי דערפרעהט. איהר פנים האט אזוי פרעהלאָך גענומען שטראַהלען. איך האב זיך דערשראָקען.

— שרעקט זיך ניט, שרעקט זיך ניט — מאַכט זי — איך האב ניט מורא פאר דעם טויט.

זי האט זיך פּלוצים אויפגעהויבען און זיך אָנגעלעהנט אויף אן עלענבויגען.

— איצט... נו, איצט קען איך אייך אלעס זאָגען. איך בין אייך דאנקבאַר פון׳ם טיעפען הארצען. איהר זייט א וואוילער מענש, איהר זייט א בראַווער מענש און.... און איך ליעב אייך!...

איך קוק זי אָן, ווי א משוגענער, און אויפ׳ן הארצען איז מיר אוי־וועה...

— איהר הערט, איך ליעב אייך, איך ליעב אייך...

— אַלעקסאַנדראַ אַנדרעעוונאַ, מיט וואס האב איך אייער ליעבע פערדיענט?

— ניין, ניין, איהר פערשטעהט מיך ניט.... דו פערשטעהסט מיך ניט...

און פּלוצים האט זי אויסגעשטרעקט איהרע ביידע הענד, מיך פאר׳ן קאָפּ אָנגעכאַפּט און א קוש געטהאָן....

איהר וועט מיר גלויבען, איך האב שיעור־שיעור ניט גענומען שרייען... האב זיך א וואָרף געטהאָן אויף די קניע און איינגעגראָבען דעם קאָפּ אין די קישען.

זי שווייגט. איהרע פינגער ציטערען צווישען מיינע האָאָר. איך הער: זי וויינט. איך האב זי גענומען טרייסטען, בערוהיגען...

איך ווייס אליין ניט, וואס איך האב איהר דאָרט אָנגערעדט...

— איהר וועט דאס מיידעל אויפוועקען, אלעקסאנדרא אנדרעעווו־נא — רייד איך צו איהר — איך דאנק אייך... גלויבט מיר... בערוהיגט זיך...

— נו, גוט, גוט — האט זי גערעדט — וועלען זיי זיך אויפכאַ־פּען, וועלען זיי קומען — ניט אלץ איינס... איך שטארב דאָך סיי־ווי־סיי?... און דו, וואס האָסטו זיך דערשראָקען? הויב אויף דעם קאָפּ... קוק אויף מיר... אדער, איהר האט מיך ניט ליעב? עס קען זיין, אז איך האב א טעות געהאט... אויב אזוי, אויב אזוי, ענטשול־דיגט, זייט מיר מוחל...

— אלעקסאנדרא אנדרעעוונא, וואס רעדט איהר?... איך ליעב אייך, אלעקסאנדרא אנדרעעוונא!

זי האט א קוק געטהאָן גלייך מיר אין די אויגען און געעפענט איהרע ארעמס.

— נו, טאָ נעהם־זשע מיך ארום! — האט זי ארויסגעשעפּטצעט.

איך זאָג אייך דעם אמת: איך ווייס נאָך עד היום ניט, ווי אזוי איך בין יענע נאכט ניט משוגע געוואָרען.

איך פיהל, אז די קראנקע קוילעט זיך אוועק, זעה, אז זי איז ניט אין גאנצען ביים זינען; פערשטעה אויך, ווען ניט דער געדאנק וועגען טויט, וואָלט זי גאָר ניט וועלען א קוק טהאָן אין מיין זייט...

ווי איהר ווילט זיך, א יונג מיידעל פון פינף און צוואנציג יאָהר איז זעהר שווער צו שטארבען, ניט האָבענדיג פערזוכט דעם טעם פון ליעבע... אָט דאָס האָט זי געמוטשעט... און דערפאַר האָט זי אויס פערצווייפלונג זיך אָנגעכאַפּט כאָטש אָן מיר... איצט פערשטעהט איהר שוין?...

זי לאָזט מיך ניט אַרויס פון איהרע הענד.

— האָט רחמנות איבער מיר, אלעקסאנדרא אנדרעעוונא, און איבער זיך אליין — בעט איך זיך ביי איהר.

— צו־וואס — זאגט זי — צו־וואס זיך זשאלעווען? איך וועל דאך סיי־ווי־סיי שטארבען... אט, ווען איך זאל וויסען, אז איך וועל געזונד ווערען, ווען איך זאל דארפען זיין אן ארענטליכע פריילין... נו, דאן... דאן וואלט איך עס געוויס ניט געטהאן, איך וואלט זיך געשעהמט... אבער אזוי וואס?...

— ווער האט אייך געזאגט, אז איהר וועט שטארבען?

— עך, גענוג, גענוג, דו וועסט מיך ניט נארען, דו קענסט ניט ליגען, טהו נור א קוק אויף זיך.

— איהר וועט לעבען, אלעקסאנדרא אנדרעעוונא, איהר וועט לעבען, איך וועל אייך געזונד מאכען, דאן וועלען מיר חתונה האבען... אייער מוטער וועט אונז איהר ברכה געבען און מיר וועלען זיין גליק־לאך...

— ניין, ניין, איהר האט מיר א ווארט געגעבען, איך מוז שטאר־בען... דו האסט מיר צוגעזאגט... דו האסט מיר פערשפראכען...

ביטער איז מיר געווען, זעהר ביטער מחמת א סך טעמים...

בעדענקט נור, וואס עס קאן פאסירען אין אונזער וועלטעל: דאכט זיך, א נארישקייט, א קלייניגקייט, און עס טהוט וועה.

עס איז איהר איינגעפאלען צו פרעגען ביי מיר מיין נאמען, דאס הייסט מיין ערשטען נאמען. צום אונגליק, איז מיין נאמען טרי־פאן, טריפאן איוואנאוויטש.. אין דער היים האבען מיך אלע גערופען דאקטאר. איך האב זיך ניט געקענט העלפען, און זאג איהר: מיין נא־מען איז טריפאן, פריילין. האט זי די די אויגען פערזשמורעט, א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ און עפעס געזאגט אויף פראנצויזיש, אך, עפעס ניט קיין גוטעס, דערנאך האט זי זיך צולאכט, אויך ניט מיט א גוטען געלעכטער. אזוי האב איך מיט איהר פערבראכט א גאנצע נאכט.

אין דער פריה בין איך ארויס פון איהר צימער, ווי מיט א פער־טשאדעטען קאפ...

בייטאג נאכ'ן טהעע בין איך ווידער אריין צו איהר. גאט מיינער, גאט מיינער! עס איז שווער געווען זי צו דערקענען: א סך שעהנערע לייגט מען אין קבר.

ביי מיין עהרע שווער איך אייך, ביי אלעס, וואס מיר איז הייליג, איך פערשטעה היינט ניט, איך פערשטעה לחלוטין ניט, ווי אזוי האב איך עס דאן אלעס איבערגעטראגען!..

דריי טעג און דריי נעכט נאָך האָט זי, נעבאָך, זיך נאָך אַפּגעמו־טשעט. אוי וואָס פאַר נעכט! וואָס זי האָט מיר אָנגערעדט!...

און אין דער לעצטער נאַכט — שטעלט זיך נור פאָר — זיץ איך נעבען איהר אויף דער בעט און בעט ביי גאָט איינס: ער זאָל זי וואָס גיכער צונעהמען און מיך מיט איהר... פּלוצים קומט אריין די אלטע, די מאַמע. איך האָב נאָך מיט א נאַכט פריהער געזאָגט דער אלטער, אז קיין האָפנונג איז ניטאָ און אז עס וואָלט ניט שאַדען, צו שיקען נאָך א גלח.

אז די קראַנקע האָט דערזעהן איהר מוטער, האָט זי געזאָגט:

— גוט, וואָס דו ביזט דאָ... קוק אונז אָן, מיר האָבען ליעב איי־נער דעם אנדערן... מיר האָבען געגעבען א וואָרט איינער דעם אנ־רען...

איך בין געבליבען א טויטער מיט די ביינער...

— זי רעדט פון היץ, פון היץ — מאַך איך.

און זי:

— נו, נו, וואָס שעהמסטו זיך? דו האָסט שוין פערגעסען, וואָס דו האָסט מיר ערשט געזאָגט? האָסט פערגעסען, אז דו האָסט ביי מיר א רינג גענומען... וואָס האָסטו מורא? מיין מאַמעניו איז א גוטע, זי וועט מוחל זיין.. זי וועט פערשטעהן... איך שטאַרב, איך דאַרף ניט ליינען, גיעב מיר דיין האַנד...

איך בין אויפגעשפּרונגען און בין ארויסגעלאָפען.

פערשטעהט זיך, אז די אלטע האָט אלעס פערשטאַנען, וואָס צווי־שען מיר און דער קראַנקער איז פאָרגעקומען...

איך וועל אייך לענגער ניט מוטשען. און מיר אליין, דעם אמת גע־זאָגט, זיינען די דאָזיגע עראינערונגען אויך ניט זעהר אנגענעהם...

אויפ׳ן צווייטען טאָג איז זי געשטאָרבען. א ליכטיג גן עדן זאָל זי האָבען! — האָט מיין רופא ארויסגערעדט אין איין אָטהעם און א זיפץ געטהאָן.

פאַר׳ן טויט האָט זי געבעטען אלעמען ארויסגעהן, בכדי איך זאָל בלייבען מיט איהר אויג אויף אויג.

— פערצייהט מיר — האָט זי מיר געזאָגט — אפשר בין איך געגען אייך שולדיג... די קראַנקהייט... אָבער גלויבט מיר, קיינעם האָב

איך נאָך אזוי ניט געליעבט ווי אייך... פערגעסט מיך ניט... בעהאַלט מיין רינג...

דער רופא האָט זיך אָפּגעקעהרט, איך האָב איהם אָנגענומען פאַר׳ן האַנד.

— עך — האָט ער זיך אונטערבראָכען — זאָלען מיר ריידען וועגען עפּעס, פּרעהליכערעס, אָדער לאָמיר גאָר מאַכען אַ פּרעפּעראַנסעל אויף קליינע געלד... אונזערן אַ מענשען פּאַסט זיך ניט אָפּצוגעבען צו אַזעלכע ערהאַבענע געפיהלען... אונזערער אַ מענש דאַרף נור טראַכטען וועגען איינס: די קינדערלאַך זאָלען האָבען וואָס צו לייגען אין די פּיסקעס אריין און דאָס ווייב זאָל קיין טענות ניט האָבען... זייט יענער צייט האָב איך דאָך שוין חתונה געהאַט, וואָס מען רופט, געזעצליך... ווי־דען? גענומען אַ סוחר'ס אַ טאָכטער, זיעבען טויזענד רובעל נדן... מען רופט זי אַקולינע, פּאַסט זיך צו טריפאָן... אַ בחור'טע, מוז איך אייך זאָגען, אַ שלאַק, אַן ארורה, איין נס, וואָס זי פּאָפּט אַ גאַנצען טאָג... וואָס הערט זיך מכוח דעם פּרעפעראַנסעל?

מיר האָבען זיך געזעצט שפּיעלען מיט אַ קאָפּיקע אין קאָן. טריפאָן איוואַנאָוויטש האָט ביי מיר געוואונען צוויי רוביל מיט אַ האַלב און איז אַוועק שפּעט, שטאַרק צופריעדען מיט זיין געווינס.



# אַ צוזאַמענקונפט

איך בין געזעסען אין אַ וועלדעל פון בירקענ־בוימער. דאָס איז געווען אין יעסין, אַרום מיטען סעפּטעמבער.

דאָס וועטער האָט זיך אָפט געביטען: דאָ האָט געזייהט אַ קליין רעגענדעל און באַלד האָט די זונן וואַרעם געשיינט. דאָ האָט זיך דער הימעל פערצויגען מיט ווייסע, פּוכקע וואָלקענס און דאָ האָט ער פּלוּ־צים ערטערווייז זיך אויסגעלייטערט אויף אַ רגע, און דעמאָלט האָט פון צווישען די פונאַנדערגערוקטע וואָלקענס אַרויסגעקוקט אַ הימעל־בלויקייט, אַ קלאָהרע און אַ פריינדליכע, ווי אַ פערכטיג אויג.

איך בין געזעסען, האָב געקוקט אַרום זיך און זיך צוגעהערט. די בלעטער האָבען קוים־קוים גערוישט איבער מיין קאָפּ; פון זייער רוי־שען אַליין האָט מען געקאָנט וויסען, וואָס פאַר אַ צייט פון יאָהר איז דעמאָלט געווען. דאָס איז ניט געווען דער פרעהליכער, לאַכענדיגער צאַפּעל פונ'ם פריהלינג, ניט דאָס צאַרט שושקעריי, ניט דער לאַנגער שמועס פונ'ם זומער, ניט דאָס אונזיכערער, קאַלט געמורמעל פונ'ם שפּעטען יעסין, נור אַ פערשלאָפען געפּלוידער איז דאָס געווען וואָס מען האָט קוים־קוים געהערט.

אַ שוואַך ווינטעל איז קוים־קוים געקראָכען איבער די שפּיצען פון די בוימער. איגוועניג אינ'ם וועלדעל, וואָס איז פייכט געווען פונ'ם רעגען, האָט נאָכאַנאַנד אַנדערש אויסגעזעהן. זון און וואָלקען האָבען זיך דאָרט אָפּגעשפּיעגעלט. אָט האָט דאָרט מיט אַמאָל אַלעס געגומען שטראַהלען און שמייכלען: די דינע שטאַמען פון די שיטערע בירקענ־בוימער האָבען פּלוצים אָנגענומען דעם צאַרטען אָפּגלאַנץ פון ווייסען זייד, די קליינע בלעטלאַך, וואָס זיינען אויף דר'ערד געלעגען, האָבען זיך מיט אַמאָל אָנגעצונדען און געפינקעלט מיט פּורפּור־רויטען גאָלד, און די שעהנע צווייגלאַך פון די הויכע, געקרויזטע פליעגעל־שטעקלאַך

(פּאַפּאַראַטניקעס), וועלכע זיינען שוין בעפאַרבט געוועזן פון יעסין־קאָליר, עהנליך צו דעם קאָליר פון איבערגערייפטע וויינטרויבען, האָ־בען, מישענדיג זיך און פלאָנטערענדיג זיך, געמיניעט פאַר די אויגען; און דאָ האָט זיך ווידער פּלוצים אַלעס אַרום פערצוויגען מיט אַ בלוי־קייט: די העלע פאַרבען האָבען זיך גלייך געגומען לעשען; די בירקען־בוימער זיינען אַלע שטעהן געבליבען ווייסע, אָהן אַ שום גלאַנץ, ווייסע, ווי אָקאָרשט ארויסגעפאַלענער שנעע, וואָס איז נאָך ניט געהאַט בע־ריהרט געוואָרען פון די גלייכגילטיג־שפּיעלענדיג שטראַהלען פון דער ווינטערדיגער זון, און פער'גנב'עט, און כיטרע האָט געגומען זייהען און שעפּצען איבער'ן וואַלד אַ קליין רעגענדעל.

די בלעטער אויף די בירקען־בוימער זיינען געוועזן נאָך כמעט אין גאַנצען גרין, כאָטש, קאָנטיג, זיי זיינען בלייכער געוואָרען; נור וואו־ניט־וואו איז געשטאַנען אַן איינציג בירקען־בוים'ל, אַ יונגס, אין גאַנצען אַ רויטס, אָדער אַ גאָלדענס, און עס איז ווערט געוועזן צו זעהן, ווי העל דאָס בוימעלע האָט אויפגעפלאַמט געגען דער זון, בעת איהרע שטראַהלען האָבען זיך מיט אַמאָל דורכגעשלאָגען, פּויזענדיג און פינקלענדיג, צווישען דעם געדיכטען נעץ פון די דינע בלעטלאָך, וואָס דער רעגען האָט נור־וואָס אָפּגעוואַשען.

קיין איין פויגעל האָט מען ניט געהערט: אַלע האָבען זיך פער־בעהאַלטען און אנשוויגען געוואָרען; נור צייטענווייז האָט געקלונגען, ווי אַ שטאָלען גלעקעלע, דאָס שפּאָטיש קולכ'על פון דער סיניצע (קאָהלמייזע).

איידער איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אין דעם דאָזיגען בירקען־וועלדעל, בין איך מיט מיין הונד דורכגעגאַנגען אַ וואַלד פון הויכע עספּען־בוימער.

איך בין זיך מודה, איך האָב ניט שטאַרק ליעב די עספּען־בוימער (אסינאָווע בוימער), מיט זייערע בלייך־לילאָווע שטאַמען און די גרוי־גרינליכע, מעטאַלישע בלעטער, וועלכע זיי פערדרייסען וואָס העכער אין דער לופטען און צושפּרייטען דאָרט, ווי אַ ציטערענדיגען פעכער; איך האָב ניט ליעב דאָס שטענדיג וויגעניש פון זייערע רונדע, ניט־זויבערע בלעטער, וואָס זיינען אומגעלומפּערט צוגעטשעפּעט צו די לאַנגע צווייגלאַך. זיי געפעהלען מיר בלויז אין מאַנכע זומערדיגע פאַרנאַכטען, בעת ארויסטרעטענדיג איבער די אַרומיגע ניעדריגערע

בוימער, קוקען זיי גלייך די פייער־רויטע שטראַהלען פון דער אונטער־געהענדיגער זון אין פּנים אריין און בלישצען און ציטערען פון אויבען ביז אַרונטער, פערגאָסענע מיט איין געלען אָפּשיין. אָדער זיי געפעהלען מיר אַמאָל אין אַ העלען טאָג, בעת אַ ווינד בלאָזט, דעמאָלט צאַפּלען זיי זיך אין גאַנצען און מורמלען צום בלויען הימעל, און יעדעס בלאַט זייערס רייסט זיך און צאַפּעלט זיך, ווי עס וואָלט זיך געוואָלט פונ'ם צווייג אָפּרייסען, אַרונטערפליהען און אוועקגעטראָגען זיך העט אין דער ווייטער ווייטקייט. בכלל אָבער האָב איך ניט ליעב די דאָזיגע בוי־מער און דערפאַר האָב איך זיך ניט אָפּגעשטעלט רוהען אין דעם עספּענ־וואַלד און בין ליעבערשט אוועק ווייטער, ביז איך בין צוגע־קומען צו דעם בירקענ־וועלדעל. דאָרט האָב איך זיך אוועקגעלייגט אונטער אַ בוים מיט ניעדריגע צווייגען, וואָס האָבען מיך בעשיצט פונ'ם רעגען, און, אָנגעקוקט זיך מיט פערגעניגען אויף דעם ארומיגען לאַנדשאַפט, בין איך אַנשלאָפען געוואָרען מיט יענעם זיסען רוהיגען שלאָף, וואָס איז בעקאַנט בלויז מענשען, וואָס געהען אויף געיעג.

איך קען ניט זאָגען, ווי לאַנג איך האָב אַזוי געשלאָפען, נור בעת איך האָב זיך אויפגעכאַפּט און די אויגען געעפענט, איז דער גאַנצער וואַלד אָנגעפילט געווען מיט זון, און אין אַלע זייטען, דורך די פרעה־לאַך־רוישענדיגע בלעטער, האָט ארויסגעקוקט און עפּעס ווי געפינ־קעלט דער העל־בלויער הימעל; די וואָלקענס האָבען זיך בעהאַלטען, צוטריעבען פון דעם צוהוליעטען ווינד; דאָס וועטער האָט זיך אויסגע־לייטערט, און אין לופטען האָט זיך געפיהלט יענע אייגענאַרטיגע, טרו־קענע פרישקייט, וועלכע, וועקט אויף אינ'ם הארצען אַ בעזונדערע מונטערקייט און זאָגט אָן כמעט אַלע מאָל אין פאָראויס אַ שטילען און העלען אבענד נאָך אַ רעגענדיגען טאָג.

איך האָב שוין געוואָלט אויפהויבען זיך און ווידער אַמאָל פּרובען מיין מזל אויפ'ן געיעג, ערשט פּלוצים זיינען מיינע אויגען שטעהן געבליבען אויף אַן אונבעוועגליכער מענשליכער געשטאַלט.

איך האָב זיך איינגעקוקט: דאָס איז געווען אַ יונגע פּויערען־מיידעל.

זי איז געזעסען אַ טריט צוואַנציג פון מיר, דעם קאָפּ פערטראַכט איינגעבויגט און אַרונטערגעלאָזט ביידע הענד אויף די קניע; אויף איינער פון די קניע, וואָס איז אויף אַ העלפט געווען געבלויזט, איז גע־

לעגען א בינטעל פון פעלד־בלומען און יעדעס מאָל, בעת דאָס מיידעל האָט דעם אָטהעם א ציה געטהאָן, האָט דאָס בינטעל זיך פּאַוואָלינקע באַוועגט איבער דאָס קלייד אין קעסטעלאַך.

א רייז, ווייס העמד, פערשפּיעלעט ביים האַלז און עלענבויגענס, האָט זי געטראָגען, מיט קליינע, ווייכע פאַלדען ארום דער טאַליע; צוויי שנירלאַך גרויסע געלע קאראַלען האָבען בעפּוצט איהר האַלז און ברוסט.

גאָר ניט קיין מיאוס מיידעל. געדיכטע בלאָנדע האָאָר פון פּרעכ־טיגען אש־קאָליר זיינען פערקאַמט געווען האַלב רונד און צוטהיילט אין מיטען דורך א העל רויטען בענדעל, ארונטערגערוקט כמעט אויפ'ן סאַמען שטערן, א ווייסען, ווי עלפאנט־ביין; די איבריגע טהייל פון איהר פּנים איז געווען עטוואָס פערברענט, ברוין, מיט יענער גאָלדענער ברוינקייט, וואָס נעהמט אָן אויף זיך בלויז א דינע הויט.

איך האָב געקענט זעהן איהרע אויגען — זי האָט זיי געהאַלטען ארונטערגעלאָזט; איך האָב אָבער געזעהן איהרע דינע, הויכע ברע־מען, איהרע לאַנגע אויגען־לעדלאַך: זיי זיינען געווען פייכט און אויף איין באַק איהרער האָט געבלישצעט געגען דער זון א פערטריי־קענטער שפּור פון א טרעהר, וואָס האָט זיך ארונטערגעקייקעלט און איז שטעהן געבליבען אויף די סאַמע ליפּען איהרע.

איהר קעפּעלע אין גאַנצען איז געווען זעהר ליעב; אפילו די עט־וואָס גראָבע און רונדע נאָז האָט עס ניט פער'מיאוסט.

מעהר פון אַלעס אין איהר איז מיר געפעהלען געווען דער אויס־דרוק פון איהר פּנים. אַן איינפאַכער און א גוט־הערציגער, א טרויע־ריגער און עפּעס א קינדערש־פערוואונדערטער, אזוי ווי זי וואָלט איבערראַשט געווען פון איהר אייגענער טרויעריגקייט.

קענטיג, זי האָט אויף עמיצען געוואַרט. אינ'ם וואַלד האָט עפּעס שוואַך א שאָרשקע געטהאָן. זי האָט גלייך אויפגעהויבען דעם קאָפּ און זיך אומגעקוקט; אין דעם דורכזיכטיגען שאָטען האָבען שנעל פאַר מיר א מיניע געטהאָן איהרע אויגען, גרויסע, ליכטיגע און צושראָקענע, ווי ביי א הירש.

א ווייל'ע האָט זי זיך צוגעהערט, איינעסענדיג זיך מיט די ווייט אויסגעגלאָצטע אויגען אין יענער ריכטונג, פון וואַנען דאָס שוואַך שאָרש האָט זיך דערהערט, האָט א זיפץ געטהאָן, פּאַוואָלינקע דעם

קאָפּ אַ קעהר געטהאָן, נאָך ניעדריגער איהם אַרונטערגעלאָזט און לאַנג־זאַם גענומען איבערקלייבען די בלומען.

די ברעמען זיינען רויט געוואָרען, ביטער האָבען אַ ציטער גע־טהאָן די ליפּען און אַ פרישע טרעהר האָט זיך אַרויסגעקייקעלט פון אונטער די לאַנגע אויגען־לעדלאַך, אָפּגעשטעלט זיך אויף אַ באַק און געבלישצעט געגען דער זון.

אַזוי איז אַוועק אַ היבשע צייט; דאָס מיידעל האָט זיך ניט גערירט, האָט נור צייטענוויז פערצווייפעלט אַ מאַך געטהאָן מיט די הענד און זיך צוגעהערט, אַלץ צוגעהערט...

ווידער האָט עפּעס אַ גערויש געטהאָן אין'ם וואַלד, זי האָט זיך ווידער אַ צאַפּעל געטהאָן.

דאָס גערויש האָט ניט אויפגעהערט, איז געוואָרען דייטליכער, האָט זיך געהערט אַלץ נעהענטער, נעהנטער און צום סוף האָבען זיך דערהערט פעסטע, שנעלע טריט.

זי האָט זיך אויסגעגלייכט און איז ווי צומישט געוואָרען; איהר אויפמערקזאַמער בליק האָט אַ ציטער געטהאָן, מיט ערוואַרטונג, דאַכט זיך.

צווישען די בוימער האָט זיך בעוויזען אַ געשטאַלט פון אַ מאַנס־פּאַרשוין.

זי האָט זיך איינגעקוקט, האָט פּלוצים אין גאַנצען זיך אָנגעצונ־דען, פרעהלאַך און גליקלאַך אַ שמייכעל געטהאָן, געוואָלט זיך אויפ־הויבען און זיך גלייך ווידער אַרונטערגעלאָזט, איז בלייך און צומישט געוואָרען, און ערשט דעמאָלט האָט זי אויפגעהויבען איהר ציטערענדי־גען, כמעט בעטענדיגען בליק אויף דעם אָנגעקומענעם מאַנספּאַרשוין, בעת ער איז שוין געשטאַנען נאָהענט נעבען איהר.

איך האָב מיט נייגעריגקייט אַ קוק געטהאָן אויף איהם פון מיין בעהעלטעניש. ער האָט ניט געמאַכט אויף מיר קיין גוטען איינ־דרוק.

ער איז, קאָנטיג, געוועזען עפּעס אַ צובאַלאָוועטער קאַמערדינער פון אַ יונגען, רייכען פּריץ.

לויט זיין קליידונג האָט מען געקאָנט זעהן, אַז ער האָט פּרעטענ־זיעס אויף געשמאַק און אַז ער האַלט זיך פאַר אַ גרויסען פּראַנט.

ער האָט געטראָגען אויף זיך אַ קורצען אויבער־ראָק פון בראָנז־קאָ־

ליר, מסתמא, וואס זיין פריץ האט פריהער געטראגען, פערשפּילעט ביז אויבען, א ראז האלזטוך מיט לילאווע עקען און א סאמעטענעם, שוואר־צען קארטוז מיט א גאלדענער ליוורעע, אנגערוקט ביז איבער די ברע־מען. דער רונדער קאלנער פון זיין ווייסען העמד האט איהם אהן רחמנות אונטערגעשפּארט די אויערען און געשניטען די באקען, און די געקראכמאלעטע מאנזשעטען האבען איהם פערדעקט די הענד אין גאנ־צען ביז די רויטע, קרומע פינגער, וועלכע זיינען בעפּוצט געוועזען מיט זילבערנע און גאלדענע רינגען מיט שטיינדלאך.

זיין פּנים, א רויטער, א פרישער און א פרעכער, האט געהערט צו יענעם מין פּנים׳ער, וואס ביי די מענער רופען זיי אימער ארויס פעראכטונג און ביי די פרויען האבען זיי, ליידער, ניט זעלטען ער־פאלג.

ווי מען האט געקאנט זעהן, האט ער געזוכט ארויפציהען אויף זיין גראבען פּנים א לאנגווייליגען און פערעכטליכען אויסדרוק, האט נאכא־נאנד געקנויטשט זיינע, אהן דעם אויך, קליינצינקע־גרוי־מילכיגע אויי־געלאך, האט זיך געקרימט, געדרעהט מיט די ווינקלען פון די ליפּען, האט געצוואונגען געגענעצט און מיט א געמאכטער אפּגעלאזענקייט אין פרייען האלטען זיך, כאטש ניט שטארק געשיקט, האט ער דא געגלעט זיינע וואזשנע־פערדרעהטע וואנצעס און דא האט ער געשציפּלעט די געלע הערלאך, וואס האבען ארויסגעשטעקט אויף זיין אויבערשטער דיקער ליפּ, — מיט איין ווארט, ער האט זיך מורא׳דיג איבערגענומען און די נאז געריסען.

און איבערנעהמען האט ער זיך אנגעהויבען, ווי נור ער האט דער־זעהן דאס פויערען־מיידעל, וואס האט אויף איהם געווארט; לאנגזאם, מיט שטאלצע טריט איז ער צוגעגאנגען צו איהר, געשטאנען א ווייל, האט א קנייטש געטהאן מיט די אקסלען, פעררוקט ביידע הענד אין די קעשענעס פון זיין אויבער־ראק און, א ווארף געטהאן אויף איהר א שנעלען און גלייכגילטיגען בליק, האט ער זיך ארונטערגעלאזט אויף דער ערד.

— נו, וואס — האט ער אנגעהויבען, קוקענדיג אלץ אן א זייט, שאקלענדיג מיט א פוס און גענעצענדיג: — ביזט שוין לאנג דא?

דאס מיידעל האט איהם ניט געקענט ענטפערען.

— לאַנג, וויקטאָר אַלקסאַנדריטש — האָט זי צום סוף אַרויס־גערעדט מיט אַ קול, וואָס מען האָט קוים־קוים געהערט.

— אַזוי!

ער האָט אַרונטערגענומען דעם קאַרטוז, מיט גדלות אַ פּיהר געטהאָן אַ האַנד איבער די געדיכטע, שטייף־אָנגעקרויזטע האָאָר, וואָס האָבען זיך אָנגעהויבען כמעט פון די ברעמען אָן און, אַ קוק געטהאָן מיט ווירדע אַרום זיך, האָט ער ווידער אַרויפגעטאָן דעם קאַרטוז אויף זיין טהייערען קאָפּ.

— איך האָב גאָר פערגעסען — האָט ער ווידער אָנגעהויבען — און חוץ דעם, דער רעגען! (ער האָט ווידער אַ גענעץ געטהאָן). איך בין זעהר פערנומען. איך האָב אַ סך זאַכען אויפ׳ן קאָפּ. מען דאַרף דאָס, יענעס בעזאָרגען. ניט אַלעס קען מען געדענקען, און יענער בייזערט זיך נאָך. מאָרגען פאָהרען מיר.

— מאָרגען? — האָט דאָס מיידעל אַרויסגערעדט און איהם אָנגעקוקט צושראָקען.

— מאָרגען... נו, נו, נו, איך בעט דיך — האָט ער אונטערגעכאַפּט שנעל און מיט פּערדרוס, בעמערקענדיג, אַז זי האָט זיך אין גאַנצען אַ צאַפּעל געטהאָן און דעם קאָפּ אַרונטערגעלאָזט: — איך בעט דיך, אַקולינע, נור ניט געוויינט, דו ווייסט, ווי איך קען עס ניט פערטראָגען! (ער האָט פערקרימט זיין טעמפּע נאָז) אַניט געה איך גלייך אַוועק... וואָס פאַר אַ נאַרישקייטען... וויינען גאָר!

— נו, ניט, נו, ניט, איך וועל ניט וויינען — האָט אַקולינע זיך אַ כאַפּ געטהאָן מיט אַן אימפּעט, אַרונטערשלינגענדיג איבערגעוואַלד די טרעהרען: — הייסט עס, מאָרגען פאָהרט איהר? — האָט זי צוגעלייגט נאָך אַ קורצען שווייגען — גאָט ווייס, ווען מיר וועלען זיך אַמאָל ווידער זעהן מיט אייך, וויקטאָר אַלעקסאַנדריטש!

— מיר וועלען זיך זעהן, זעהן. איז ניט איבער אַ יאָהר — איז שפּעטער ווען־עס־איז. דער פּריץ, דאַכט זיך, פאָהרט אין פּעטערסבורג, אין דיענסט וויל ער אַריינטרעטען — האָט ער גערעדט ווייטער, ציהענדיג די ווערטער פויל און אין נאָז: — און אפשר וועלען מיר גאָר פאָהרען אין אויסלאַנד.

— איהר וועט מיך פערגעסען, וויקטאָר אַלעקסאַנדריטש — האָט אַקולינע אַרויסגעמורמעלט טרויעריג.

— ניין, פאַרוואָס עפּעס? איך וועל דיך ניט פערגעסען; דו נור זיי אַ קלוגע, דו זאָלסט זיך ניט נאַרריש מאַכען און דו זאָלסט פאָלגען דיין טאַטען... און איך וועל דיך ניט פערגעסען — נ־נ־ניין!

און ער האָט רוהיג זיך אַ ציה געטהאָן און ווידער אַ גענעץ געטהאָן.

— פערגעסט מיך ניט, וויקטאָר אַלעקסאַנדריטש — האָט זי ווייטער געררעדט מיט אַ בעטענדיגען קול — איך האָב, דאַכט זיך, אייך אַזוי ליעב געהאַט, אַלעס, דאַכט זיך, וואָלט איך פאַר אייך... איהר זאָגט, איך זאָל דעם טאַטען פאָלגען, וויקטאָר אַלעקסאַנדריטש... אָבער ווי קען איך פאָלגען מיין טאַטען...

— וואָס איז?

ער האָט די ווערטער ארויסגערעדט, ווי מיט'ן בויך, ליגענדיג אויפ'ן רוקען, מיט די הענד פערלייגט הינטער'ן נאַקען.

איהר ווייסט דאָך, וויקטאָר אַלעקסאַנדריטש, איהר ווייסט דאָך אליין...

זי איז אַנשוויגען געוואָרען. וויקטאָר האָט אַ ווײַלע געשפּיעלט מיט דער שטאָהלענער קייטעל פון זיין זייגער און דאַן האָט ער געזאָגט:

— דו, אַקולינע, ביזט ניט קיין נאַריש מיידעל, דערפאַר רייד ניט קיין נאַרישקייטען. איך מיין דיין טובה, פערשטעהסטו מיך? אמת, איך גיעב צו, דו ביזט ניט קיין נאַר, ניט אין גאַנצען אַ פּויערטע, אַזוי צו זאָגען, און דיין מאַמע איז אויך ניט אַלע מאָל געווען אַ פּויערטע; דאָך, דו ביזט ניט קיין געבילדעטע, הייסט עס, אַז דו מוזט פאָלגען, ווען מען זאָגט דיר.

— עס איז אָבער אַזוי מורא'דיג, וויקטאָר אַלעקסאַנדריטש.

— נאַרישקייטען, מיין ליעבע! ניטאָ וואָס מורא צו האָבען! וואָס איז עס ביי דיר — האָט ער צוגעלייגט און זיך צוגערוקט צו איהר נעהענטער: — בלומען?

— בלומען — האָט זי געענטפערט מרה'שחורה'דיג — די בלומען זיינען גוט פאַר קעלבער — האָט זי ווייטער גערעדט, ווערענדיג עטוואָס לעבהאַפטער: — און די זיינען גוט געגען זאָלאָטוכע. און די... קוקט נור אָן, וואָס פאַר אַ שעהן בליימעלע: אַזאַ שעהן בליימעלע האָב איך נאָך אויף מיין לעבען ניט געזעהן. און די זיינען פערגעס־מיך־ניט

און די בלומען הייסען מאמעס־ליעבסטע... און אט די זיינען פאר אייך — האט זי צוגעלייגט, ארויסציהענדיג פון צווישען דעם בינטעל געלע פעלד־בלומען א קליין בינטעלע בלויע קארנבלומען, איבערגעבונדענע מיט א דין גרעזעלע: — איהר ווילט?

וויקטאר האט פויל אויסגעשטרעקט א האנד, גענומען, פויל א שמעק געטהאן די בלומען און גענומען זיי דרעהען צווישען די פינגער. בעת דעם האט ער מיט א פערטראכטער גדלות געקוקט ארויף צום הימעל.

אקולינע האט געקוקט אויף איהם.. אין איהר טרויעריגען בליק איז געלעגען אזא צערטליכע איבערגעבענהייט, דרך ארץ, הכנעה און ליעבע. זי האט אי מורא געהאט פאר איהם, אי וויינען ניט געוואגט, אי געזעגענט זיך מיט איהם, אי מיט די אויגען איהם געקושט צום לעצטען מאל; און ער איז געלעגען פונאנדערגעווארפען, ווי א סול־טאן, און האט מיט גרויסמוטהיגער געדולד און לייטזעליגקייט איהר ליעבע אריבערגעטראגען.

איך בין זיך מודה, זיין רויטער פנים, וועלכער האט אויסגע־דריקט דורך דער בלומרשט'דיגער גלייכגילטיגקייט א בעפריעדיגטע, אנגעזעטיגטע אייגענליעבע, האט מיך אויפגעבראכט.

אין דעם דאזיגען אויגענבליק איז אקולינע געוועזען אזוי שעהן: איהר גאנצע נשמה האט מיט צוטרויען און לייךענשאפטליך זיך גע־עפענט פאר איהם, האט זיך געריסען און געפלאטערט צו איהם, און ער... ער האט א ווארף געטהאן די קארנבלומען אויף די גראז, ארויס־גענומען פון בוזים־קעשענע א רונד גלעזעלע אין א בראנזען ראהמעל און גענומען עס דריקען אין אויג אריין. נור ווי ער האט זיך ניט גע־מארטערט איינצוהאלטען עס מיט דער פעררישענער ברעם, מיט דער פעררישענער באק און נאז אפילו, — דאס גלעזעל האט זיך אלץ ניט איינגעהאלטען אינ'ם אויג און איז איהם צוריק אין האנד געפאלען.

— וואס איז דאס? — האט, צום סוף, ארויסגערעדט די פער־וואונדערטע אקולינע.

— א לארנעט — האט ער געענטפערט מיט א וואזשנער מינע.

— וואס טויג דאס?

— מען זאל בעסער קאנען זעהן.

— ווייזט אקארשט.

וויקטאָר האָט זיך א קרים געטהאָן, אָבער האָט איהר גענעבען דאָס גלעזעל.

— זעה, דו זאָלסט עס נור ניט צוברעכען.

— נישקשה, איך וועל ניט צוברעכען.

— זי האָט עס ניט דרייסט צוגעטראָגען צום אויג.

— איך זעה גאָר נישט — האָט זי נאאיוו געזאָגט.

— דו מאַך נור צו דאָס אויג — האָט ער געזאָגט מיט א טאָן פון אַן אונצופריעדענעם לעהרער — ניט דאָס אויג, ניט דאָס אויג, בהמה! דאָס אַנדערע אויג! — האָט וויקטאָר א געשריי געטהאָן און, ניט געבענדיג איהר די מעגליכקייט צו פעריכטען דעם טעות, האָט ער ביי איהר אָפּגענומען דעם לאָרנעט.

אַקולינע איז רויט געוואָרען, א לאַך געטהאָן אין זיך און אָפּגע־קעהרט דעם קאָפּ.

— הפּנים, אַז אונז פּאַסט עס ניט — האָט זי ארויסגעמור־מעלט.

— איך מיין עפּעס!

זי האָט פערשוויגען און טיעף א זיפץ געטהאָן.

— אַך, וויקטאָר אַלעקסאַנדריטש, ווי וועלען מיר דאָ קענען לע־בען אָהן אייך! — האָט זי פּלוצים געזאָגט.

וויקטאָר האָט אויסגעווישט דעם לאָרנעט מיט א פּאָלע און איהם צוריק בעהאַלטען אין קעשענע.

— יאָ, יאָ — האָט ער צום סוף ארויסגערעדט — אַפריהער וועט דיר זיין שווער, אמת.

ער האָט איהר לייטזעליג א קלאַפּ געטהאָן איבער'ן אַקסעל, זי האָט שטיל ארונטערגענומען זיין האַנד פון איהר אַקסעל און זי ניט־דרייסט א קוש געטהאָן.

— נו, יאָ, אמת, דו ביזט א וואויל מיידעל — האָט ער גערעדט ווייטער מיט א זעלבסטצופריעדענעם שמייכעל — אָבער וואָס קען מען העלפען? בעדענק נור אליין! איך מיט'ן פּריץ קענען דאָך דאָ לענגער ניט פערבלייבען; באַלד קומט אָן דער ווינטער, און ווינטער אין דאָרף, ווייסט דאַך, וואָס פאַר א לעבען. גאַנץ אַנדערש איז אין פּעטערסבורג! דאָרט זיינען אַזוינע וואונדער, וואָס דו, בהמה, קענסט אפילו זיך אין חלום ניט פאָרשטעלען. וואָס פאַר א הייזער, וואָס פאַר

אַ גאַסען, היינט די געזעלשאַפט, די בילדונג — פּשוט וואונדער פון וואונדער!... (אַקולינע האָט זיך צוגעהערט צו איהם מיט געוואַלדיגער אויפמערקזאַמקייט, מיט פונאַנדערגעעפענטע ליפּען, ווי אַ קינד). אָבער —האָט ער זיך אַ כאַפּ געטהאָן, איבערקעהרענדיג זיך אויף די גראָז:

— וואָס דערצעהל איך עס דיר? דו קענסט עס ניט פערשטעהן!

— וואָרום עפּעס, וויקטאָר אַלעקסאַנדריטש? איך האָב פערשטאַנען; איך האָב אַלעס פערשטאַנען.

— אַזוי, אַז חכמה ביזטו? איך האָב גאָר ניט געוואוסט!

אַקולינע האָט דעם קאָפּ אַרונטערגעלאָזט.

— פריהער האָט איהר מיט מיר קיינמאָל אַזוי ניט גערעדט, וויקטאָר אַלעקסאַנדריטש — האָט זי אַרויסגערעדט, ניט אויפהויבענדיג דעם קאָפּ.

— פריהער?... פריהער! האָסטו געזעהן אַזאַ?... פריהער!

— האָט ער גערעדט מיט אַזאַ טאָן, ווי ער וואָלט ענטריסטעט געוועזן.

זיי ביידע זיינען אַנשוויגען געוואָרען.

— שוין צוגעהן אַהיים — האָט אין אַ ווײַלע אַרום אַרויסגערעדט וויקטאָר און זיך שוין אָנגעלעהנט אויף אַן עלענבויגען...

— וואַרט נאָך אַ וויילישקע — האָט מיט אַ בעטענדיגען קול אַרויסגערעדט אַקולינע.

— וואָס נאָך וואַרטען? איך האָב זיך דאָך מיט דיר שוין געזעגענט.

— וואַרט — האָט איבערגע׳חזר׳ט אַקולינע.

וויקטאָר האָט זיך ווידער אויסגעצויגען און גענומען פּייפען. אַקולינע האָט פון איהם די אויגען ניט אַרונטערגעלאָזט.

איך האָב געקאָנט בעמערקען, ווי זי האָט זיך ביסלעכווייז גענומען אויפרעגען: איהרע ליפּען האָבען געציטערט און אויף די בלייכע באַקען איז אַ רויטע פאַרב אַרויסגעטראָטען...

— וויקטאָר אַלעקסאַנדריטש — האָט זי צום סוף אַרויסגערעדט מיט מיה — איהר בעגעהט אַ זינד... איהר בעגעהט אַ זינד, וויקטאָר אַלעקסאַנדריטש! אַ גרויסע זינד, ביי גאָט שווער איך אייך!

— וואָס אַ זינד? — האָט ער געפרעגט, אָנגערוקט זיינע ברעמען און אַ קעהר געטהאָן צו איהר דעם קאָפּ.

— אַ זינד, וויקטאָר אַלעקסאַנדריטש. איהר וואָלט מיר כאָטש אַ גוט וואָרט געזאָגט ביים זעגענען זיך, כאָטש איין גוט וואָרט מיר, דער אונגליקליכער יתומה...

— וואָס ווילסטו זאָל איך דיר זאָגען?

— איך וויים ניט; איהר ווייסט עס בעסער, וויקטאָר אַלעקסאַנ־דריטש... אַט פאָהרט איהר אַוועק, און כאָטש איין וואָרט... מיט וואָס האָב איך עס ביי אייך פערדיענט?

— וואָס פאַר אַ מאָדנע דו ביזט! נו, וואָס קען איך?...

— כאָטש איין וואָרט...

— כאָטש איין וואָרט, איין וואָרט — האָט ער איהר איבערגע־מישט מיט כעס און איז אויפגעשטאַנען.

— זייט ניט בייז אויף מיר! — האָט זי מיט אימפּעט זיך אַ כאַפּ געטהאָן, שטיקענדיג אין זיך די טרעהרען.

— איך בין ניט בייז, אָבער דו ביזט אַ בהמה... וואָס ווילסטו? חתונה האָבען מיט דיר קען איך דאָך ניט? איך קען דאָך ניט? היינט וואָס־זשע ווילסטו פאַרט? וואָס?

ער האָט איינגעטופּעט דעם פּנים, אַזוי ווי ער וואָלט אויף איהר ענטפער געוואַרט, און צושפּרייט די פינגער.

— גאָר נישט... איך וויל גאָר נישט — האָט זי געענטפערט שטאַמלענדיג און קוים דערוועגענדיג זיך אויסצושטרעקען צו איהם איהרע ציטערענדיגע הענד: — נור אַזוי, כאָטש איין וואָרט צום אַנדענקען, כאָטש איין וואָרט...

און טרערען האָבען ביי איהר אַ שטראָהם געטהאָן.

— אַט האָסטו דיר די טרעהרען, איך האָב געוואוסט! — האָט וויקטאָר קאַלטבלוטיג געזאָגט און אַנגערוקט דעם קאַרטוז אויף די אויגען.

— איך וויל גאָר נישט —האָט זי גע׳טענה׳ט און געבליפּעט, צודעקענדיג דעם פּנים מיט ביידע הענד: — אָבער וואָס וועט פון מיר איצט ווערען אין דער היים, וואָס וועט פון מיר ווערען? וואָס וועט ווערט זיין מיין לעבען? פאַר אַ מאַן, וואָס איך וועל ניט ליעב האָבען, וועט מען מיך אויסגעבען, די יתומה... וואָס פאַר אַ פינסטערען מזל איך האָב!...

— זינג, זינג, טענה! — האָט וויקטאָר האַלב שטיל ארויסגעמורמלט, טרעטענדיג אויף איין אָרט.

— כאָטש איין וואָרט וואָלט ער געזאָגט, כאָטש איין... אַזוי און אַזוי, אַקולינע, אַזוי און אַזוי... איך... די טרעהרען האָבען זי גענומען שטיקען זי האָט, ניט געקענט ענדיגען דאָס, וואָס זי האָט געוואָלט זאָגען, האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן מיט'ן פּנים אויף די גראָז און האָט זיך ביטער־ביטער צו־וויינט...

איהר גאַנצער קערפּער האָט קאָנוואולסיוו געציטערט און דער נאַקען האָט זיך ביי איהר אַזוי געהויבען... די לאַנג־פערשטיקטע יסורים האָבען, צום סוף, זיך ארויסגעריסען אין שטראָמען...

וויקטאָר איז געשטאַנען נעבען איהר, געשטאַנען, אַ דריק געטהאָן מיט די אַקסלען, זיך אַ קעהר געטהאָן און איז אַוועק מיט שנעלע טריט.

עטליכע סעקונדען זיינען פאַראיבער... זי איז שטיל געוואָרען, אויפגעהויבען דעם קאָפּ, אויפגעשפּרונגען, אומגעקוקט זיך און אַ פּאַטש געטהאָן אין די הענד; געוואָלט לויפען נאָך איהם, אָבער די פיס האָבען זיך ביי איהר אונטערגעהאַקט — זי איז געפאַלען אויף די קניע...

איך האָב ניט אויסגעהאַלטען און זיך אַ וואָרף געטהאָן צו איהר; נור קוים האָט זי מיך בעמערקט — פון וואַנען האָבען זיך ביי איהר די כחות גענומען — האָט זי מיט אַ שוואַכען געשריי זיך אויפגעהויבען און איז פערשוואונדען צווישען די בוימער, איבערלאָזענדיג די צוּוואָרפענע בלומען אויף דר'ערד.

איך בין געשטאַנען אַ ווײַלע, האָב אויפגעהויבען דאָס בינטעל קאָרענבלומען און בין ארויס פונ'ם וואַלד אין פעלד.

די זון איז ניעדריג געשטאַנען אויף דעם בלייך־העלען הימעל, איהרע שטראַהלען זיינען אויך עפּעס ווי פערוועלקט און קאַלט געוואָרען; זיי האָבען ניט געלייכטעט, זיי האָבען זיך צוגאָסען מיט אַ גלייכען, כמעט וואַסערדיגען שיין. ביז נאַכט איז נאָך פערבליבען קוים אַ האַלב שעה און דער אָבענד־שטערן האָט זיך קוים־קוים אָנגעצונדען. אַ שניידענדיגער ווינד האָט שנעל זיך געטראָגען מיר אַנטקעגען איבער די געלע, אויסגעטריקענטע גאַרבען; מיט אַן אימפּעט האָט ער געטריבען איבער'ן וועג און פאַזע וואַלד די צוטריקענטע בלעטלאַך; די זייט פונ'ם וואַלד, וואָס האָט ארויסגעקוקט אויפ'ן פעלד, האָט אין

נאנצען געציטערט און געפינקעלט מיט א גלאנץ, קלאהר און דייט־ליך, אבער ניט גאנץ העל; אויף די רויטליכע גראז, אויף די שטוי־בעלאך, אויף די שטרויעלאך, אומעדום האבען געפינקעלט און געצי־טערט פערדעמלאך, פערדעמלאך אהן א צאהל פון יעסין־שפינוועבס.

איך האב זיך אפגעשטעלט... מיר איז שווער געווארען אויפ'ן הארצען; דורך דעם פרעהליכען, כאטש פרישען שמייכעל פון דע־וועלקענדיגער נאטור, האט זיך געדאכט, גנב'עט זיך די מרה שחורה'־דיגע מורא פון דעם נאהענטען ווינטער.

הויך איבער מיר, שווער און שארף שנייזענדיג די לופט מיט די פליעגלען איז דורכגעפלויגען א קראה, א קעהר געטהאן דעם קאפ, א קוק געטהאן אויף מיר פון דער זייט, האט זיך א הויב געטהאן הע־כער און איז קראקענדיג פערשוואונדען הינטער'ן וואלד.

א גרויסע סטאדע פון טויבען האט זיך מיט אן אימפעט דורכגע־טראגען פון שייער און פלוצים, א דרעה געטהאן זיך אין דער לופטען, ווי א זייל, האט זי זיך צונעזעצט איבער'ן פעלד מיט געפילדער — א סימן פון יעסין!

עמיצער איז דורכגעפאהרען מיט א ליארם הינטערן נאקעטען בערגעל אויף א לעבעדיגען וואגען...

איך האב זיך צוריקגעהערט אהיים; אבער די געשטאלט פון דער ארימער אקולינע'ן האט זיך א לאנגע צייט געטראגען פאר מיינע אויגען און איהרע קארען־בלומען, שוין לאנג פערוועלקטע, געפינען זיך ביי מיר נאך ביז היינט...



# דער טאָגעבוך פון אַן איבעריגען מענשען

דאָס דערפעל אָוועטשי־וואָדי,

דעם 20טען מערץ פון יאָהר 18...

דער דאָקטאָר איז נאָר וואָס פון מיר אַוועקגעפאָהרען. ענדליך בין איך דערגאַנגען אַ טאָלק! ווי ער האָט זיך נישט געקליגעלט, האָט ער צום סוף פאָרט געמוזט ארויסריידען דעם אמת. יאָ, איך וועל שנעל, זעהר שנעל שטאַרבען. דער אייז אויף די טייכען וועט ברעכען, און איך וועל מיט דעם לעצטען שנעע מסתמא אַוועקשווימען... וואוהין? גאָט ווייסט! אויך מסתמא אין ים אריין. נו, מילא! אז שוין יאָ שטאַרבען, זאָל איך כאָטש שטאַרבען אין פריהלינג. אָבער איז עס נישט אַ געלעכטער אָנצוהויבען שרייבען אַ טאָגע־בוך, אפשר צוויי וואָכען פאר'ן טויט? וואָס מאַכט עס אויס? און מיט וואָס זיינען פערצעהן טעג ווייניגער פון פערצעהן יאָהר, פון פערצעהן יאָהר הונדערטע? אַנטקעגען דער אייביגקייט, זאָגט מען, איז אַלץ גאָרנישט... יאָ; אָבער אויף אַזאַ אופן איז די אייביגקייט אליין אויך גאָרנישט. איך קריך, דאכט זיך, אריין אין פילאָזאָפיע: אַ שלעכטער סימן — צו האָב איך זיך אקארשט ניט דערשראָקען און האָב מורא? — איך וועל בעסער גאָר עפּעס נעהמען דערצעהלען. אויף דרויסען איז פייכט, ווינטיג — ארויסגעהן איז מיר פאַרבאָטען. וואָס־זשע זאָל איך דערצעהלען? וועגען זיינע קראַנקהייטען רעדט קיין אַנשטענדיגער מענש ניט; אפשר גאָר פערפאַסען אַן ערצעהלונג? — אָבער דאָס איז נישט מיין זאַך; הקירות וועגען הויכע ענינים — זיינען ניט פאַר מיינע כוחות; בעשרייבונגען פון דעם ארומיגען לעבען — זיינען אפילו פאַר מיר אליין אויך נישט אינטערעסאַנט; און גאָרנישט טהאָן איז לאַנגווייליג. לעזען — בין איך פויל. עך! איך וועל גאָר זיך אליין דערצעהלען פון

מיין אייגענעם לעבען. אן אויסגעצייכענטער געדאנק! פאר׳ן טויט איז דאס אי אנשטענדיג, אי עס קען קיינעם נישט שאדען. אלזא, איך הויב אן:

געבארען געווארען בין איך מיט דרייסיג יאהר צוריק ביי גאנץ רייכע גוטסבעזיצער. מיין פאטער איז געווען א ליידענשאפטליכער קארטען־שפיעלער; די מוטער מיינע, א דאמע מיט א שטארקען כא־ראקטער איז געווען זעהר א טוגענדהאפטע פרוי, וואס איהר טוגענד זאל איהר פערשאפען ווייניגער פערגעניגען. זי איז איינפאך געפאלען אונטער דער משא פון איהרע טוגענדען און האט געמוטשעט אלעמען, אנהויבענדיג פון זיך, דער ערשטער. אינ׳ם משך פון די פופציג יאהר פון איהר לעבען, האט זי קיין איינציגען מאל נישט אבגערוהט זיך, די הענד נישט צוזאמענגעלייגט; תמיד האט זי געהאוועט, געפרא־צעוועט, ווי א מוראשקע — און אהן שום נוצען, וואס מען קען נישט זאגען וועגען דער מוראשקע. נאכאנאנד, אהן אויפהער, האט זי א וואר־רים געטאטשעט ווי טאג און ווי נאכט. איין איינציגען מאל בלויז, האב איך זי געזעהן אין גאנצען א רוהיגע, און דאס איז געווען: אין דעם ערשטען טאג נאך איהר טויט, אין טויטען־קאסטען. קוקענדיג אויף איהר, האט זיך מיר אויסגעדאכט, אז איהר פנים דריקט אויס שטילע איבערראשונג; פון די האלב אפענע ליפען, פון די איינגעפאלע־נע באקען, פון די פריעדליך־אונבעוועגליכע אויגען האט עפעס אזוי ווי געווייהעט מיט די ווערטער: „ווי גוט עס איז צו רוהען!״ יא, עס איז גוט, זעהר גוט פטור צו ווערען פון דעם דריקענדיגען בעוואוסטזיין פונ׳ם לעבען, פון דעם נאגענדען און אונרוהיגען געפיהל פונ׳ם עקזיס־טענץ! נור נישט דאס בין איך אויסען.

געהאדעוועט האב איך זיך אין א שלעכטער און ווייט ניט קיין פרעהליכע סביבה. דער פאטער און די מוטער,ביידע האבען מיך ליעב געהאט, דערפון איז מיר אבער נישט לייכטער געווען. דער פאטער, אלס א מענש, וועלכער איז אין גאנצען געווען איבערגעגעבען צו זיין מיאוסער און אויסברענגערישער תאוה, האט אין זיין אייגענעם הויז קיין שום ווערדע און קיין שום דעה נישט געהאט; ער האט גוט געוואוסט, ווי נידעריג ער איז געפאלען און, נישט זייענדיג אימשטאנד אבצוהאלטען זיך פון זיין ליידענשאפט, האט ער געזוכט צו געווינען כאטש די פריינדליכע נאכגעביגקייט פון זיין טוגענדהאפטער פרוי דערמיט,

וואָס ער איז שטענדיג געווען פריינדליך, בעשיידען און אונטערטהעניג. און די מוטער מיינע האָט ווירקליך אריבערגעטראָגען איהר אונגליק מיט יענער בעזונדערער גרויסאַרטיגער געדולד פון טוגענדהאַפטיגקייט, וועלכע איז אַזוי פול מיט אייגענליעביגען שטאָלץ.

זי האָט דעם פאָטער קיין מאָל קיין פאָרווירפען נישט געמאַכט, האָט שווייגענדיג איהם אוועקגעגעבען איהרע לעצטע געלד און גע־צאָהלט זיינע חובות; ער האָט זי הינטער די אויגען און אין די אויגען געהויבען ביז אין הימעל, אָבער אין שטוב צו זיצען האָט ער נישט ליעב געהאַט און געלאַסטשעט האָט ער מיך בגנבה. זיין פּנים האָט דאַן געאָטהעמט מיט אַזאַ גוטסקייט, דער פיבעריש־שפּאָטישער אויכדרוק אויף זיינע ליפּען האָט זיך דאַן פארביטען אין אַזאַ ריהרענדען שמיי־כעל, די קאַרע אויגען, ארומגערינגעלטע מיט דינע קנייטשען, האָבען געשיינט מיט אַזאַ ליעבע, אַז איך האָב זיך נישט ווילענדיג צוגע־ריקט מיט מיין באַק צו זיין באַק, וועלכע איז פייכט און וואַרעם געווען פון טרעהרען. איך האָב אָבגעווישט די דאָזיגע טרעהרען מיט מיין טיכעל, אָבער זיי זיינען ווייטער געפלאָסען, גאָר אָהן אָנשטריינגונג, ווי וואַ־סער פון אַן איבערפילטען גלאָז. איך פלעג אליין אויך נעהמען וויינען, און ער פלעגט מיך טרייסטען. געגלעט מיך מיט דער האַנד איבער'ן רוקען, אויסגעקושט מיר דאָס גאַנץ פּנים מיט זיינע ציטערענדיגע לי־פּען. איצט נאָך אפילו, אריבער צוואַנציג יאָהר נאָך זיין טויט, ווען איך ד'ערמאָן זיך אָן מיין אָרימען פאָטער, הויבט מיך אַ שטומער יאָמער אָן צו ווערגען, און דאָס הארץ קלאַפּט, קלאַפּט אַזוי הייס און מיט אַזאַ ביטערקייט, מוטשעט זיך מיט אַזאַ בייַנקענדיגען בעדויערען, אַזוי ווי עס וואָלט נאָך אַ לאַנגע צייט געהאַט צו לעבען און צו קלאַפּען... און עס וואָלט טאַקע אויף אַן אמת געווען וואָס צו בעדויערען!

מיין מוטער ווידער איז זיך מיט מיר שטענדיג בעגאַנגען גליייך, ווייך, אָבער קאַלט. אין די קינדערשע ביכלאַך טרעפט מען אָפט אַזעלכע מוסטערהאַפטע און גערעכטע מוטערס. זי האָט מיך געליעבט, נור איך האָב זי נישט ליעב געהאַט. יאָ! איך האָב זיך געהאַלטען פון דער ווייַ־טענס פון מיין טוגענדהאַפטער מוטער און שטאַרק געליעבט מיין לאַס־טערהאַפטען פאָטער.

אָבער גענוג פאַר היינט. דער אָנפאַנג איז געמאַכט און וועגען סוף,

ווי ער זאָל דאָרט נישט זיין, האָב איך זיך נישט וואָס צו זאָרגען. דאָס וועט שוין מיין קראַנקהייט בעזאָרגען...

---

21טען מערץ.

היינט איז א מערקווירדיג שעהנער וועטער. וואַרעם, ליכטיג; די זון שפּיעלט זיך פרעהלאַך אויף דעם אָבגעגאַנגענעם שנעע. אַלעס שיינט, רויכערט זיך, קאַפּעט; די שפּערלינגען שרייען, ווי משוגעים, אַרום די פייכטע, דונקעלע פּאַרקאַנס די פייכטע לופט צורייצט מיר די ברוסט זיס און שרעקליך. דער פריהלינג, דער פריהלינג קומט! איך זיץ ביים פענסטער און קוק איבער'ן טייך אויפ'ן פעלד. אָ נאַטור! נאַטור! איך האָב דיך אזוי ליעב, און פון דיין אינגעווייכט בין איך ארויס אונפעהיג אפילו צום לעבען. אָן שפּרינגט דאָרט א שפּערלינג מיט פונאַנדערגעלאָזטע פליעגלען, ער שרייט — און יעדער קלאַנג פון זיין שטים, יעדער אויפגעבלאָזענער פעדעל אויף זיין קליינעם קערפּער'ל אָטהעמט מיט געזונד און קראַפט...

וואָס־זשע איז דערפון געדרונגען? גאָרנישט. ער איז געזונד און האָט א רעכט צו שרייען און בלאָזען זיך; און איך בין קראַנק און מוז שטאַרבען — דאָס איז אַלעס. עס איז נישט ווערטה מעהר צו ריידען וועגען דעם. און די דאָזיגע אַלע טענות מיט טרעהרען צו דער נאַטור זיינען נאַריש און לעבערליך. לאָמיר זיך בעסער צוריק קעה־רען צו דער ערצעהלונג.

געוואַקסען בין איך, ווי איך האָב שוין פריהער געזאָגט, אין א זעהר שלעכטער און נישט פרעהליכער סביבה. קיין ברידער און שוועס־טער האָב איך נישט געהאַט. ערצויגען האָב איך זיך אין דער היים. און איבערהויפּט מיט וואָס וואָלט זיך מיין מוטער פערנומען איהר צייט, ווען מען וואָלט מיך אָפּגעגעבען אין א פּאַנסיאָן אָדער אין א רעגיערונגס־שוהלע? אויף דערויף זיינען דאָך די קינדער געבאָרען, אום די עלטערן זאָלען זיך נישט פיהלען לאַנגווייליג. געלעבט האָבען מיר מעהרסטענטהייל אין דאָרף און נור צייטענווייז געקומען צו פאָה־רען אין מאָסקווע. איך האָב געהאַט גובערנערען און לעהרער, ווי עס פיהרט זיך; בעזונדערס געדענקט זיך מיר, איינער, א אויסגעדאַר־

טער, אַ פאַרקלאָגטער דייטש, ריקמאַן. דאָס איז געווען אַן אונגעוועהנליך טרויעריגע, פון שיקזאַל פאַרשטויסענע באַשעפעניש, וועלכע איז אויסגעגאַנגען, ווי אַ ליכט פון אַ שטענדיגער, נאָגענדער בענקעניש נאָך דער ווייטער היימאַט. נעבען איוואַן, אין דעם מוראדיג פערשטיקטען, ענגען פאָרצימער, וואו די לופט איז אָנגעזאַפּט מיט אַ זויערען גערוך פון אַלטען קוואַס, זיצט דער פערוואַקסענער דיענער מיינער וואַסילי, מיט דעם צונעמעניש גאַנז, אין זיין אַלטען, פערצייטיגען קאַפּטאַן פון בלויען לייוועגט, — זיצט און שפּיעלט אין קאָרטען מיט דעם קוטשער פּאָטאַפּ — און אַהינטערן וועגטעל זיצט ריקמאַן און זינגט:

הערץ, מיין הערץ, וואָרום זאָ טרויעריג?
וואָס בעקימערט דיך זאָ זעהר?
עס איזט יא שעהן אים פרעמדען לאַנדע —
הערץ, מיין הערץ — וואָס ווילסטו מעהר?

נאָכ׳ן פּאָטער׳ס טויט האָבען מיר זיך אין גאַנצען אריבערגעקליעבען וואוינען אין מאָסקווע. איך בין דאַן אַלט געווען צוועלף יאָהר. מיין פּאָטער איז געשטאָרבען אין מיטען נאַכט פון אַ הערץ־שלאַג. די דאָזיגע נאַכט וועל איך קיין מאָל נישט פערגעסען. איך בין געשלאָפען געשמאַק, ווי עס שלאָפען געוועהנליך אַלע קינדער; נור איך געדענק, אַז אפילו אינ׳ם שלאָף האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז איך הער אַ שווערען און גלייכמעסיגען כראָפּען. פּלוצים פיהל איך: עמעצער נעהמט מיך אָן פאַר׳ן אַקסעל און טרייסעלט מיך. איך עפען די אויגען: פאַר מיר שטעהט מיין דיענער. — וואָס האָט פּאַסירט? — געהט, געהט; אַלעקסעי מיכאַילאָוויטש שטאַרבט... ווי אַ משוגענער שפּרינג איך פון בעט ארויס און לויף אין שלאָף־צימער. איך גיעב אַ קוק: אָבגעוואָרפען אַהינטער דעם קאָפּ, אין גאַנצען אַ רויטער, ליעגט דער פּאָטער און כראָפּעט מורא׳דיג. אין די טהירען שטופּען זיך מענשען מיט צושראָקענע פּנים׳ער; אין פאָרצימער פרעגט עמעצער מיט אַ הייזעריגען קול: „האָט מען געשיקט נאָך אַ דאָקטאָר?" אויפ׳ן הויף פיהרט מען ארויס אַ פערד פונ׳ם שטאַל, די טויערען סקריפּען, אַ חלב׳נע ליכטעל ברענט אינ׳ם צימער אויף דער פּאָדלאָגע; די מוטער איז אויך דאָ, זי איז דערשלאָגען, האָט אָבער נישט פערלאָרען דאָס בע־

וואוסטזיין פון איהר אייגענער ווירדע. איך האב זיך א ווארף געטהאן צום פאטער אויף דער ברוסט, האב איהם ארומגענומען, און געשטאמעלט: „פאפא, פאפא"... ער איז געלעגען אונבעוועגליך און האט זיך עפעס מאדנע געקרימט. איך האב איהם אריינגעקוקט אין פנים — אן אונערטרעגליכער שרעק האט מיר דעם אטהעם פערכאפט; איך האב גענומען קוויטשען פאר שרעק, ווי א פויגעלע, ווענן גראבע הענד האבען מיט אמאל גענומען ווערגען — מען האט מיך אוועקגעשלעפט און אבגעפיהרט צוריק. נעכטען נאך, אזוי ווי ער וואלט געפיהלט דעם נאהענטען טויט, האט ער מיך געלאסטשעט אזוי הייס און אזוי אומעדיג — מען האט געבראכט עפעס א פערשלאפענעם און צוקודולטען דאקטאר, פון וועלכען עס האט זיך געטראגען א שטארקער גערוך פון בראנפען. דער פאטער איז געשטארבען ביי איהם אונטער'ן מעסער, און אויפ'ן צווייטען טאג, בין איך, אין גאנצען א צומישטער פאר שמערץ, געשטאנען מיט א ליכטעל אין האנד פאר'ן טיש, אויף וועלכען דער ברמנן איז געלעגען, און האב אונזיניג צוגעהערט זיך צום געזאנג פון דיאקאן, וועלכער איז צייטענווייז איבערגעריסען געווארען פון דעם שוואכען קול פונ'ם פריסטער. טרעהרען האבען נאכאנאנד געפלאסען איבער מיינע באקען, איבער די ליפען, איבער'ן קראגען, איבער דער מאשינקע; איך האב זיך בעוואשען מיט טרעהרען, איך האב אויפמערקזאם, אהן אויפהער געקוקט אויף דאס אונבעוועגליכע געזיכט פון מיין פאטער, אזוי ווי איך וואלט עפעס געווארט פון איהם. און די מוטער מיינע האט אין דער אייגענער צייט זיך גידעריג געקוקט, לאנגזאם אויפגעהויבען זיך, און שטארק געדריקט די פינגער צום שטערן, צו די פלייצעס און צום בויך בעת'ן צלמ'ן זיך. קיין איין געדאנק איז ביי מיר אין קאפ נישט געווען; אין גאנצען איז מיר געוועזן זעהר שווער, נור געפיהלט האב איך, אז מיט מיר פאסירט עטוואס שרעקליכעס... דער טויט האט דאן אריינגעקוקט מיר אין פנים אין האט מיך אנגעצייכענט.

די אורזאך, פארוואס מיר האבען זיך אריבערגעקליעבען וואוינען אין מאסקווע, איז געווען א גאנץ איינפאכע נאכ'ן פאטערס טויט האט מען אונזער גאנצען מאיאנטעק פערקויפט אויפ'ן אויקציאן פאר חובות. מען האט ביי אונז צוגענומען אלעס, אלעס, אויסער איין קליין דערפעל, דאס אייגענע, אין וועלכער איך דערשלעפ אצינד מיינע

לעצטע טעג. איך בין זיך מודה, אַז נישט קוקענדיג אויף דעם, וואָס איך בין נאָך דאַן געווען אַזוי יונג, האָט מיר פון דעסטוועגען דאָס הארץ וועה געטהאָן, ווען מען האָט פערקויפט אונזער נעסט. געבענקט האָב איך אייגענטליך בלויז נאָך אונזער גאָרטען. מיט דעם דאָזיגען גאָרטען זיינען פערבונדען כמעט די איינציגע ליכטיגע עראינערונגען מיינע; דאָרט האָב איך אין אַ געוויסען שטילען פריהלינגס־אבענד בעגראָבען מיין בעסטען פריינד, דעם אַלטען הונד מיט'ן קורצען וויידעל און קרומע לאַפּקעס — טריקס'ן; דאָרט האָב איך מאַנכעס מאָל, בעהאַלטענדיג זיך אין די טיעפע גראָז, געגעסען גע'גנב'עטע עפּעל, וועלכע זיינען געווען אַזוי רויט, אַזוי זיס און אַזוי געשמאַק; און דאָרט האָט עס, שליסליך, אויך געטראָפען, וואָס איך האָב צום ערשטען מאָל דערזעהן צווישען די בושעס רייפע מאַלינעס, אונזער דיענסט קלאַוודיא, וועלכע האָט טראָץ איהר קורנאָסע נאָז און די געוועהנהייט צו לאַכען אין טיכעל אריין, אויפגעוועקט אין מיר אַזאַ צערטליכע ליידענשאַפט, אַז אין איהר געגענוואַרט האָב איך קוים געוואַגט דעם אָטהעם אָבציהען, בין פאַרשטאָרבען געוואָרען, און געשוויגען, און איינמאָל, אין אַ יום טוב'דיגען זונטאָג, ווען עס איז איהר אויסגעקומען אַ קוש צו טהאָן מיין פריצישע הענטעל, האָב איך זיך שיעור ניט אַ וואָרף געטהאָן קושען איהרע פאַרלאַטעטע שיך. גאָט מיינער! שוין־זשע איז נאָך דעם אַלעמען שוין אריבער צוואַנציג יאָהר? דאכט זיך, ווי לאַנג איז עס, אַז איך פאָהר אויפ'ן רויטינקען, קאָסמאַטען פערדעל אָרום דעם אַלטען פאַרקאַן פון אונזער גאָרטען און אויפהויבענדיג זיך אויפ'ן זאָטעל, רייס איך אָרונטער די צווייפאַרביגע בלעטער פון די טאָפּאָל־בוימער? אַזוי לאַנג, ווי דער מענש לעבט, פיהלט ער ניט זיין אייגענעם לעבען; דאָס לעבען איז ווי אַ קלאַנג, וועלכען ער דערהערט ערשט אין אַ צייט אָרום.

אוי, מיין גאָרטען, אוי, מיינע פערוואַקסענע וועגעלאַך נעבען דעם קליינעם טייכעל! אוי, מיין זאַמדיגער ווינקעל אונטער דעם אַלטען, שוואַכען דאַם, וואו איך האָב קליינע פישעלאַך געכאַפּט! און איהר, הויכע בירקען־בוימער, מיט די לאַנגע, הייגענדיגע צווייגען, פון הינטער וועלכע עס פלעגט זיך צייטענווייז פונ'ם גרויסען וועג דערטראָגען אַן אומעדיג ליעדעל פון אַ פויער, איבערגעריסען פון דעם קלאַפּען פון זיין וואָגען — אייך שיק איך מיין לעצטען גרוס!... צושיי־

דענדיג זיך מיט'ן לעבען, שטרעק איך צו אייך אליין אוים מיינע הענד. איך וואלט וועלען נאך אמאל גוט אנזוויגען זיך מיט דער ביטערער פרישקייט פון פאלין, מיט דעם זיסען גערוך פון געדריקטע ווייץ אויף די פעלדער פון מיין געבורטספלאנץ; איך וואלט נאך אמאל וועלען הערען פון דער וויטענס דאס בעשיידענע קלינגען פון דעם צושפאל־טענעם גלאק אין אונזער היימישער קירכע; נאך א מאל ליעגען א ווייל אין דעם לופטיגען שאטען פון די דעמבעס אויפ'ן אראבגאנג פונ'ם בעקאנטען אבגרונד; נאך א מאל בעגלייטען מיט די אויגען די בעוועגענדיגע שפורען פונ'ם ווינד, וועלכע ציהען זיך, ווי א דונקע־לער שטראם, איבער די גאלדיגע גראז פון אונזער לאנקע.

עך, וואס דערמאן איך דאס אלעס? היינט קען איך אבער שוין מעהר ניט פארטזעצען, ביז מארגען.

---

22טען מערץ.

היינט איז ווידער קאלט און כמארנע. אזא וועטער פאסט זיך א סך בעסער. ער איז ווי אנגעמאסטען צו מיין ארבייט. דער נעכטיגער טאג האט נישט אין צייט אויפגעוועקט אין מיר א סך אוננויטיגע גע־פיהלען און עראינערונגען. מעהר וועט עס שוין ניט זיין. דער אויסגוס פון געפיהלאכצען — איז פונקט אזוי ווי מאליץ־וואַרצלען: פון אנהויב אז דו טהוסט א זויג—איז, דאכט זיך ניט שלעכט, דערנאך אבער ווערט אינ'ם מויל זעהר פאסקודנע. איך וועל בעסער איינפאך און רוהיג דערצעהלען די געשיכטע פון מיין לעבען.

אלזא, מיר האבען זיך אריבערגעקליבען קיין מאסקווע...

אבער מיר פאלט איין אין קאפ: לוינט זיך טאקע אויף אן אמת צו דערצעהלען וועגען מיין לעבען?

ניין, געוויס לוינט זיך עס ניט... מיין לעבען האט זיך מיט קיין זאך נישט אונטערשיידעט פון דעם לעבען פון א סך אנדערע מענשען. דאס עלטערן'ס הויז, דער אוניווערזיטעט, דער אמט מיינער אלס קליינער בעאמטער, דאס פערלאזען דעם אמט, א קלייניגקער קרייז פון בעקאנטע, א זויבערע ארימקייט, בעשיידענע פערגעניגענס, איינ־געהאלטענע פערלאנגען — זאגט, איך בעט אייך, וועמען איז דאס אלעס

נישט בעקאַנט? און דעריבער לוינט זיך טאַקע נישט צו דערצעהלען וועגען מיין לעבען, איבערהויפּט נאָך, ווען איך טהו עס פון מיין אייגענעם פערגעניגען וועגען; און ווען מיין פערגאַנגענהייט קומט אפילו מיר אליין ניט פאַר נישט איבעריג טרויעריג און נישט איבעריג פרעהלאַך, דאַן הייסט עס, איז דאָרט נישט געוועזן קיין זאַך, וואָס זאָל ווערטה זיין צו בעשרייבען. איך וועל זיך בעסער סטאַרען קלאָהר צו מאַכען מיין כאַראַקטער פאַר זיך אליין.

וואָס בין איך פאַר אַ מענש?... מען קאָן זאָגען, אַז אפילו דאָס פרעגט ביי מיר קיינער נישט, — איינפערשטאַנדען. אָבער איך שטאַרב דאָך, ביי גאָט, איך שטאַרב און פאַר'ן טויט, מעג איך, דאַכט זיך, האָבען אַ פערלאַנג צו וויסען, וואָס פאַר אַ סאָרט פויגעל איך בין איי־גענטליך געוועזן?

גוט אַרומגעטראַכט די דאָזיגע וויכטיגע פראַגע און נישט האָ־בענדיג נויטיג זיך אויסצודריקען צו הארט אויף מיין אייגענער רע־כענונג, ווי עס טהוען, געוועהנליך, יענע מענשען, וועלכע זיינען שטאַרק איינגעגלויבט אין זייערע גוטע אייגענשאַפטען, מוז איך אָבער מודה זיין איין זאַך: איך בין געוועזן אין גאַנצען אַן איבעריגער מענש אויף דיעזער וועלט, אָדער אפשר גאָר אַן איבעריגער פויגעל. און דאָס האָב איך בדעה מאָרגען צו בעווייזען, ווייל היינט הוסט איך, ווי אַן אַלטער שעפּס, און מיין אַלטע ניאַנע, טערענטעוונאַ, לאָזט מיך נישט רוהען: „לייגט זיך צו, זאָגט זי, טאַטעלע מיינער, און טרינקט זיך אָן מיט טהעע"... איך וויים פאַר וואָס זי שטעהט אַזוי צו צו מיר: איהר אליין ווילט זיך טהעע. נו, וואָס איז! מילא! פאַרוואָס ניט ערלויבען דער אָרימער אַלטינקער האָבען נאָך אַ ביסעל נוצען פון איהר פּריץ פאַר זיין סוף?.... איצט האָט זי נאָך צייט.

---

23טען מערץ.

עס איז ווידער ווינטער. אַ שנעע פאַלט הורבעם ווייז.

אַן איבעריגער, יאָ, אַן איבעריגער... אַן אויסגעצייכענטעס וואָרט האָב איך אויסגעטראַכט. וואָס טיעפער איך דרינג אריין אין זיך אליין, וואָס אויפמערקזאַמער איך בעטראַכט מיין גאַנץ פערגאַנ־

גענעם לעבען, אלץ מעהר איבערצייג איך זיך אין דער שטרענגער ווארהייט פון דעם דאָזיגען אויסדרוק. אַן איבעריגער — יאָ, דאָס איז עס פאַר אַנדערע מענשען פּאַסט זיך דאָס דאָזיגע וואָרט נישט... מענשען זיינען פאראן שלעכטע, גוטע, קלוגע, נארישע, אנגענעהמע און אונאנגענעהמע; אָבער איבעריגע.... ניין. דאָס הייסט, פארשטעהט איהר מיך, אז אָהן די דאָזיגע מענשען וואָלט אונזער וועלטעל זיך אויך געקאָנט בעגעהן.... געוויס; אָבער די אוניצליכקייט איז נישט זייער הויפּט אייגענשאַפט, איז נישט יענער סימן, מיט וועלכען זיי אונטער־שיידען זיך פון אַנדערע מענשען און, ווען איהר רעדט וועגען זיי, קומט אייך אויף דער צונג גלייך נישט ארויף דאָס וואָרט „איבעריגע". און איך... וועגען מיר קאָן מען קיין אַנדער זאַך גאָר נישט זאָגען: אַן איבע־ריגער — און גאָר. אויף מיין קומען אויף דער וועלט האָט זיך די נאַטור, הפּנים, ניט געריכט, און איז זיך דעריבער בעגאַנגען מיט מיר, ווי מיט אַן אונערווארטעטען און ניט געבעטענעם גאַסט. ניט אומזיסט האָט איי־נער אַ וויצלינג, אַ גרויס ליעבהאָבער פון פּרעפעראַנס, אַמאָל געזאָגט וועגען מיר, אַז מיין מוטער איז איבער מיר שטעקען געבליעבען. איך רעד אַצינד וועגען זיך אליין גאַנץ רוהיג, אָהן שום ביטערנעש.... אַ פערגאַנגענע זאַך! אין דעם משך פון מיין גאַנץ לעבען האָב איך שטענדיג געפונען מיין פּלאַץ אַ פערנומענעם, אפשר איז דאָס געווען דערפאַר, וואָס דאָס דאָזיגע פּלאַץ האָב איך געזוכט נישט וואו מען האָט געדארפט. איך בין געווען אונצוטרויליך, שעהמעוודיג, אויפגע־רעגט, ווי אַלע קראַנקע מענשען; דערצו נאָך, מסתמא, ווייל איך האָב געהאַט אַ סך אייגענליעבע, אָדער, ווייל איך האָב זיך איבערהויפּט נישט געקענט צו קיין זאַך צושלאָגען, נור צווישען מיינע געפיהלען און מיינע געדאַנקען איז אימער געשטאַנען עפּעס אַ מין אונזיניגע, אונפערשטענדליכע שטערונג, וואָס עס איז מיר שווער געווען צו בע־זיעגען; און האָב איך אַמאָל בעשלאָסען מיט געוואלד צו בעזיגען די דאָזיגע שטערונג, צו צוברעכען דעם צוים, דאַן האָבען אַלע בעוועגונגען מיינע, דער אויסדרוק פון מיין פּנים, אויך אין גאַנצען געקראָגען אַן אוננאַטירליכען און אָנגעשטרענגטען אויסזעהן. איך האָב עס אליין געפיהלט און בין גלייך ווידער פערקראָכען אין זיך. דעמאָלט האָט זיך ערשט אָנגעהויבען אין מיר אַ מורא'דיגע נאָגעניש. איך האָב זיך גע־גריבעלט אין זיך, צוגליעדערט זיך אויף פּיץ־פּיצלאַך. פערגליכען זיך

צו אנדערע, האָב זיך דערמאָנט אָן די מינדסטע בליקען, שמייכלען, ווערטער פון יענע מענשען, פאַר וועלכע איך האָב זיך געוואָלט אויס־פּיינען, פערטייטשט אַלעס אין אַ שלעכטען זין, האָב מיט גאַל גע־לאַכט פון מיין פּרעטענזיע „זיין, אַזוי ווי אַלע", — און פּלוצים, אין מיטען געלעכטער, בין איך גאַר אריינגעפאַלען אין אַ נאַרישער מרה שחורה, און דאַן האָב איך זיך ווידער געגומען פאַר דאָס פריהערדיגע, — קורץ, איך האָב זיך געדרעהט ווי אַ וויוועריקע אין אַ ראָד.

איצט, זייט־זשע מוחל און זאָגט אליין, וועמען און אויף וואָס איז נויטיג אַזאַ מענש? וואָרום דאָס אַלעס איז מיט מיר פּאָרגעקומען, וואָס האָט מיך געצוואונגען אַזוי פיעל צו האָבען צו טהאָן מיט זיך אליין, — ווער ווייסט? ווער קאָן זאָגען?

איך געדענק, איינמאָל בין איך געפאָהרען פון מאָסקווע אין אַ דיליזשאַנס. דער וועג איז געווען אַ גוטער, אָבער דער פוהרמאַן האָט צוגעשפּאַנט צו די פיער פערד נאָך אַ פינפטען.

דעם דאָזיגען פינפטען אונגליקליכען פערד האָט מען ווי־עס־איז אָנגעבונדען צום פאָדערטהייל פונ'ם וואָגען מיט אַ דיקען און קורצער שטריק, וואָס האָט אָהן רחמנות געשניטען איהם די היפטען, געריבען איהם דעם עק, האָט געצוואונגען איהם צו לויפען אויף דעם אוננאַ־טירליכסטען אופן און צוגעגעבען זיין קערפּער דאָס אויסזעהן פון אַ קאָמאַ. איך האָב אויף איהם שטאַרק רחמנות געקראָגען און האָב בע־מערקט דעם פוהרמאַן, אַז דאָס מאָל האָט מען, דאַכט זיך, געקאָנט אויסקומען אָהן אַ פינפטען פערד...

ער האָט אַ ווייל̇ע געשוויגען, אַ דרעה געטהאָן מיט'ן נאַקען, האָט אַמאָל צעהן מכבד געווען דעם פינפטען פערד מיט'ן בייטש איבער'ן דאַרען רוקען און אונטער דעם אויפגעבלאָזענעם בליק און דערנאָך אַרויסגערעדט מיט שפּאָט:

— טאָקי ער איז אַ נאָכשלעפּעניש... ווער האָט איהם געדאַרפט?

איך בין אויך אַזאַ נאָכשלעפּעניש.... אַ גס גור, וואָס די סטאַנ־ציאָן איז ניט ווייט....

אָן איבריגער... איך האָב פערשפּראָכען צו בעווייזען, ווי ריכטיג מיין מיינונג איז, און וועל מיין פערשפּרעכען האַלטען.

איך האַלט ניט פאַר נויטיג צו ריידען דאָ וועגען טויזענדער קליי־ניגקייטען, טאָג־טעגליכע פּאַסירונגען, וועלכע וואָלטען, אגב, געקאָנט

זיין שטארקע ראיות צו גונסטען פון מיין מיינונג; בעסער וועל איך אנהויבען פון איין וויכטיגען פאל וועלכער וועט, דענק איך, קלאהר פערטייטשען דאס ווארט: איבריגער...

איך זאג נאך אמאל: אין איינצעלנע פרטים וויל איך זיך ניט אריינלאזען, אבער איך קען ניט פערשווייגען איין געוויסע מערקוויר־דיגע זאך: ווי אזוי מיינע פריינד האבען זיך צו מיר פערהאלטען (איך האב אויך געהאט פריינד) יעדעס מאל, בעת זיי האבען מיך בעגעגענט אדער ווען איך בין צו זיי געגאנגען אהיים. אזוי ווי זיי וואלטען זיך געפיהלט עפעס אונאנגענעהם פאר מיר.

אנגעטראפען מיך, האבען זיי גלייך גענומען שמייכלען צו מיר עפעס אזוי אונגאטירליך, האבען ניט געקוקט מיר אין די אויגען, ניט אויף די פיס, ווי מאנכע טהוען, נור כמעט אלע מאל אויף די באקען און האבען פערהאוועט ארויסגערעדט: „א! גוטען טאג, טשולקאטו־רין!״ (דער שיקזאל האט מיך בעעהרט מיט דעם דאזיגען נאמען) אדער: „אי אט איז טשולקאטורין אויך״, זיינען גלייך אפגעטראטען אן א זייט און זיינען א היבשע ווײלע געשטאנען, ווי פערגליווערטע, אקוראט, ווי זיי וואלטען זיך געמאטערט צו דערמאהנען זיך אן עפעס.

איך האב דאס אלעס בעמערקט, ווארום איך בין א מענש, וואס קאן זעהן, וואס קאן בעאבאכטען; איך בין בכלל ניט קיין נאר; גאנץ אפט פאלט מיר אריין גאנץ אמוזאנטע און גאר ניט קיין געוועהנליכע געדאנקען; אבער אזוי ווי איך בין א מענש אן איבריגער און מיט א שלעסעלע אויפ׳ן הארצען, האב איך ניט דעם מוטה ארויסצוזאגען אט די דאזיגע געדאנקען, איבערהויפט נאך, ווען איך ווייס פריהער, אז ארויסזאגען וועל איך זיי זעהר שלעכט.

אפט וואונדער איך זיך, ווי אזוי מענשען קאנען ריידען אזוי פריי און איינפאך... איך בעוואונדער זייער מוטה... דאס הייסט, דעם אמת, געזאגט, טראץ דעם שלעסעלע אויף מיין הארצען, האט זיך מיר אויך גאנץ אפט געוואלט א לופטער טהאן די צונג, אבער ווירקליך ריידען האב איך בלויז גערעדט אין מיינע גאר יונגע יאהרען, אבער ווען איך בין עלטער געווארען האב איך זיך אלע מאל געקאנט בעהערשען. עס האט געטראפען, איך טהו זיך א זאג האלב שטיל: „און איצט וועלען מיר בעסער אביסעלע שווייגען״, און איך בערוהיג זיך גלייך.

אויף שוויינגען זיינען מיר אַלע גרויסע בריות; בעזאָנדערס ציי־כענען זיך אויס אין דעם אונזערע פרויען; מאַנכע ערהאַבענע רוסי־שע מיידעל שווייגט אַזוי מעכטיג, אַז אפילו ביי מענשען, וואָס זיינען פאַרגעברייטעט פאַר דעם, רופט ארויס אַזא בילד אַ שוידער און אַ קאַלטען שוויים.

אָבער ניט דאָס בין איך אויסען, און ניט איך דאַרף קריטיקירען אַנדערע. איך נעהם זיך ווידער פאַר די פערשפּראָכענע ערצעהלונגען.

מיט עטליכע יאָהרען צוריק איז מיר אויסגעקומען צו פערברענ־גען, צוליעב געוויסע קליינציגקע, אָבער פאַר מיר אַליין זעהר וויכטיגע אַנגעלעגנהייטען, אַ זעקס מאָנאַטען אין דער קליינשטעדטעל אָ... די דאָזיגע שטעדטעל איז אין גאַנצען געשטאַנען אין דער קרום אויף אַ באַרג, זעהר שלעכט געוועזן אויסגעבויט.

איינוואוינער זיינען דאָרט אין גאַנצען געוועזן אַרום אַכט הונ־דערט, אַן אונגעוועהנליכע אָרימקייט, די הייזלאַך האָבען געהאַט אַ פּנים פון חוזק; אויף דער הויפּט גאַס ליגען דאָ און דאָרט צו־וואָרפע־נע גרויסע שטיקער קאַלך, אַנשטאָט ברוק, וועלכע די פוהרען אפילו מיידען אויס; אין סאַמען מיטען פון אַ שמוציגען סקווער שטעהט אַ קליינע געביידע מיט פינסטערע לעכער און אין די דאָזיגע לעכער זיצען מענשען אין גרויסע קאַרטוזען און מאַכען זיך, כלומרשט זיי האַנדלען; דערביי שטעקט דאָ אויך אַרויס אַ הויכער פיעל פאַרביגער שטיינג, און נעבען שטיינג, פון אָרדנונגס וועגען, אויף דעם בעפעהל פון „נאַ־טשאַלסטוואָ" שטעהט אַ וואָגען מיט געלען היי און עס שפּאַצירט אַרום אַ הוהן, וואָס געהערט צו דער „נאַטשאַלסטוואָ". מיט איין וואָרט, אין דער שטאָדט אָ... איז אַ לעבען, ווי אין גן עדן. די ערשטע עטליכע טעג נאָך מיין קומען אַהין, בין איך שיעור פון זינען ניט אַרונטער פאַר לאַנג־ווייליגקייט.

איך מוז באַמערקען וועגען זיך, הגם איך בין געוויס אַן איבריגער מענש, אָבער איך אַליין בין דאָך אין דעם ניט שולדיג; איך אַליין בין קראַנק און אַלעס, וואָס איז קראַנק, קען איך ניט פערטראָגען . . . איך וואָלט אפילו געוועזן אַ בעלן אויף גליק אויך; איך האָב זאָגאַר געפּרובט צוטרעטען צום גליק אי פון רעכטס אי פון לינקס... און דערפאַר איז קיין חידוש ניט, וואָס איך קאָן זיך אויך לאַנגווייליגען, ווי יעדער אַנדערער שטערבליכער...

אין דער שטאָדט א... האָב איך זיך אויפגעהאלטען צוליעב עסקים, וואָס האָבען אַ שייכות געהאַט מיט מיין אמט...

טערענטיעווא האָט, ווי עס זעהט אויס, זיך אַ וואָרט געגעבען, מיך צו פערמוטשען. אָט איז אייך אַ ביישפיעל פון אונזער גע־שפרעך:

זי: אַ־אַך, טאַטעלע מיינער, וואָס שרייבט איהר אַזוי פיעל? עס איז ניט געזונד פאַר אייך.

איך: אָבער עס איז מיר לאַנגוויילינ, טערענטיעווא.

זי: בעסער טרינקט זיך אָן׳עט מיט טהעע און לייגט זיך צו. גאָט וועט געבען, איהר וועט זיך דורכשוויצען, איהר וועט זיך אביסעלע דורכשלאָפען.

איך: אָבער איך וויל ניט שלאָפען.

זי: אַך, טאַטעלע מיינער! וואָס רעדט איהר? גאָט איז מיט אייך! לייגט זיך, לייגט זיך, עס וועט זיין גלייכער.

איך: אָהן דעם וועל איך אויך שטאַרבען, טערענטיעוונאַ!

זי: זאָל גאָט אויסהיטען... מילא, וועט איהר טרינקען טהעע?

איך: איך וועל קיין וואָך ניט אויסלעבען, טערענטיעוונאַ!

זי: אוי, אוי, וואָס רעדט איהר, טאַטעלע מיינער!.. איך וועל געהן אָנשטעלען דעם סאַמאָוואַר.

אה, דו אלטער, צובראָכענער נפש אָהן צייהן! שוין־זשע בין איך אפילו פאַר דיר אויך ניט קיין מענש.

---

24טען מערץ, — אַ ברענענדיגער פראָסט.

אין דעם זעלבען טאָג, ווען איך בין אָנגעקומען אין דער שטאָדט אָ... בין איך וועגען מיינע דיענסט־עסקים געצוואונגען גע־ווען צו בעזוכען איינעם אַ געוויסען קיריל מאַטוועיאיטש אזשאָגין׳ען, וועלכער איז געווען איינער פון די הויפט־בעאַמטע אין דער געגענד; אָבער בעקאַנט זיך מיט איהם, אָדער, וואָס מען רופט, בעפריינדעט זיך, האָב איך ערשט אין צוויי וואָכען שפעטער.

זיין הויז איז געשטאַנען אויף דער הויפט גאַס און האָט זיך אויסגעצייכענט געגען די אַנדערע מיט דעם, וואָס עס איז געווען גרע־

סער, וואָס עס האָט געהאַט אַ געפּארבטען דאַך און צוויי לייבען ביי דער טויער, פון יענעם מין לייבען, וואָס זיינען מעהר עהנליך צו ניט געראָטענע הינט.

פון די לייבען אליין האָט מען זיך געקאָנט אָנשטויסען, אַז אזשאָגין איז אַ מענש מיט אַ פערמעגען. און ווירקליך: ער האָט געהאַט אַ פיער הונדערט נפשות לייב־אייגענע, האָט אויפגענומען די בעסטע געזעלשאַפט פון דער שטאָדט אַ... איז בעקאַנט געווען אַלס אַ גאַסט־פריינדליכער מענש.

צו איהם זיינען אויך געפאָהרען דער פּאָליציימייסטער, און אונגע־וועהנליך־געוויקסיגער מאַן, און אַנדערע בעאַמטע.

אזשאָגין איז געווען אַ פערהייראַטעטער מאַן, ער האָט געהאַט אַ טאָכטער, יעליזאַוועטאַ קירילאָוונאַ, און איך האָב זיך אין דער דאָזיגער טאָכטער פערליעבט.

אזשאָגין אליין איז געווען אַגאַנץ געוועהנליכער מענש, ניט קיין שלעכטער און ניט קיין גוטער; זיין פרוי איז עהנליך געווען צו אַ פערעלטערטער הינדעלע, אָבער זייער טאָכטער איז ניט עהנליך געווען צו די עלטערען.

זי איז געווען גאָר ניט קיין מיאוסע, אַ פרעהליכע און אַ פריינד־ליכע. איהרע גרויע, ליכטיגע אויגען האָבען גוטמוטהיג און גלייך ארויס־געקוקט פון אונטער די קינדעריש־פעררייסענע ברעמען; זי האָט כמעט שטענדיג געשמייכעלט און געלאַכט האָט זי אויך גאַנץ אָפט. איהר פרישע שטימע האָט געקלונגען זעהר אַנגענעהם; בעוועגט האָט זי זיך פריי, פלינק, און אויף איהרע באַקען האָט דאַן פרעהלאַך די פאַרב זיך געשפּיעלט. פוצען האָט זי זיך ניט געפוצט: איינפאַכע קליידונג האָט איהר בעסער געקליידט.

געוועהנליך, האָב איך בעקאַנטשאַפטען ניט אַזוי שנעל געשלאָסען, און מיט פרויען האָב איך גאָר ניט געוואוסט ווי ארומצוגעהן; אין זייער געגענוואַרט האָב איך אָדער זיך געבלאָזען און אויסגעקוקט, ווי אַ רצוח, אָדער איך האָב גאַריש געשצירעט די צייהן און צומישט געפּלאָפּלט מיט דער צונג. מיט יעליזאַוועטאַ קירילאָוונאַ'ן האָב איך, פערקעהרט. זיך גלייך דערפיהלט, ווי ביי זיך אין דער־היים.

איך האָב זיך בעקאָנט מיט איהר אויף אַזאַ מין אופן:

איך קום אַמאָל פאַר מיטאָג צו אזשאָגין'ען, פרעג: „אין דער־

היים?" ענטפערט מען: „אין דער־היים, טהוען זיך אָן; זייט אזוי גוט, קומט אריין אין זאאל". געה איך אריין אין זאאל. איך זעה: נעבען פענסטער, מיט'ן רוקען צו מיר, שטעהט א מיידעל אין א ווייסען קלייד און האלט א שטייגעל אין די הענד. ווי געוועהנליך, בין איך אביסעלע צומישט געוואָרען; דאָך, האָב איך גאָר נישט, בלויז א הוסט געטהאָן פון העפליכקייט וועגען.

דאָס מיידעל האָט זיך שנעל א קעהר געטהאָן צו מיר. אזוי שנעל, שנעל, אז איהרע לאָקען האָבען איהר א שמיץ געטהאָן איבער'ן פּנים, האָט מיך דערזעהן, האָט זיך א נייג געטהאָן און מיט א שמייכעל מיר אָנגעוויזען אויף אַקעסטעלע, וואָס איז אויף א העלפט אָנגעפילט געווען מיט קערנער.

— איהר וועט ערלויבען? — האָט זי ארויסגערעדט.

איך, פערשטעה זיך, האָב, ווי עס פיהרט זיך ביי לייטען, אפריהער איינגעבויגט דעם קאָפּ, אין דער אייגענער צייט שנעל אויסגעבויגט און צוריק אויסגעגלייכט מיינע קניע, (אַקוראַט ווי עמיצער וואָלט מיר א האַק געטהאָן פון הינטען אונטער די קנעבלאָך, וואָס דאָס איז, ווי עס איז בעוואוסט, א סימן פון פיינער ערציהונג און אנגענעהמע מאַניערען), און דערנאָך האָב איך א שמייכעל געטהאָן, אויפגעהויבען א האַנד און האָב מיט איהר אמאָל צוויי א דרעה געטהאָן פּאָרזיכטיג און ווייך אין דער לופטען.

דאָס מיידעל האָט זיך באַלד אָפּגעקעהרט פון מיר, ארויסגענומען פונ'ם שטייגעל א ברעטעלע, אָנגעהויבען שטאַרק צו קראַצען איבער איהר מיט א מעסער און פּלוצים, שטעהענדיג אזוי צו מיר מיט'ן רוּ־קען, האָט זי געזאָגט:

— דאָס איז דעם פּאַפּאַ'ס סניעגיר... איהר האָט ליעב סניע־גירען?

— ניין, איך האָב בעסער ליעב צייזיגעס — האָב איך ארויסגע־שטאַמעלט.

— איך האָב אויך ליעב צייזיגעס; אָבער קוקט אָן איהם, וואָס פאַר א שעהנינקער. זעהט, ער האָט גאָר ניט מורא. (איך האָב זיך געוואונדערט, וואָס איך האָב ניט מורא געהאַט.) — געהט צו צו איהם. מען רופט איהם פּאָפּקאַ.

איך בין צוגעאַנגען, איינגעבויגט זיך.

— ניט אמת, ער איז אַ ליעבינקער? — האָט זי אַ קעהר געטהאָן צו מיר איהר פּנים; מיר זיינען געשטאַנען אזוי נאָהענט איינער נעבען אנדערן, אַז זי האָט געמוזט אָפּוואַרפען דעם קאָפּ אביסעלע אום אַ קוק צו טהאָן אויף מיר מיט איהרע ליכטיגע אויגעלאַך.

איך האָב אַ קוק געטהאָן אויף איהר: איהר גאַנצער יונגער, ראַ־זעווער פּנים האָט אזוי פריינדליך צו מיר געשמייכעלט, אַז איך אליין האָב אויך גענומען שמייכלען און זיך שיעור ניט צולאַכט פאַר פער־געניגען.

די טהיר האָט זיך געעפענט, און אזשאגין איז אריין. איך בין גלייך צוגעגאַנגען צו איהם און גענומען מיט איהםריידען פריי, אונ־געצוואונגען. איך וויים אליין ניט, ווי אזוי איך בין פערבליעבען צום מיטאָג און אויסגעזעסען דעם גאַנצען אבענד. אויף מאָרגען האָט אזשא־גין'ס לאַקעי, אַ לאַנגער און פאַדשליאַפּעטער מאַן, שוין געשמייכעלט צו מיר, ווי צו אַ הויז־ פריינד, בעת ער האָט פון מיר ארונטערגעשלעפּט מיין פּאַלטאָ.

ביז דעמאָלט האָב איך, דער איבעריגער מענש, אָהן עראַינערונגען וועגען אַ פאַמיליען־לעבען, זיך געפיהלט פערוואָגעלט, דעם טעם פון אַן אייגענער היים, פון אַן אייגענעם נעסט כאָטש אויף אַ ווײלע, דעם טעם פון פרייד און גליק אין דעם טעגליכען פאַמיליען־לעבען האָב איך ביז דעמאָלט ניט געוואוסט.

ווען איך זאָל זיך וועלען פערגלייכען צו אַ בלום, און ווען דער דאָזי־גער פערגלייך זאָל ניט זיין אזוי אַלט און אויסגעדראָשען, וואָלט איך געקאָנט זאָגען, אַז פון יענעם טאָג אָן האָב איך זיך פונאַנדערגע־בליהט.

אַלעס אין מיר און ארום מיר האָט מיט אמאָל זיך געענדערט! מיין גאַנץ לעבען איז בעשטראַהלט געוואָרען פון דער ליעבע, דאָס לע־בען מיינס אין גאַנצען, ביז די מינדסטע קלייניגקייטען, אַקוראַט ווי אַ פינסטערעסע, פערלאָזענעם צימער, אין וועלכען מען וואָלט אַ ליכט ארייננעטראָגען. איך האָב זיך געלייגט שלאָפען. אויפגעשטאַנען, אָנגע־טאָן זיך, פריהשטיק געגעסען, מיין פּיפּקע געראויכערט — אַנדערש, ווי פריהער; אפילו אין גאַנג האָב איך אונטערגעטאַנצט, כ'לעבען, אזוי ווי פליגלען וואָלטען פּלוצים ביי מיר אויסגעוואַקסען הינטער די אַקסלען.

איך געדענק, קיין איין מינוט האָב איך דאן ניט געצווייפעלט וועגען מיין געפיהל צו יעליזאוועטא'ן; פון דעם ערשטען טאָג אָן האָב איך זיך פערליעבט אין איהר און פון דעם ערשטען טאָג אָן האָב איך געוואוסט, אז איך בין פערליעבט. אין א משך פון דריי וואָכען האָב איך זי יעדען טאָג געזעהן. די דאָזיגע דריי וואָכען זיינען געווען די גליקליכסטע צייט אין מיין לעבען. אָבער צו טראַכטען וועגען יענער צייט איז מיר שווער. הויב איך אָן צו טראַכטען וועגען יענע גליקליכע דריי וואָכען, מוז איך שוין אויך טראַכטען וועגען דעם, וואָס עס האָט פּאַסירט נאָך די דריי וואָכען, און דאן דערפיהל איך, ווי א גיעפּטיגע גאַל צוגיעסט זיך טראָפּענווייז איבער מיין הארצען.

ווען א מענשען איז זעהר גוט, ארבייט זיין מוח, ווי עס איז בעוואוסט, ווענינ. א רוהיג און פריידיג געפיהל, א געפיהל פון בעפריעדיגונג, נעהמט דורך זיין גאַנץ וועזען; ער איז אין גאַנצען פערשלונגען פון דעם דאָזיגען געפיהל; דאָס בעוואוסטזיין פונ'ם „איך" ווערט אין איהם פערלאָרען; אָבער ווען דער דאָזיגער „גליקליכער צושטאַנד" איז אוועק, דאן פערדריסט דעם מענשען, עס ערגערט איהם, וואָרום ער האָט אין דער צייט פון זיין גליק, אזוי ווענינ געטראַכט וועגען זיינע געפיהלען, וואָרום ער האָט מיט זיינע געדאַנקען, מיט זיין מוח ניט פערצווייפאַכט די פערגעניגענס.... אזוי ווי א גליקליכער מענש וואָלט צייט געהאַט, און, איבערהויפּט, אזוי ווי עס וואָלט זיך איהם געלוינט, צו טראַכטען וועגען זיינע געפיהלען!

א גליקליכער מענש איז אזוי ווי א פליעג אויף דער זון. דערפאר טאַקי, אז איך דערמאָן זיך אָן יענע דריי וואָכען, קען איך ניט איינהאַלטען אינ'ם זכרון קיין איין ריכטיגען, בעשטימטען איינדרוק און בפרט נאָך, אז אינ'ם פערלויף פון יענע דריי וואָכען איז צווישען אונז ניט פאָרגעקומען גאָר נישט, וואָס מען זאָל קענען אָנרופען מערקווירדיגעס... די דאָזיגע צוואַנציג טעג קומען מיר פאָר, ווי עפּעס יונגעס, וואַרימעס און דופטענדיגעס, א מין ליכטיגער שטראַהל אין מיין דונקעלען און גרויען לעבען.

קלאָר נור געדענק איך די ביטערע מינוטען, וואָס זיינען געקומען שפּעטער...

יאָ, די דאָזיגע דריי וואָכען... אגב, מען קען ניט זאָגען, אז זיי זאָלען גאָר ניט האָבען איבערגעלאָזט אין מיין מוח קיין שום בילדער.

אמאָל, בעת איך טראַכט לאַנג וועגען יענער צייט, שווימען פּלוצים ארויס פון יענער פערגאַנגענהייט, וואָס איז שוין מיט פינסטערניש פערצויגען, מאַנכע ערינערונגען, מאַנכע בילדער, ווי שטערען אויף א פערנאַכטיגען הימעל פאַר אויפמערקזאַם־אָנגעשטרענגטע אויגען.

בעזונדערס קלאָהר און לעבעדיג טרעט ארויס פאַר מיר איין שפּאַציער־גאַנג איג'ם וועלדעל הינטער דער שטאָדט.

מיר זיינען געווען זאַלבע־פערט: ליזאַ, אָדער — יעליזאַוועטאַ, איהר מוטער, איך און איינער אַ קליינער בעאַמטער מיט'ן נאָמען ביז־מענקאָוו, אַ בלאָנדינקער, גוטינקער און שטילינקער מענשעלע. וועגען איהם וועל איך נאָך האָבען אַ סך צו דערצעהלען.

אזשאַגין אליין האָט זיך אָפּגעשטעלט אין דער־היים: דער קאָפּ האָט איהם וועה געטהאָן.

דער טאָג איז געווען אַ שעהנער, אַ וואַרימער און אַ שטילער.

מען מוז בעמערקען ,אַז פון פערגעניגונגס־גאָרטענס און פּלע־צער האַלט ניט דער רוסס. אין די גרעסערע שטעדט, אין די זאָגענאַנטע עפענטליכע גאָרטענס, וועט איהר קיינמאָל ניט טרעפען קיין לעבעדי־גען נפש; סיידען עפּעס אַן אַלטע וועט זיך דאָרט ערגעץ, קרעכצענדיג, צוזעצען אויף אַ גרינעס, פון דער זון אָנגעוואַרעמטען בענקעל, און אויך בלויז דעמאָלט, ווען ביים אריינגאַנג פונ'ם גאָרטען איז ניטאָ קיין פערשמאָלצענע באַנק. דערפאַר אָבער ווען נאָהענט אַרום דער שטאָדט געפינט זיך אַ שיטערער וועלדעל פון בירקענ־בוימער, ווערט ער שוין ניט פערלאָזען. הענדלער, און אָפט מאָל בעאַמטע אויך, פאָה־רען אַהין אין די זונטאָגען און אין די יום טובים, ברענגען צושלע־פּען מיט זיך אַהין סאַמאָוואַרען, געבעקס און קירבעסען, שטעלען און לייגען דאָס אַלעס אוים אויף די פערשטויבטע גראָז, ביים סאַמען וועג, צוזעצען זיך אַרום, עסען, טרינקען טהעע און שוויצען ביז שפּעט פאַרנאַכט.

אָט אַזאַ מין וועלדעל האָט זיך אויך געפונען אַ וויאָרסט צוויי פון דער שטאָדט אַ...

מיר זיינען געקומען אַהין נאָך מיטאָג, אָנגעטרונקען זיך, ווי גע־העריג, מיט טהעע און דערנאָך זיינען מיר אַלע זאַלבע־פערט אוועק שפּאַצירען איבער'ן וועלדעל.

ביזמענקאָוו האָט גענומען די אַלטע אונטער דער האַנד, איך — ליזאַ׳ן.

דער טאָג איז שוין באַלד אוועק. איך האָב זיך געפונען אין׳ם סאַמע ברען פון מיין ערשטער ליעבע (נאָך ניט קיינע פולע צוויי וואָכען זיינען אוועק זייט אונזער בעקאַנטשאַפט). אין יענעם צושטאַנד פון ליי־דענשאַפטליכער און אויפמערקזאַמער פערגעטערונג, ווען אייער גאַנצע נשמה קוקט נאָך ריין און ניט אויסגערעכענט נאָך יעדער בעוועגונג פונ׳ם געליעבטען וועזען; ווען איהר קענט זיך גאָר ניט גענוג אָנזעטיגען מיט זיין נאָהענטקייט, מיט זיין קול, ווען איהר שטראַהלט, און שיינט, און שמייכעלט, און קוקט אויס, ווי אַ קינד, וואָס איז געקומען צו זיך פון אַ שווערער קראַנקהייט, און אַן עטוואָס ערפאַהרענער מענש וועט פאַר הונדערט טריט דערקאָנען פונ׳ם דעם ערשטען בליק, וואָס מיט אייך טהוט זיך. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב זי געהאַלטען אונטער דער האַנד.

מיר זיינען געגאַנגען איינער נעבען אַנדערן, טרעטענדיג שטיל אי־בער די גרינע גראָז. אַ ליכט ווינטעלע האָט ווי געשוועבט אַרום אונז צווישען די ווייסע שטאַמען פון די בירקען־בוימער און צייטענווייז געוואָרפען מיר אין פנים אריין די שטענגע פון איהר הוט.

איך האָב אַזוי לאַנג געקוקט אויף איהר, ביז זי האָט, צום סוף, זיך פרעהלאַך אַ קעהר געטהאָן צו מיר און מיר ביידע האָבען אַ שמיי־כעל געטהאָן איינער צום אַנדערן.

די פויגעלאַך האָבען געשטריקעט איבער אונז, אַזוי ווי זיי וואָל־טען אונז מוטה געוואָלט צוגעבען, דער בלויער הימעל האָט פריינדליך ארויסגעשיינט דורך די קליינע בלעטער. דער קאָפּ האָט ביי מיר גע־דרעהט פאַר צופיעל גליק.

איך מוז גלייך בעמערקען, אַז ליזאַ איז ניט פערליעבט געווען אין מיר. איך בין איהר בלויז געפעהלען געווען. זי האָט זיך בכלל געהאַל־טען פריינדליך מיט יעדען איינעם, אָבער ניט מיר איז בעשערט געווען אויפצושטורמען איהר קינדערשע רוהיגקייט. זי איז געגאַנגען מיט מיר אונטער דער האַנד, ווי זי וואָלט מיט אַ ברודער געגאַנגען. זי איז דאַן אַלט געווען זיעבצעהן יאָהר.

און דאָך... אין דעם אייגענעם אָבענד טאַקי האָט זיך אין איהר נשמה אָנגעהויבען יענע טיעפע און שטילע בעוועגונג, וואָס פערוואַנ־

רעלט דאָס קינד אין אַ פּרוי... איך האָב בייגעוואוינט די דאָזיגע פּער־וואַנדלונג פון איהר גאַנצען וועזען, די אונשולדיגע איבעררעשונג איה־רע, די אונרוהיגע צוטראָגעגקייט; איך האָב דער ערשטער בעמערקט די פּלוצימדיגע ווייכקייט פון איהר בליק, די הילכענדיגע אונזיכער־קייט פון איהר שטימע — און אה, נאַר! אה, איבריגער מענש! איג'ם פערלויף פון אַ גאַנצער וואָך האָב איך זיך ניט געשעהמט צו דענקען, אַז איך, בין געווען די אורזאַך פון דער דאָזיגער פערענדערונג!

אָט ווי אַזוי דאָס האָט פּאַסירט.

מיר האָבען געשפּאַצירט גאַנץ לאַנג, ביז פאַרנאַכט, און האָבען וועניג גערעדט. איך האָב געשוויגען, ווי אַלע אונערפאַהרענע ליעבהאָ־בער, און זי האָט, מסתמא, ניט געהאַט וואָס צו זאָגען; אָבער זי האָט עפּעס אויסגעקוקט צוטראָגען, געשאָקעלט אויף אַ מערקווירדיגען שטיי־גער מיט'ן קאָפּ און פערטראַכט געביסען אַ אָפּגעריסען בלאַט. ציי־טענווייז האָט זי אָנגעהויבען צו געהן שנעל און פאָראויס, אַזוי ענט־שלאָסען... און דערנאָך האָט זי זיך פּלוצים ווידער אָפּגעשטעלט, האָט געוואַרט אויף מיר און געקוקט ארום זיך מיט פעררייסענע ברעמען און אַ צוטראָגענעם שמייכעל.

מיט אַן אָבענד צוריק האָב איך געהאַט מיט איהר געלעזען די פּאָעמע „דער געפאַנגענער פון קאַווקאַז". מיט וואָס פאַר אַ חשק זי האָט זיך צוגעהערט, אָנגעשפּאַרענדיג דעם פּנים אויףביידע הענד און צודריקענדיג זיך מיט דער ברוסט צום טיש!

איך האָב געוועזט פערפיהרט מיט איהר אַ שמועס וועגען דעם נעכטיגען לעזען; זי איז רויט געוואָרען, האָט מיך אַ פרעג געטהאָן, צו האָב איך געגעבען, איידער מיר האָבען דאָס הויז פערלאָזען, קאַ־נאַפּליעס דעם סניעגיר, האָט הויך אויפ'ן קול גענומען זינגען עפּעס אַ ליעדעל און איז פּלוצים אנשוויגען געוואָרען.

דער וועלדעל האָט זיך פון איין זייט געענדיגט מיט אַ גאַנץ טיעפען און משופּע'דיגען אָפּגרונד. אונטען האָט געפלאָסען אין דער־קרים אַ טייכעל, און הינטער איהם האָבען זיך געצויגען אויף אַ וויטען שטח, דאָ הויבענדיג זיך, ווי כוואַליעס, און דאָרט אויסגעשפּרייט, ווי ברייִ־טע טישטוכער, לאָנקעס אָהן אַ צאָהל, וואו־ניט־וואו איבערגעשניטענע מיט גראָבענס.

איך מיט ליזא'ן זיינען די ערשטע ארויסגעגאנגען פונ'ם וועלדעל; ביזמענקאוו איז געבליבען פון הינטען מיט דער אלטער.

מיר זיינען ארויס פונ'ם וועלדעל, זיינען שטעהן געבליבען און האבען ניט ווילענדיג פערזשמורעט די אויגען: גלייך געגען אונז אין מיטען פון א צוהיצטען נעבעל האט זיך ארונטערגעלאזט א פלאמענדי־גע, זעהר גרויסע זון. א האלבער הימעל האט געפלאקערט פייער־רויט; רויטע שטראהלען האבען זיך געבראכען אין דער קרים איבער די לאנ־קעס, ווארפענדיג א רויטען אפשיין אפילו אויף דער שאטענדיגער זייט פון די גראבענס, האבען זיך צוגאסען, ווי פייערדיגער בליי, איבער'ן טייכעל דארט, וואו ער האט זיך ניט בעהאלטען הינטער די בושעס, און האבען זיך אזוי ווי מיט געוואלד געשפארט צום אפגרונד און דעם וועלדעל אין הארצען אריין.

מיר זיינען געשטאנען פערגאסען מיט דעם ברענענדיגען גלאנץ. איך בין ניט אימשטאנד איבערצוגעבען די גאנצע ליידענשאפטליכע פייערליכקייט פון דעם דאזיגען בילד. מען זאגט, אז איינעם א בלינ־דען האט זיך די רויטע פארב פארגעשטעלט אלס דער רוף פון א הארן; איך ווייס ניט, ווי ווייט דער דאזיגער פערגלייך איז ריכטיג, אבער עס איז אמת, אז אין דעם דאזיגען פלאקערענדיגען גאלד פון דער פאר־נאכטיגער לופט, אין דעם פייערדיגען גלאנץ פון הימעל און ערד, האט זיך געפיהלט עטוואס רופענדיגעס, עטוואס וועקענדיגעס.

איך האב א געשריי געטהאן פאר בעגייסטערונג און זיך גלייך א קעהר געטהאן צו ליזא'ן. זי האט געקוקט גלייך אין דער זון אריין. איך געדענק, דאס פייער פון דער אונטערגעהענדיגער זון האט זיך אפגע־טונקט מיט קליינצינקע פייערדיגע פינטעלאך אין איהרע אויגען. זי איז געוועזען איבערראשט, טיעף געריהרט. זי האט גאר ניט געענטפערט אויף מיין געשריי, איז א לאנגע צייט געשטאנען אויף איין ארט, ווי פערגליווערט, האט ארונטערגעלאזט דעם קאפ...

איך האב אויסגעשטערקט צו איהר א האנד; זי האט זי אפגע־קעהרט און פלוצים זיך בענאסען מיט טרעהרען.

איך האב געקוקט אויף איהר מיט א געהיימער, כמעט פרייי־דיגער איבערראשונג...

פלוצים האט זיך דערהערט פון דער נאהענט הינטער אונז ביז־

מענקאָוו'ס קול. ליזא האָט שנעל אָפּגעווישט די אויגען און אַ קוק גע־טהאָן אויף מיר מיט אַ ניט־דרייסטען שמייכעל.

די אַלטע איז ארויס פונ'ם וועלדעל, אָנגעשפּארט אויף דער האַנד פון איהר בלאָנדען קאַוואַליער. זיי ביידע האָבען אויך בעוואונדערט דאָס בילד.

די אַלטע האָט עפּעס געפרעגט ביי ליזא'ן, און איך געדענק, ווי איך האב אַ ציטער געטהאָן, בעת אלס ענטפער האט אָפּגעהילכט, ווי אַן אָנגעפּלאַצט גלאָז, דאָס צובראָכען קול'כעלע פון איהר טאָכ־טער.

דערווייל איז זיך די זון אונטערגעגאַנגען, דער רויטער הימעל האָט זיך גענומען לעשען.

מיר זיינען אַוועק צוריק. איך האָב ווידער גענומען ליזא'ן אונטער דער האַנד.

אינ'ם וועלדעל איז נאָך געווען ליכטיג, און איך האָב קלאָהר געקאָנט זעהן איהר פּנים. זי איז געווען צומישט און האָט געהאַלטען די אויגען ארונטערגעלאָזט. די רויטע פארב, וואָס האָט געברענט אויף איהרע ביידע באַקען, איז ניט פערשוואונדען, אַקוראַט ווי זי וואָלט נאָך אַלץ געשטאַנען אונטער די שטראַהלען פון דער אונטערגעהענדי־גער זון...

איהר האַנד האָט עטוואָס בעריהרט מיינע. אַ לאַנגע צייט האָב איך ניט געקענט אַ וואָרט ארויסריידען, אַזוי שטארק האָט געשלאָגען מיין הארץ. פון ווייטען צווישען די בוימער האָט אַ מיניע געטהאָן אונ־זער קאַטש; דער קוטשער איז לאַנגזאַם געפאָהרען אונז אַנטקעגען איבער'ן ווייכען זאַמד פונ'ם וועג.

— יעליזאַוועטאַ קירילאָוונאַ — האָב איך צום סוף ארויסגערעדט — וואָרום האָט איהר געוויינט?

— איך ווייס ניט — האָט זי געענטפערט נאָך אַ קורצען שוויי־גען, אַ קוק געטהאָן אויף מיר מיט איהרע גוטע, נאָך פייכטע פון טרעה־רען אויגען, וואָס האָבען איצט ווידער געהאַט אַנאַנדער אויסדרוק, און איז אַנשוויגען געוואָרען.

— ווי איך זעה, האָט איהר ליעב די נאַטור... — האָב איך ווי־דער אָנגעהויבען — איך האָב גאָר ניט דאָס געוואָלט זאָגען, און אפילו די דאָזיגע פראַזע האָב איך אויך קוים ארויסגעשטאַמעלט.

זי האָט אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ.

איך האָב מעהר קיין וואָרט ניט געקענט ארויסברענגען... איך האָב עפּעס ערוואַרטעט... ניט קיין ערקלעהרונג אין ליעבע, חלילה — וואו! איך האָב ערוואַרטעט אַ פערטרוייליכען בליק, אַ פראַגע. אָבער ליזאַ האָט געקוקט אויף דער ערד און געשוויגען.

איך האָב נאָך אַמאָל שטיל געפרעגט: „וואָרום", און ווידער קיין ענטפער ניט געקראָגען. זי האָט זיך גענומען פיהלען — איך האָב עס בעמערקט — אונאַנגענעהם, האָט זיך כמעט געשעהמט.

אין אַ פערטעל שטונדע אַרום זיינען מיר שוין געזעסען אינ'ם קאָוטש און זיינען געפאָהרען אין שטאָדט. די פערד זיינען מיט חשק געלאָפען. מיר האָבען זיך שנעל געטראָגען דורך דער פייכטער, דונקעלענדיגער לופט.

איך האָב זיך פּלוצים צורעדט, געווענדעט זיך דאָ צו ביזמענקאָוו'ן, דאָ צו דער אַלטער, אויף ליזאַ'ן האָב איך ניט געקוקט, אָבער איך האָב געקאָנט בעמערקען, ווי פון אַ ווינקעל פון דעם קאָוטש האָט זיך איהר בליק ניט איינמאָל אָפּגעשטעלט אויף מיר.

אין דער־היים איז זי לעבעדיגער געוואָרען, פונדעסטוועגען האָט זי לעזען מיט מיר ניט געוואָלט און איז באַלד אַוועק שלאָפען.

די פערוואַנדלונג. יענע פערוואַנדלונג, וועגען וועלכער איך האָב גערעדט איז שוין אין איהר פאָרגעקומען. זי איז שוין מעהר ניט געווען קיין מיידעלע, זי האָט אויך גענומען ערוואַרטען... ווי איך... עטוואָס. זי האָט לאַנג ניט געוואַרט.

אָבער איך האָב יענעם אָבענד זיך צוריקגעקעהרט אַהיים אין גאַנצען אַ בעצויבערטער. דער דונקעלער — איך ווייס ניט, ווי איך זאָל דאָס רופען: פאָרגעפיהל, פערדאַכט, וואָס האָט זיך געוועזט אריינגע'גנב'עט אין מיר, איז פערשוואונדען; די פּלוצימדיגע געצוואונגענקייט, מיט וועלכע ליזאַ איז זיך בעגאַנגען מיט מיר די לעצטע עטליכע שטונדען, האָב איך ערקלעהרט מיט מיידעלשער שעהמעוודיגקייט, ניט־דרייסטקייט... האָב איך דען ניט געלעזען טויזענד מאָל אין פערשיעדענע פערפאַסונגען, אַז די ערשטע צייכענס פון ליעבע שרעקען און רעגען אימער דאָס מיידעל?

איך האָב זיך געפיהלט זעהר גליקלאַך און אינ'ם מוח האָב איך שוין געבויט פערשיעדענע פּלענער...

אַז עמיצער וואָלט מיר דעמאָלט געזאָגט אויפ'ן אויער: „אַ ליי־גען, ברודער־לעבען! ניט דאָס איז דיין צוקונפט... דיין ריכטיגע צו־קונפט איז: צו שטאַרבען אַן עלענדער ערגעץ אין אַ חושכ'דיגען שטיבעל, אונטער דער אונאויסשטעהליכער וואָרטשעריי פון אַן אַל־טער פרוי, וואָס וואַרט און קען זיך ניט דערוואַרטען אויף דיין מיתה, אום צו קאָנען דערנאָך פערקויפען פאַר אַ פּאָאַר גראָשען דיינע שיך"...

יאָ, ניט וועלענדיג וועסטו זאָגען צוזאַמען מיט אַ געוויסען רו־סישען פילאָזאָף: „ווער קאָן וויסען, וואָס ער ווייסט ניט?" ביז מאָר־גען.

---

25טען מערץ, — אַ ווייסער, ווינטערדיגער טאָג.

איך האָב איבערגעלעזען דאָס, וואָס איך האָב נעכטען אָנגע־שריעבען, און האָב שיער־שיער ניט צוריסען דעם גאַנצען העפט. מיר ווייזט זיך אויס, אַז צו זיעס און צו לאַנג איז דאָס ארט פון מיין דערצעהלען. אָבער אַזוי ווי פון מיינע עראינערונגען וועגען יענער צייט קען איך קיין בעזאָנדערען פערגעניגען ניט האָבען, סיידען דעם קראַנ־קען פערגעניגען פון אויפריהרען אַלטע וואונדען, הײנט וואָרום זאָל איך זיך ניט נאָכגעבען? און דערפאַר דערצעהל איך וויטער אָהן שום זיעסיגקייטען.

איג'ם פערלויף פון דער גאַנצער וואָך, נאָך דעם שפּאַציער־גאַנג מיט ליזאַ'ן הינטער דער שטאָדט, האָט זיך מיין לאַגע אויף אַ האָאָר ניט געענדערט, הגם אין ליזאַ'ן האָט מען די ענדערונג געקאָנט בעמערקען מיט יעדען טאָג אַלץ דייטליכער, אַלץ קלאָהרער. ווי איך האָב שוין געזאָגט, האָב איך די דאָזיגע ענדערונג ערקלעהרט מיט איהר ליעבע צו מיר... דאָס אונגליק פון אַזוינע עלענדע און ניט דרייסטע מענשען, ווי איך — אוים אייגענליעבע ניט דרייסטע, — בעשטעהט אין דעם, וואָס האָבענדיג אויגען און זאָגאָר אויסשטי־רענדיג זיי, זעהן זיי גאָר גישט, אָדער זעהן אַלעס אין אַ פאַלשען ליכט, ווי דורך געפאַרבטע ברילען, זייערע אייגענע געדאַנקען און בעאָבאַכטונגען שטערען זיי אויף שריט און טריט.

אין אָנפאַנג פון אונזער בעקאַנטשאַפט האָט זיך ליזא בעדהאַל־טען צו מיר מיט צוטרויען, פריי און אונגעצוואונגען, ווי אַ קינד; עס קאָן זיין, אַז אין איהר פריינדשאַפט צו מיר איז געווען עטוואָס מעהר, ווי געוועהנליכע קינדערשע צוגעבונדקייט... אָבער, ווען עס איז אין איהר פאָרגעקומען יענע זאָנדערבאַרע, כמעט פּלוצימדיגע ענדערונג, האָט זי, נאָך אַ קורצער איבערראַשונג, אָנגעהויבען זיך צו פיהלען אין מיין געגענוואָרט ניט רוהיג, אַקוראַט ווי עס וואָלט איהר ענג גע־וואָרען מיט מיר, האָט כסדר דעם קאָפּ אָפּגעקעהרט פון מיר, געבענקט און פערטראַכט זיך... זי האָט עפּעס ערוואַרטעט... וואָס? זי האָט אַליין ניט געוואוסט... און איך... איך, ווי איך האָב שוין געזאָגט, האָב זיך געפרעהט מיט דער דאָזיגער ענדערונג... עהרענוואָרט, איך בין, ווי מען זאָגט, שיער־שיער ניט אויסגעגאַנגען פאַר התפּעלות, פאַר בעגייסטערונג.

אגב, איך וועל צוגעבען, אַז אַנאַנדערער אויף מיין פּלאַץ וואָלט זיך אויך געקאָנט אָפּנאַרען... ווער איז עס אין זיך ניט גענאַרט? ווער האָט עס ניט זיין ביסעלע אייגען־ליעבע? איך דאַרף אייך ניט זאָגען, אַז דאָס אַלעס איז מיר ערשט קלאָהר געוואָרען העט שפּעטער, בעת מיר איז אויסגעקומען אַרונטערצולאָזען מיינע צובראָכענע, אָהן דעם אויך ניט גאַנץ שטאַרקע, פליעגלען.

די דאָזיגע מיספערשטענדניס צווישען מיר און ליזא'ן האָט גע־דויערט אַ גאַנצע וואָך, און קיין וואונדער איז עס אויך ניט: איך האָב בייגעוואוינט מיספערשטענדניסען, וואָס האָבען געדויערט יאָהרען און יאָהרען. און, איבערהויפּט, ווער זאָגט עס עפּעס, אַז בלויז די וואָר־הייט איז ווירקליך, אַז בלויז דער אמת האָט לאַנגע יאָהרען? די פאַלשקייט, דער ליגען, איז אויך אַזוי לעבענס־פעהיג, האָט אויך אַזאַ לאַנגען קיום, ווי די וואָרהייט, אויב נאָך ניט מעהר...

אמת, איך געדענק, מאַנכעסמאָל אפילו אין יענער וואָך אויך האָב איך געפיהלט דעם וואָרים אין זיך.. אָבער אונזערער איינער, אַן עלענדער מענש, זאָג איך נאָך אַמאָל, איז אַזוי אונפעהיג צו פער־שטעהן, וואָס אין זיין האַרצען טהוט זיך, ווי דאָס, וואָס געהט פאַר פאַר זיינע אויגען. און חוץ דעם: איז דען די ליעבע אַ נאַטירליך גע־פיהל? מוז דען דער מענש ליעבען לויט זיין כאַראַקטער? די ליעבע

איז אַ קראַנקהייט, און פאַר אַ קראַנקהייט איז קיין געזעץ ניט געשריע־בען.

איך גיעב צו, ביי מיר האָט צייטענווייז דאָס האַרץ אונאַנגע־נעהם געציטערט, אָבער אַלעס אין מיר איז דאָך דאַן איבערגעדרעהט געוועזן מיט'ן קאָפּ אַרונטער. געה דאַן און קלייב זיך פונאַנדער, וואָס עס איז גוט און וואָס ניט, וואָס איז די אורזאַך, די בעדייטונג פון יע־דען בעזונדערען געפיהל?

אָבער, ווי דאָרט זאָל ניט זיין, די דאָזיגע אַלע מיספערשטע'י־ד־ניסען, פאַרגעפיהלען און האָפנונגען זיינען באַלד צוקלאַפּט געוואָ־רען.

אָט ווי אַזוי דאָס האָט פּאַסירט.

איינמאָל — די געשיכטע איז פאָרגעקומען אין אַן אין־דער־פריה אַ זייגער צוועלף — איך האָב נאָך קיין צייט ניט געהאַט אריינ־צוגעהן אין פאַרצימער פון אזשאַגין'ס הויז, ווי איך האָב דערהערט פונ'ם זאַאַל אַן אונבעקאַנטע, הילכענדיגע שטימע. די טהיר האָט זיך געעפענט, און אויפ'ן שוועל האָט זיך בעוויזען, בעגלייט פון דעם בעל הבית, אַ שלאַנקער און הויכער מאַנספּאַרשוין אַ יאָהר פינף און צוואַנציג אַלט. ער האָט שנעל אויף זיך ארויפגעוואָרפען אַ מי־ליטערישען שינעל, וואָס איז געלעגען אויף אַ בענקעל, פריינדליך זיך געזעגענט מיט אזשאַגין'ען און, פערבייגעהענדיג מיך, האָט ער צו־געלייגט אַ האַנד צו זיין מיליטערישע הוט און איז אַוועק, הילכענדיג מיט די שפּאָרען.

— ווער איז דאָס? — האָב איך געפרעגט ביי אזשאַגין'ען.

— פירסט נ. — האָט ער געענטפערט מיט אַ פערזאָרגטען פּנים — מען האָט איהם אַרונטערגעשיקט פון פּעטערסבורג, אַנצונעהמען רעקרוטען. אָבער וואו זיינען עס פערפאַלען געוואָרען די דיענער? דעם שינעל האָט איהם קיינער ניט דערלאַנג — האָט ער צוגעלייגט מיט פערדרוס.

מיר זיינען אריין אין זאַאַל.

— ער איז שוין לאַנג דאָ? — האָב איך געפרעגט.

— מען זאָגט, זייט נעכטען פאַרנאַכט. איך האָב איהם פאָרגע־לייגט אַ צימער ביי זיך, ער האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט. אָבער ער שיינט צו זיין זעהר אַ ליעבענסווירדיגער מענש.

— ער האט ביי איך לאנג פערבראכט?

— ביי א שטונדע. ער האט מיך געבעטען, איך זאל איהם פאר־שטעלען פאר מיין פרוי.

— און איהר האט פארגעשטעלט?

— ווי־דען?

— און מיט יעליזאבעטא קירילאוונא'ן האט ער זיך אויך...

— ער איז מיט איהר אויך בעקאנט געווארען, ווי־דען?

איך בין אנשווייגען געווארען.

— איהר ווייסט ניט, ער איז געקומען אהער אויף לאנג?

— יא, איך דענק, אז ער וועט דא מוזען פערברענגען איבער צוויי וואכען.

און אזשאגין איז אנטלאפען זיך אנטאן.

איך בין זיך עטליכע מאל דורכגעגאנגען איבער'ן זאאל. איך געדענק ניט, אז דאס קומען פונ'ם פירסט נ. זאל האבען דאן גע־מאכט אויף מיר א בעזונדערען איינדרוק, אויסער יענעם אונאנגע־נעהמען געפיהל, וואס די ערשיינונג פון א נייער פערזאן אין אונזער ענגען קרייז ערוועקט אין אונז, געוועהנליך. אפשר, האט זיך נאך צו דעם דאזיגען געפיהל צוגעמישט א געוויסער מין קנאה פון אן אונבעוואוסטען, ניט־דרייסטען יונגענמאן אוים מאסקווא צו א גלענ־צענדיגען אפיציער אוים פעטערסבורג. „א פירסט — האב איך גע־טראכט— א חברה־מאן אוים פעטערסבורג, מסתמא וועט ער אויף אונז קוקען פון אויבען ארונטער"... איך האב איהם מעהר ניט גע־זעהן ווי איין מינוט, און דאך האב איך אפילו אין דער דאזיגער קורצער צייט בעמערקט, אז ער איז א שעהנער, כוואטסקער יונג, וועלכער ווייסט ווי זיך צו האלטען.

דורכגעגאנגען זיך עטליכע מאל איבער'ן זאאל, האב איך זיך אפגעשטעלט פאר'ן שפיעגעל, ארויסגענומען פון א קעשענע א קאם, פערריכט די האאר דא, דארט, און, ווי עס טרעפט אמאל, האב זיך גלייך פערטיעפט אין דער בעטראכטונג פון מיין אייגענעם פנים. איך געדענק, מיין גאנצע אויפמערקזאמקייט האב איך דאן געשענקט מיין נאז. די ווייכליכע און אונבעשטימטע שטריכען פון דעם דאזיגען גליעד מיינעם האבען מיר גאר ניט פערשאפט קיין פערגעניגען. ערשט פלוצים האט אין דער דונקעלער טיעפעניש פון דעם אויסגעבויגטען שפיע־

געל, וואָס האָט אָפּגעשפּיעגעלט אין זיך כמעט דעם גאַנצען צימער, זיך געעפענט א טהיר, און עס האָט זיך בעוויזען די שלאַנקע געשטאַלט פון ליזאַ'ן.

איך ווייס ניט, וואָרום איך האָב זיך בעת מעשה ניט א ריהר געטהאָן און אָנגעהאַלטען אויף מיין פּנים דעם פריהערדיגען אויס־דרוק. ליזאַ האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ, אויפמערקזאַם א קוק געטהאָן אויף מיר, פעררייסען די ברעמען, פערביסען די ליפּען, און, איינהאַלטענדיג דעם אָטהעם, אַזוי ווי א מענש, וועלכער איז צו־פריעדען, וואָס מען האָט איהם ניט בעמערקט, האָט זיך פּאָרזיכטיג א רוק געטהאָן צוריק און שטיל א ציה געטהאָן נאָך זיך די טהיר. די טהיר האָט שוואַך א סקריפּע געטהאָן, ליזאַ האָט זיך א טרייסעל געטהאָן און איז פערגליווערט געוואָרען אויפ'ן אָרט... איך האָב זיך נאָך אַלץ ניט גערוהרט... זי האָט ווידער א שלעפּ געטהאָן נאָך זיך די טהיר און איז פערשוואונדען.

קיין ספק האָט ניט געקענט מעהר זיין: דער אויסדרוק פון לי־זאַ'ס פּנים, בעת זי האָט דערזעהן מיין פּערזאָן, יענער אויסדרוק, אין וועלכען מען האָט מעהר גאָר נישט געקאָנט בעמערקען אויסער דעם איין־איינציגען וואונש, וואָס שנעלער אָפּצוטראָגען זיך, אויסצו־מיידען מיך, דער שנעלער גלאַנץ פון פערגעניגען, וועלכען איך האָב צייט געהאַט צו כאַפּען אין איהרע אויגען, בעת איהר האָט זיך אויסגעדאכט, אַז איהר איז געלונגען ארויסצורוקען זיך אַן אונבע־מערקטע, — דאָס אַלעס האָט צו מיר קלאָהר, צו קלאָהר, גערעדט, אַז זי ליעבט מיך ניט...

איך האָב לאַנג־לאַנג ניט געקענט אָפּרייסען די אויסגעגלאָצטע אויגען פון דער אונבעוועגליכער, שטומער טהיר, וועלכע האָט זיך ווי־דער בעוויזען אין דער טיעפעניש פונ'ם שפּיעגעל, האָב געוואָלט א שמייכעל טהאָן צו דער אייגענער אויסגעצויגענער פּערזאָן, האָב אָבער אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ, אַוועק אַהיים און זיך א וואָרף גע־טהאָן אויף דער זאָפע.

מיר איז געווען זעהר שווער, אַזוי שווער, אַז איך האָב וויינען ניט געקענט... און וועגען וואָס איז דאָרט געווען צו־וויינען?

— שוין־זשע — האָב איך ניט אויפגעהערט צו ריידען צו זיך,

ליגענדיג, ווי א דער'הרג'עטער, אויפ'ן רוקען מיט די הענד אויף דער ברוסט: — שוין־זשע?...

ווי געפעהלט איך אזא „שוין־זשע?"...

---

26טען מערץ, — א זוננינער טאג.

אויף מארגען, נאך א לאנגען ישוב הדעת, ווען איך בין אריינגעגאנגען אין דעם בעקאנטען פארצימער פון אזשאגינ'ס הויז, בין איך שוין ניט געווען דער אייגענער מענש, וועלכען זיי האבען געקאנט די גאנצע דריי וואכען. אלע מיינע פריהערדיגע תנועות און האוואיעס, פון וועלכע איך האב שוין געהאט זיך גענומען אפגעוואוינען אונטער דעם איינפלוס פון דעם נייעם פאר מיר געפיהל, האבען פלוצים מיך ווידער בעהערשט, אזוי ווי בעלי בתים, וואס האבען זיך צוריקגעקעהרט אין זייער הויז. אזוינע מענשען, ווי איך, רעכענען זיך בכלל ניט אזוי פיעל מיט די קאנקרעטע פאקטען, ווי מיט זייערע אייגענע איינדריקע: איך, וואס ערשט נעכטען האב איך גע'חלום'ט וועגען דער גליקזעליגקייט פון „אונזער ליעבע", האב שוין היינט גאר ניט געצווייפעלט אין מיין „אונגליק" און בין געווען אויסער זיך, הגם איך האב נאך אליין קלאהר ניט געוואוסט ווארום. איך האב דאך ניט געקענט זיין אייפערזיכטיג צו דעם פירסט נ., וואס פאר א מעלות ער זאל דארט ניט האבען, אבער זיין איין בעוויזען זיך איז נאך ניט גענוג געווען, אום אויסצו־ווארצלען מיט איין מאל ליזא'ס פריינדשאפט צו מיר... וואס פאר א נארישקייט רייד איך! פריינדשאפט... וואו האב איך געזעהן די דאזיגע פריינדשאפט ליזא'ס? איך האב זיך גענומען דערמאנען. „און דער שפאציער גאנג אינ'ם וואלד?" — האב איך ביי זיך געפרעגט: „און דער אויסדרוק פון איהר פנים, וואס איך האב בעמערקט אינ'ם שפיעגעל?" — האב איך זיך געענטפערט. „אבער דער שפאציר־גאנג, איז דאכט זיך... גאט מיינער, וואס א קליינציגקער נפש איך בין!" — האב איך צום סוף אויסגעשריען אויפ'ן קול.

אַט וואָס פאַר אַ מין ניט דערעדטע, ניט דערטראַכטע געדאַנ־קען האָבען זיך, ווי אַ שטורם ווינד, געדרעהט אין מיין מוח.

איך זאָג נאָך אַמאָל, צו די אַזשאַגינ'ס האָב איך זיך יענעם טאָג צוריקגעקעהרט ווידער דער אַלטער קרענקליכער מענש, וואָס איך בין געוועזען זייט מיין קינדהייט, — וואָס האָט זיך געהאַלטען אוננאַטיר־ליך אָנגעשטרענגט און האָט פערדעכטיגט אַלעס און אַלעמען...

איך האָב געטראָפען די גאַנצע פאַמיליע איג'ם גאַסט־צימער; ביזמענקאָוו איז דאָ אויך געזעסען אין אַ ווינקעל. זיי אַלע זיינען גע־ווען גוט אויפגעלייגט, בעזאָנדערס אַזשאַגין. ער האָט געשיינט און גלייך, ווי איך בין אריין, האָט ער מיר אָנגעזאָגט, אַז דער פירסט האָט ביי איהם נעכטען פערבראַכט אַ גאַנצען אָבענד.

ליזאַ האָט מיך רוהיג בעגריסט.

— נו — האָב איך מיר געטראַכט — איצט פערשטעה איך שוין, וואָרום איהר זייט אַזוי גוט אויפגעלייגט.

איך בין זיך מודה, דער צווייטער בעזוך פון דעם פירסט האָט מיך אַביסעל צוטומעלט. איך האָב עס ניט ערוואַרטעט. אונזערער אַ מענש, בכלל, ערוואַרטעט אַלעס אויף דער וועלט, אויסער דאָס, וואָס מוז פּאַסירען...

איך האָב זיך אָנגעבלאָזען און געמאַכט אַ מינע פון אַ בעליי־דיגטען, אָבער גרויסמוטהיגען מענשען; האָב געוואָלט בעשטראָפען ליזאַ'ן מיט מיין קאַלטקייט, פון וואָס, אגב, מען קאָן דרינגען, אַז אין גאַנצען האָב איך נאָך מיין האָפנונג, אַז זי ליעבט מיך, ניט געהאַט פערלאָרען.

ליזאַ האָט אויף דעם אונשולדיגסטען שטייגער ניט געשענקט מיר קיין ברעקעל אויפמערקזאַמקייט. בלויז אַזשאַגינ'ס פרוי האָט בעמערקט מיין פייערליכען שווייגען און האָט ביי מיר געפרעגט, אויב איך בין ניט געזונד. איך, פערשטעהט זיך, האָב איהר מיט אַ ביטערען שמייכעל געענטפערט, אַז, דאַנקען גאָט, איך בין פאָלקאָם געזונד.

אזשאַגין האָט ווייטער דערצעהלט וועגען זיין גאַסט, אָבער, בע־מערקט, אַז איך האָב ניט קיין חשק איהם צו ענטפערען, האָט ער זיך מעהר געווענדעט צו ביזמענקאָוו'ן, וועלכער האָט זיך צוגעהערט צו איהם מיט גרויסער אויפמערקזאַמקייט.

פּלוצים איז אריינגעקומען אַ דיענער און געמעלדעט, אַז דער

פירסט איז געקומען; זשאַגין איז אויפגעשפּרונגען און איז אַוועק־געלאָפען איהם אַנטקעגען; ליזא, אויך וועלכער איך האָב אויסגע־גלאָצט אַן אדלער־אויג, איז רויט געוואָרען פאַר פערגעניגען און האָט זיך גענומען דרעהען אויף איהר שטול.

דער פירסט איז אריינגעקומען, אַן אָנגעפּערפיומטער, אַ פרעה־ליכער און אַ פריינדליכער...

אַזוי ווי איך פערפאַס ניט קיין ערצעהלונג פאַר דעם פריינדליכען לעזער, נור שרייב איינפאַך פאַר מיין אייגענעם פערגעניגען, האַלט איך פאַר איבריג צו בענוצען זיך מיט די פערשיעדענע קונצען פון די ערשטע ליטעראַטען. איך וועל גלייך זאָגען אָהן וויטערדיגע שלע־פּענישען, אַז ליזא האָט זיך פון דעם ערשטען טאָג אָן ליידענשאַפטליך פערליעבט אין דעם פירסט און דער פירסט האָט זי ליעב געקראָגען, טהיילווייז, מחמת ער האָט ניט געהאַט וואָס אַנדערש צו טהאָן, און טהיילווייז, מחמת ער איז געוואוינט געווען צו פערדרעהען פרויען די קעפּ, אָבער אויך דערפאַר, ווייל ליזא איז אין אמת'ן געווען זעהר אַ ליעב וועזען.

עס איז גאַנץ נאַטירליך געווען, אַז זיי זאָלען זיך פערליעבען. ער האָט, וואהרשיינליך, זיך ניט געריכט צו געפינען אין דער דאָזיגער גאָטספערדאַמטער שטאָדט אַזאַ בריליאַנט, ווי ליזא איז געווען, און זי האָט ביז דעמאָלט אפילו אין חלום ניט געזעהן אַזאַ עלעגאַנטען, קלוגען און בעצויבערענדען אריסטאָקראַט.

זשאַגין האָט באַלד מיך פאָרגעשטעלט פאַר'ן פירסט, וועלכער איז זיך בעגאַנגען מיט מיר זעהר העפליך. ער איז בכלל געווען זעהר העפליך מיט יעדען, טראָץ דעם גרויסען אונטערשיעד צווישען איהם און אונז אַלעמען, און האָט זיך געהאַלטען מיט אונז ווי איינער מיט זיין גלייכען.

דער דאָזיגער ערשטער אבענד... אַה, דער דאָזיגער ערשטער אבענד! איך האָב דאַן אַזוי געליטען, בעת איך האָב דעם ערשטען מאָל דערזעהן דעם פירסט נעבען ליזא'ן. מיין נאַכאַנאַנד אָנגעשטרענגטער שמייכעל, דאָס פּיינליכע בעאָבאַכטען זיי, מיין נאַריש שווייגען, מיין ווילען און ניט קענען אַוועקגעהן, דאָס אַלעס איז, וואהרשיינליך, געווען גאַנץ אינטערעסאַנט אין אַ געוויסען זין. איך האָב זיך געמוזט מודה זיין, אַז דער פירסט איז ווירקליך געווען אַ גאַנץ ליעבענסווירדיגער יונגער־

מאַן... איך האָב איהם געשלונגען מיט די אויגען, איך האָב, ווירקליך, פערגעסען, ווי צו פינטלען, קוקענדיג אויף איהם.

ער האָט גערעדט ניט בלויז מיט איין ליזא׳ן, אָבער, פערשטעהט זיך, אז גערעדט האָט ער בלויז פאַר איהר.

הפנים, איך האָב איהם שטאַרק דערעסען... ער האָט מסתמא באַלד זיך אָנגעשטויסען, אז ער האָט דאָ צו טהאָן מיט א צרה׳דיגען פערליעבטען, נור אויס מיטלייד צו מיר און אויך אויס דעם טיעפען בעוואוסטזיין פון מיין אונשעדליכקייט, איז ער זיך מיט מיר בעגאַנגען זעהר און זעהר מילד. קאָנט איהר זיך פאָרשטעלען, ווי דאָס האָט מיך בעליידיגט!

אינ׳ם פערלויף פונ׳ם אָבענד, געדענק איך, האָב איך געפּרובט פערגלעטען מיין שולד; איך (לאַכט נור ניט פון מיר, ווער איהר זאָלט ניט זיין, ווער עס וועט די דאָזיגע ציילען לעזען, בעזאָנדערס ווען דאָס איז געווען מיין לעצטע האָפנונג)... איך האָב, עהרענוואָרט, אין מיטען פון מיינע פערשיעדענע יסורים, פּלוצים זיך אין קאָפּ אריינ־גענומען, אַז ליזא וויל מיך בעשטראָפען פאַר מיין פרעכע קאַלטקייט, וואָס איך האָב צו איהר ארויסגעוויזען יענעם אָבענד, איידער דער פירסט איז אריינגעקומען, אַז זי איז בייז אויף מיר און בלויז אויס פערדרוס אויף מיר קאָקעטירט זי איצט מיט׳ן פירסט.

איך האָב אָפּגעוואַרט א מאָמענט, בעת זי איז אויף א ווײַלע אָפּגעטראָטען פון דעם פירסט, בין צוגעגאַנגען צו איהר מיט א רוהי־גען, אָבער פריינדליכען שמייכעל און ארויסגעשטאַמעלט:

— גענוג, פערצייהט מיר... איך זאָג עס ניט דערפאַר, ווייל איך האָב מורא...

און ניט דערוואַרט זיך אויף איהר ענטפער, האָב איך געמאַכט א פרעהליכע און פרייע מינע, א שמייכעל געטהאָן, א פיהר געטהאָן מיט א האַנד איבער׳ן קאָפּ (איך געדענק, איך האָב געוואָלט פעררריכטען דעם קראַוואַט אויפ׳ן האַלז), און האָב געוואָלט זיך זאָגאַר א דרעה טהאָן אויף איין פוס, אזוי ווי וועלענדיג זאָגען: „א סוף, איך בין גוט אויפגעלייגט, טאָ זאָלען מיר אַלע זיין גוט אויפגעלייגט", דאָך האָב איך זיך ניט א דרעה געטהאָן, ווייל איך האָב בעת מעשה דער־פיהלט עפּעס א קעלט אין די קניע...

ליזא האָט מיך ניט פערשטאַנען, פערוואונדערט א קוק געטהאָן

אויף מיר, האָט אויף גיך א שמייכעל געטהאָן, אַקוראַט ווי זי וואָלט וואָס גיכער זיך וועלען אָפּטשעפּען פון מיר, און איז ווידער צוגעגאַנגען צום פירסט.

ווי איך בין ניט געווען בלינד און טויב, אָבער אין האַרצען האָב איך זיך געמוזט מודה זיין, אַז זי איז גאָר ניט געווען ברוגז אויף מיר אין דער דאָזיגער מינוט: איך האָב איהר פשוט ניט אינטערעסירט.

דער קלאָפּ איז געווען א צושטאַרקער: מיינע לעצטע האָפנונגען זיינען מיט א טרעסצעריי צופלאַצט געוואָרען, ווי א שטיק אייז, וואָס עס איז פון דער פריהלינגס־זון בעפאַלען געוואָרען, ווערט צופלאַצט אויף פּיץ־פּיצעלאַך.

ניין, זי איז ניט געווען ברוגז אויף מיר!...

פערקעהרט, נאָך קיינמאָל האָב איך זי ניט געזעהן אַזוי גוט אויפ־געלייגט, אַזוי לעבענסלוסטיג אויפגערעגט, אַזוי היגנעריסען, ווי אין דעם דאָזיגען אבענד.

איך וועל קיינמאָל ניט פערגעסען יענע הונגעריגע אויפמערקזאַמ־קייט, יענע זאַנפטע פרעהליכקייט, יענע אונשולדיגע זעלבסטפערגע־סענהייט, וואָס זי האָט ארויסגעוויזען אין דעם דאָזיגען אבענד, יע־נעם גליקליכען, אַזוי ווי א פונאַנדערגעבליהטער שמייכעל, וואָס האָט געשוועבט אויף איהרע האַלב אָפענע ליפּען און צופלאַמטע באַקען...

אַלעס, וואָס ליזא האָט ניט קלאָהר געמאַהנט אין דער צייט פון אונזער שפּאַציער־גאַנג איבער'ן וועלדעל, איז איצט מקיום געוואָרען, און, אָפּגעבענדיג זיך אין גאַנצען דער ליעבע, איז זי אין דער אייגע־נער צייט געוואָרען רוהיגער, אין גאַנצען רוהיג, און ליכטיגער, ווי יונגער וויין, וואָס הערט אויף צו שוימען, ווייל ער איז פערטיג גע־וואָרען...

איך האָב געהאַט געדולד אויסצוזיצען יענעם ערשטען אבענד און די שפּעטערטיגע אבענדען... ביז'ן סוף!

איך האָב שוין אויף גאָר נישט געקענט האָפען. ליזא און דער פירסט האָבען זיך מיט יעדען טאָג אַלץ מעהר און מעהר צוגעבונדען איינער צום אַנדערן... אָבער איך האָב אין גאַנצען פערלאָרען דעם גע־פיהל פון זעלבסטרעספּעקט און זיך ניט געקענט אָפּרייסען פונ'ם בילד פון מיין אונגליק.

איך געדענק, איינמאָל האָב איך געפּרובט ניט געהן אהין — אין

דער־פריה האָב איך זיך געגעבען א וואָרט צו בלייבען אין דער־היים — און אום אכט פארנאכט (געוועהנליך פלעג איך צו זיי געהן אזייגער זיבען) בין איך אויפגעשפרונגען, ווי א משוגענער, האָב אָנגעטאָן די הוט און בין אַ פערסאָפּעטער אוועקגעלאָפען צו די אזשאגינ'ס.

מיין לאַגע איז געווען זעהר א נארישע: איך האָב פערעקשנט געשוויגען, מאנכעס מאָל האָב איך גאנצע אבענדען נאָכאנאנד קיין וואָרט ניט ארויסגערעדט.

אזוי בין איך אויך ניט געווען קיין שטארק רעדעוודיגער, אָבער איצט איז דער גאַנצער פערשטאַנד מיינער, אַלע מיינע געדאנקען, פערשוואונדען אין דער געגענוואָרט פון דעם פירסט. אויסער דעם, האָב איך, ווען איך בין דערנאָך געבליבען מיט זיך אליין, אזוי פיעל געמוטשעט מיין אונגליקליכען מוח, ארומטראכטענדיג אַלעס, וואָס איך האָב גע־האַט בעמערקט דעם פאָריגען אבענד, אז, ווען איך בין ווידער געקור־מען צו די אָזשאָגינס, האָב איך שוין כוח ניט געהאט ווידער צו בעאָב־אכטען.

מען האָט מיך געשאָנעוועט, ווי א קראַנקען; איך האָב עס געזע־הען

יעדען אין דער־פריה האָב איך אָנגענומען אַלץ אנאנדערען און דעם לעצטען בעשלוס, צו וועלכען, געוועהנליך, איך פלעג קומען נאָך א פיינליכער שלאָפלאָזער נאַכט: דאָ צו האָבען אַן ערקלעהרונג מיט ליזא'ן, געבען איהר א פריינדליכען ראטה... אָבער דערנאָך, אז מיר איז אויסגעקומען צו פערבלייבען מיט איהר אויג אויף אויג, האָט דער לשון ביי מיר מיט אמאָל אָפּגענומען, אזוי ווי ער וואָלט פּאַראַ־ליזירט געוואָרען, און מיר ביידע האָבען מיט אונגעדולד ערוואַרטעט, עמיצער זאָל אריינקומען; דאָ האָט זיך מיר געוואָלט אין גאנצען אַנטלויפען פון דער שטאָדט. פערשטעהט זיך, אויף אימער, אי־בערלאָזענדיג ליזא'ן א בריעף פול מיט פאָרווירפען, און איינמאָל האָב איך שוין געהאט אָנגעהויבען יענעם בריעף, אָבער דאָס געפיהל פון גערעכטיגקייט אין מיר איז נאָך אין גאַנצען ניט גע־ווען טויט: איך האָב פערשטאַנען, אז איך האָב קיין רעכט ניט קיי־נעם צו מאַכען פאָרווירפע, און האָב אריינגעוואָרפען דעם בריעף אין פייער אריין; דאָ האָב איך מיט אמאָל זיך אויפגעאָפּפערט, געוואונ־שען גליק ליזא'ן אין איהר ליעבע און פון א ווינקעל צוגעשמייכעלט

פריינדליך און גוט צום פירסט, אָבער די האַרטהערציגע פערליעבטע האָבען ניט נור וואָס זיי זיינען מיר ניט דאַנקבאַר געוועזן פאַר מיין אָפּפער, נור האָבען זי אפילו ניט בעמערקט און האָבען, קאָנטיג, זיך גאָר ניט גענויטיגט ניט אין מיינע ווינשעוואַניעס, ניט אין מיינע שמייכלען...

דאַן האָב איך פאַר פערדרוס זיך געוואָרפען אין אַ צווייטען עקסטרעם. איך האָב זיך געגעבן אַ וואָרט, צו פערקליידען זיך ווי אַ איספּאַניער און פון הינטער אַ ווינקעל ערמאָרדען דעם גליקליכען קאָנקורענט מיינעם, און מיט ווילדער פרייד האָב איך זיך פאָרגע־שטעלט ליזא'ס פערצווייפלונג... אָבער, ערשטענס, איז אין דער שטאָדט א... אַזוינע ווינקלען געווען וועניג, און, צווייטענס, דער הילצערנער פּאַרקאַן, די לאַנטערנע, דער פּאָליציימאַן אויפ'ן עק גאַס... ניין! נעבען אַזוינע ווינקלען איז שעהנער צו האַנדלען מיט געבעקס, ווי צו פערגיסען מענשליך בלוט...

איך מוז נאָך צוגעבען, אַז צווישען די אַנדערע רעטונגס־מיטלען, ווי איך פלעג זיך ניט קלאָהר אויסדריקען, ריידענדיג מיט זיך אליין — איז מיר אויך געוועזט איינגעפאַלען צו ווענדען זיך צו אַזשאַגינ'ען אליין... אויפמערקזאַם איהם מאַכען אויף די געפעהרליכע לאַגע פון זיין טאָכטער, אויף דאָס אונגליק, וואָס קאָן זי טרעפען... איך האָב זאָגאַר איינמאָל מיט איהם דערפיהרט אַ שמועס וועגען אַ געוויסען קיצעל־דיגען ענין, האָב אָבער אַזוי כיטרע און פערשטעלט גערעדט, אַז ער האָט געהערט און געהערט און פלוצים, אַזוי ווי פון שלאָף זיך אַ כאַפּ געטהאָן, האָט ער שטאַרק און שנעל אַ רייב געטהאָן מיט'ן לאַדאָן אי־בער'ן גאַנצען פּנים, ניט שאַנעווענדיג די נאָז, האָט אַ סמאָרקע געטהאָן און איז אָפּגעטראָטען פון מיר.

עס איז איבריג צו בעמערקען, אַז, ווערלענדיג עס איהם זאָגען, האָב איך זיך איינגערעדט, אַז איך טהו עס ניט אויס אייגעניציגקייט, איך טהו עס, ווייל עס איז מיין פּפליכט דאָס צו טהאָן, ווייל איך בין אַ הויז פריינד... איך דענק אָבער, ווען אַזשאַגין אפילו וואָלט ניט געהאַט אַ סוף געמאַכט צו דעם אויסגוס מיינעם, וואָלט ביי מיר אויך קיין מוטה ניט געכאַפּט, צו ענדיגען מיין מאָנאָלאָג.

מאַנכעסמאָל האָב איך זיך גענומען מיט פילאָזאָפישער וויכטיג־קייט אַרומצוטראַכטען די מעלות פון דעם פירסט; האָב זיך געטרייסט

מיט דער האָפנונג, אַז ליזאַ'ס ליעבע איז ניט די ריכטיגע ליעבע... קורץ: מיט פערשיעדענע געדאַנקען האָב איך זיך דעמאָלט ארומגעטראָגען. איין רעטונגס־מיטעל, מוז איך זיך מודה זיין, איז מיר דאַן קיינמאָל אויפ'ן זינען ניט ארויף — צו בעגעהן זעלבסטמאָרד. וואָרום איז עס מיר דאַן ניט איינגעפאַלען, ווייס איך ניט... אפשר דערפאַר, ווייל שוין דאַן האָב איך אַ פאָרגעפיהל געהאַט, אַז אָהן דעם וועל איך אויך לאַנג ניט לעבען.

פערשטעהט זיך, אַז אונטער אַזוינע אומשטענדען איז מיין אויפפיהרונג, מיין האַלטונג מיט מענשען געוואָרען אונגאַטירליכער און אָנגעשטרענגטער ווי ווען־עס־איז. אפילו די נאַרישע בעשעפעניש, אַזשאַגינ'ס פרוי, האָט אויך גענומען אויסמיידען מיך. ביזמענקאָוו, וועלכער איז שטענדיג געווען העפליך און פריינדליך, האָט זיך אויך גענומען האַלטען פון דער ווייטענס פון מיר. מיר האָט זיך שוין געוועזט אויסגעדאַכט, אַז אין איהם האָב איך אַ ליידענס־ברודער, דאָס הייסט, אַז ער איז אויך פערליעבט אין ליזאַ'ן. אָבער אויף מיינע אָנצוהערענישען האָט ער קיינמאָל ניט געענטפערט און האָט בכלל מיט מיר ניט גערן גערעדט.

דער פירסט האָט זיך פערהאַלטען צו איהם גאַנץ פריינדליך, מען קען זאָגען, אַז דער פירסט האָט איהם רעספעקטירט.

ניט איך און ניט ביזמענקאָוו האָבען דעם פירסט און ליזאַ'ן געשטערט; ער אָבער האָט זיך ניט געהאַלטען פון דער ווייטענס פון זיי, ווי איך, האָט ניט אויסגעקוקט ניט ווי אַ וואָלף און ניט ווי אַן אָפּפער, און האָט גערן מיט זיי פערבראַכט, ווען זיי האָבען איהם איינגעלאַדען.

עס איז אפילו אמת, אַז אין אַזוינע פעלע האָט ער ניט ארויסגעוויזען קיין שטאַרקע פרעהליכקייט, אָבער אין זיין פרעהליכקייט איז פריהער אויך געווען אַ געוויסע רוהיגקייט.

אַזוי זיינען אַוועק צוויי וואָכען. דער פירסט, אויסער וואָס ער איז געווען שעהן און קלוג, האָט נאָך געשפּיעלט אויף דער פיאַנאָ, געזונגען, האָט ניט שלעכט געמאָהלען און האָט געקאָנט דערצעהלען. זיינע אַנעקדאָטען, וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט אין די העכערע קרייזען אין פּעטערסבורג, האָבען אימער געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק אויף די צוהערער.

ער האָט שטאַרק אויסגענומען ביי דער גאַנצער אָרטיגער גע־זעלשאַפט.

זיינע אָפטע בעזוכען די אזשאַגינ׳ס האָט ארויסגערופען קנאה ביי די אַנדערע הערכן גוטסבעזיצער און בעאַמטע; אָבער דער פירסט, ווי אַ מענש אַ וועלטליכער און אַ קלוגער, האָט ניט איגנאָרירט קיינעם פון זיי, האָט בעזוכט זיי אַלעמען, האָט פאַר יעדער פון זייערע פרויען און טעכטער געהאַט אַ גוט וואָרט, געלאָזט זיך שטאָפּען מיט שווערע, אויסגעטראַכטע שפּייזען און פּאָיען מיט שלעכטע וויינען, וואָס האָבען געהאַט שעהנע נעמען, קורץ: האָט זיך אויפגעפיהרט מעשה דורכגע־טריבענער קערל, פאָרזיכטיג און קלוג.

בכלל איז פירסט נ. געוועזען אַ מענש מיט אַ פרעהליכען כאַראַק־טער, האָט ליעב געהאַט די געזעלשאַפט פון מענשען און איז צו יעדען געוועזען פריינדליך. הייגט וואָרום זאָל אזא איינער ניט האָבען קיין ערפאָלג?

זינט ער האָט זיך בעוויזען, האָבען אַלע אין אָזשאָגינ׳ס הויז פער־בראַכט פרעהליך די צייט. דער אַלטער אָזשאָגין אליין, הגם ער האָט זיך געמאַכט, אַז ער בעמערקט גאָר נישט, האָט, מסתמא, אין דער שטיל זיך געפרעהט פון דעם געדאַנק, אַז ער וועט האָבען אזא איידים; דער פירסט אליין האָט זיך אויפגעפיהרט שטיל און אנשטענדיג, ערשט פּלוצים האָט אונערוואַרטעט עפּעס פּאַסירט...

ביז מאָרגען. הייגט בין איך מיעד. די דאָזיגע ערינערונגען צו־רייצען מיך אפילו, בעת איך שטעה איצט מיט איין פוס שוין אינ׳ם קבר. טערענטיעווגא האָט הייגט אויסגעפונען, אַז מיין נאָז האָט זיך פערשפּיציגט, און דאָס, זאָגט מען, איז אַ שלעכטען סימן.

---

27טען מערץ, — ווידער אַ זוניגער טאָג.

קורץ, דער פירסט און ליזא האָבען זיך געליעבט, אזשאַגין און זיין פרוי האָבען געוואוסט, וואָס וועט ארויסקומען פון דעם; ביזמענ־קאָוו איז אויך דערביי געוועזען — אַנדערש ווייס איך ניט, ווי צו כאַ־ראַקטעריזירען זיין האַלטונג; איך האָב זיך געשלאָגען ווי אַ פיש אי־

בער אייז און נאַכגעקוקט מיט אַלע מיינע כוחות. איך געדענק, אין יענער צייט האָב איך זיך מיר פאַרגענומען לכל הפּחות ניט צו דער־לאָזען, זי זאָל אריינפאַלען אין דעם נעץ פון דעם פערפיהרער און צוליעב דעם האָב איך אונטערגעקויפט די דיענסטען, האָב געוואָלט, הייסט עס, אויסהעלפען זיך מיט דער „הינטער־טהיר״, הגם, פון דער אַנדערער זייט, האָב איך גאַנצע נעכט געטרוימט וועגען דעם, ווי ריהרענד — גרויסמוטהיג איך וועל מיט דער צייט אויסשטרעקען מיין האַנד צו דעם בעטראָגענעם קרבן, דער אונגליקליכער ליזאַ׳ן, און וועל איהר זאָ־גען: „דער אונמענש האָט דיך בעטראָגען און פערראַטהען, איך בין אָבער דיין איבערגעבענער פריינד... זאָלען מיר פערגעסען וואָס עס איז געוועזען און מיר וועלען זיין גליקלאַך!״

פּלוצים האָט זיך איבער דער שטאָדט צוטראָגען די פרעהליכע נייעס, אַז דער בעצירקס־פאַרשטעהער האָט בדעה צו געבען אַ גרויסען באַל לכבוד דעם פירסט אין זיין פאַרווערק גובניאַקאָווע. אַלע אָנגע־זעהענע מענשען פון דער שטאָדט, אָנגעפאַנגען פון׳ם פּאָליציימייסטער און געענדיגט מיט׳ן אַפּטהעקער, אַ דייטש, זיינען איינגעלאַדען גע־ווען צו דעם דאָזיגען באַל. דער עולם האָט זיך גענומען פאַרבערייטען צו איהם; מען האָט זיך גענייהט און געקליידט, געפּוצט זיך און גע־שמירט זיך... די פריילענס האָבען זיך געמאַכט ענגע קליידער; די מאַ־מעס האָבען ארויפגעטהאָן אויף זייערע קעפּ עפּעס שרעקליכע בעפּו־צונגען, וואָס זיי האָבען גערופען ציפּיקס; די אויסגעמאַרטערטע טאַ־טעס זיינען געלעגען, וואָס מען רופט, אָהן פּיס...

איך בין אויך געוועזען איינער פון די איינגעלאַדענע.

צום סוף האָט דער עולם דערלעבט דעם טאָג פון׳ם באַל.

פון דער שטאָדט ביז דעם פאַרווערק גובניאַקאָווע האָט זיך גערע־כענט אַ וויאָרסט נײן.

אָזשאָגין האָט מיר פאַרגעלייגט אַ פּלאַץ אין זיין קאָטש, אָבער איך האָב זיך אָפּגעזאָגט... אזוי זאָגען זיך אָפּ בעשטראָפטע קינדער פון זייערע בעליעבטע שפּייזען, בעת זיי ווילען זיך גוט אָפּרעכענען מיט זייערע עלטערען. דערצו האָב איך געפיהלט, אַז מיין געגענוואַרט וועט זיין אונאַנגענעהם ליזאַ׳ן.

ביזמענקאָוו האָט זיך געזעצט מיט זיי אַנשטאָדט מיר.

דער פירסט איז אוועקגעפאָהרען אין זיין קאוטש, איך — אויף א שלעכטער דראָזשקע, וואָס איך האָב געדונגען.

איך וועל ניט בעשרייבען דעם באָל. אַלעס איז דאָרט געווען, ווי עס בעדאַרף צו זיין: שלעכטע מוזיקאַנטען, צומישטע גוטסבעזיצער מיט זייערע אַלט־פּרענקישע פאַמיליעס, לילאָווע געפּראַרענעס, מענשען אין אויסגעטראָגענע שיך און פּאַפּירענע האַנדשוה, פּראָווינציעלע העל־דען מיט נערוועז־צוקרימטע פּנים'ער און ז. וו., און ז. וו. און די דאָזיגע גאַנצע קליינע וועלטעל האָט זיך געדרעהט אַרום איהר זון — אַרום דעם פירסט.

איך האָב זיך געדרעהט צווישען עולם, קיינער האָט מיך ניט בעמערקט, אפילו די אַלטע אַכט און פערציג יאָהריגע מוידען, מיט רויטע פּרישציקעס אויפ'ן שטערן און מיט בלויע בלומען אויף די שלייפען, האָבען מיך אויך ניט בעמערקט.

איך האָב די גאַנצע צייט געהאַלטען מיינע אויגען דאָ אויפ'ן פירסט און דאָ אויף ליזא'ן.

זי איז געווען אָנגעטאָן זעהר ליעב און האָט אויסגעקוקט רייצענד אין דעם דאָזיגען אַבענד.

זיי האָבען בלויז צוויי מאָל געטאַנצט איינער מיט'ן אַנדערן, אָבער, אַם ווענינגסטען האָט זיך עס מיר אויסגעוויזען אַזוי, וואָס ער האָט געטהאָן, סיי ער האָט מיט אַנדערע געטאַנצט, סיי ער האָט מיט אַנדע־רע גערעדט, האָט ער עס געטהאָן בלויז צוליעב איהר, בלויז צוליעב איהר.

זי האָט זיך, קאָנטיג געפיהלט די קעניגין פונ'ם באָל און גע־ליעבט: איהר פּנים האָט אין דער אייגענער צייט געשטראַהלט מיט קינדערשער פרייד, אונשולדיגען שטאָלץ און האָט מיט אַמאָל גענומען שיינען מיט אַנאַנדערען, אַ מעהר טיעפען געפיהל. עס האָט געאָטהעמט פון איהר מיט גליק. איך האָב עס אַלעס בעמערקט. ניט דעם ערשטען מאָל איז מיר אויסגעקומען צו בעאָבאַכטען זיי... די ערשטע צייט האָט עס מיך שטאַרק געערגערט, דערנאָך בלומרשט געריהרט און צום סוף האָט עס מיך ווילד געמאַכט.

איך האָב פּלוצים דערפיהלט, אַז איך בין בייז, זעהר בייז, און איך געדענק, ווי איך האָב זיך דערפרעהט מיט דעם דאָזיגען נייעם גע־פיהל און האָב זאָגאר דערפיהלט צו זיך אַ געוויסען רעספּעקט.

— מיר וועלען זיי נאָך ווייזען, אַז מיר זיינען נאָך ניט אונטער־געגאַנגען — האָב איך געזאָגט צו זיך אליין.

ווען עס האָבען אַ הילך געטהאָן די ערשטע טענער פון דער מאַ־זורקע, האָב איך זיך רוהיג אומגעקוקט, קאַלט און אונגעצוואונגען צו־געגאַנגען צו אַ מויד מיט אַ לאַנגען פּנים, רויטער גלאַנציגער נאָז, מיט אַן אומגעלומפּערט פונאַנדערגעעפענטען, אַזוי ווי אַ פונאַנדערגע־שפּילעטען מויל און מיט אַ האַלז פול אָדערען, עהנליך צו אַ הענטעל פון אַ באַנדורע — בין צוגעגאַנגען צו איהר, טרוקען אַ קלאַפּ געטהאָן מיט די אָפּזאַצען און זי איינגעלאַדען.

זי האָט געטראָגען אַן אָפּגעקראָכענע ראָזאָווע קלייד, אויפ׳ן קאָפּ האָט ביי איהר געציטערט עפּעס אַ מין פער׳צרה׳טע פליעג אויף אַ זעהר דיקער מעשענער ספּרוזשינע, און בכלל איז די דאָזיגע מויד, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקען, געמאַרניערט געווען דורך און דורך אין עפּעס אַ זויערער לאַנגוויילינקייט און פערלאָזענער אונבעהאָל־פענקייט.

די גאַנצע צייט, זינט דער באַל האָט זיך געעפענט, איז זי גע־שטאַנען אויף איין אָרט, קיינער האָט זי ניט איינגעלאַדען צו טאַנ־צען. איינער אַ זעכצעהן יאָהריגער בלאָנדער בחור׳ל, ניט האָבענדיג קיין אַנדער דאַמע, איז געוועזט צוגעגאַנגען צו דער דאָזיגער מויד און געוואָלט זי איינלאַדען, האָט אָבער פּלוצים חרטה געקראָגען און איז פערשוואונדען צווישען עולם. קאָנט איהר זיך שוין אליין פאָרשטעלען, מיט וואָס פאַר אַ פריידיגער איבערראַשונג זי האָט אָנגענומען מיין איינלאַדונג!

איך האָב זי פייערליך דורכגעפיהרט דעם גאַנצען זאַאַל, אויפגע־זוכט צוויי לעדיגע שטולען און מיר האָבען זיך אַנידערגעזעצט צווי־שען די פּאָרלאַך, וואָס האָבען געטאַנצט די מאַזורקע, פונקט געגען פירסט, וועלכער האָט, פערשטעהט זיך, פערנומען דעם ערשטען פּלאַץ.

דער פירסט האָט געטאַנצט מיט ליזאַ׳ן. ניט מיך און ניט מיין דאַמע האָט מען ניט בעאונרוהיגט מיט איינלאַדונגען, הייסט עס, אַז מיר האָבען גענוג צייט געהאַט צו שמועסען.

דעם אמת געזאָגט, האָט מיין דאַמע זיך ניט אויסגעצייכענט מיט דער פעהיגקייט ארויסצוברענגען אַ וואָרט אין אַ גלאַטען געשפּרעך; איהר מויל האָט זי בענוצט פאַר עפּעס אַ מאָדנעם מין שמייכעל פון

אויבען ארונטער, וואס אזא האב איך דאס ערשטע מאל אויף מיין לע־לעבען געזעהען, דערביי האט זי איהרע אויגען געגלאצט ארויף, אזוי ווי עפעס א פערבארגענע קראפט וואלט פונאנדערגעצויגען איהר פנים; אבער איך האב זיך ניט גענויטיגט אין איהר שפראך. איך בין געווען בייז און צופריעדען געווען, וואס זי שווייגט און האב די מעגליכקייט אליין צו ריידען.

איך האב זיך א נעהם געטהאן צו קריטיקירען אלעמען און אלעס אויף דער וועלט, בעזאנדערס די פעטערסבורגער יונגע לייטלאך, די פוסטע פראנטען, און צום סוף, האב איך זיך אזוי צוהיצט, אז מיין דא־מע האט ביסלעכווייז אויפגעהערט צו שמייכלען און אנשטאדט צו גלא־צען די אויגען ארויף, האט זי אנגעהויבען פלוצים, הפנים פאר איבער־ראשונג, קוקען אויף מיר פון דער זייט קרום, און אזוי מאדנע נאך דערצו, אקוראט ווי זי וואלט דאס ערשטע מאל בעמערקט א נאז אויף מיין פנים.

אין דער זעלבער צייט אבער האב איך די אויגען ניט ארונטער־גענומען פון ליזא'ן און דעם פירסט.

מען האט זיי נאכאנאנד איינגעלאדען; אבער איך האב וועניגער געליטען, בעת זייביידע האבען געטאנצט.

אפילו דאן, בעת זיי ביידע זיינען געזעסען איינער געבען אנדערן און, ריידענדיג, האבען געשמייכעלט מיט יענעם פערליעבטען שמיי־כעל, וואס איז די גאנצע צייט ניט ארונטער פון זייערע גליקליכע פנים'ער, — אפילו דאן האב איך אזוי פיעל ניט געליטען; אבער, ווען ליזא האט זיך געטראגען איבער'ן זאאל מיט עמיצען פון די כוואטסקע פראנטלאך און דער פירסט, מיט זיין בלויען, דורכזיכטיגען שארף אויף די קניע, האט, ווי אנקוועלענדיג פון זיין זיעג, איהר פערטראכט נאכגע־קוקט מיט די אויגען; דאן, אה, דאן האב איך געליטען מורא'דיגע יסורים און פאר פערדרוס האב איך געמאכט אזוינע בעמערקונגען, אז די ווייסאפעלס פון מיין דאמע האבען פון ביידע זייטען זיך אין גאנצען איינגעשפארט אין דער נאז!

דערווייל האט די מאזורקע געהאלטען ביי ענדיגען זיך... מען האט גענומען צונויפשטעלען די „פערטרויליכע פיגור". אין דער דא־זיגער פיגור זעצט זיך א דאמע אין מיטען קרייז, קלייבט זיך אויס א צווייטע דאמע אלס א פערטרויטע און זאגט איהר אויפ'ן אויער דעם

נאָמען פון יענעם קאַוואַליער, מיט וועלכען זי וואָלט וועלען טאַנצען; אַ קאַוואַליער פיהרט צו צו איהר איינציגווייז אַלע טענצערס און די פערטרויטע דאַמע ענטזאַגט זיי, ביז מען פיהרט צו צו איהר דעם ריכ־טיגען.

ליזא האָט זיך געזעצט אין מיטען קרייז, האָט אויסגעקליבען אַלס פערטרויטע דעם הויז־ווירטה'ס טאָכטער. דער פירסט האָט גע־נומען צופיהרען צו איהר די טענצער. אַ צעהן קאַוואַליערען האָט ער צוגעפיהרט צו איהר, און קיינער פון זיי איז ניט געווען דער „ריכטי־גער". צום סוף, האָט זיך דער פירסט געווענדעט צו מיר אויך. איך האָב זיך אַ צאַפּעל געטהאָן מיט'ן גאַנצען קערפּער, געוואָלט זיך אָפּ־זאָגען, דאָך האָב איך זיך אויפגעהויבען און געגאַנגען.

דער פירסט האָט מיך צוגעפיהרט צו ליזא'ן... זי האָט אפילו ניט אַ קוק געטהאָן אויף מיר; די פערטרויטע האָט אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ: ניין, דער פירסט האָט זיך אַ קעהר געטהאָן צו מיר און, מסתמא אונטערגעהעצט פון דעם לעהמענעם אויסדרוק אויף מיין פּנים, האָט ער זיך טיעף פערנייגט פאַר מיר.

דער דאָזיגער שפּאָטישער נויג, די דאָזיגע ענטזאַגונג, איבערגע־געבען מיר דורך דעם טריאומפירענדיגען קאָנקורענט, זיין איראָנישער שמייכעל, די גלייכגילטיגקייט פון ליזא'ן, — דאָס אַלעס האָט מיך אויפגעבערענגט... איך האָב זיך צוגערוקט צום פירסט און מיט רציחה אַרויסגעשעפּצעט:

— איהר ערלויבט זיך, דאַכט זיך, שפּאַס צו מאַכען פון מיר?

דער פירסט האָט אַ קוק געטהאָן אויף מיר מיט פערעכטליכער פערוואונדערונג, ווידער מיך אָנגענומען פאַר אַ האַנד און, מאַכענדיג אַ מינע, אַז ער בעגלייט מיך כלומרשט צו מיין פּלאַץ, האָט ער קאַלט געענטפערט:

— איך?

— יא, איהר, איהר! — האָב איך געשעפּצעט, לאָזענדיג פונ־דעסטוועגען איהם פיהרען מיך פאַר אַ האַנד צו מיין אָרט: — אָבער איך וועל ניט ערלויבען אַ פּוסטען פּעטערסבורגער פאַרוועניו...

דער פירסט האָט רוהיג אַ שמייכעל געטהאָן, כמעט פריינדליך, האָט מיר פעסט אַ קוועטש געטהאָן די האַנד און אַרויסגעשעפּצעט:

— איך פערשטעה אייך; אָבער ניט דאָ איז דער אָרט, מיר וועלען נאָך ריידען דעריבער.

דאַן האָט ער זיך אָפּגעקעהרט פון מיר, איז צוגעגאַנגען צו ביז־מענקאָוו'ן און איהם צוגעפיהרט צו ליזא'ן.

דער בלייכינקער בעאַמטער איז געווען דער גליקליכער. ליזא האָט זיך אויפגעהויבען איהם אַנטקעגען.

זעצענדיג זיך ווידער נעבען מיין דאַמע מיט דער צרה'דיגער פליעג אויפ'ן קאָפּ, האָב איך זיך געפיהלט כמעט א העלד. דאָס האַרץ אין מיר האָט געקלאַפּט שטאַרק, די ברוסט האָט זיך עדעל געהויבען אונטער דעם שטייפען, געקראָכמאַלעטען הערצעל, איך האָב געאָטהעמט טיעף און גיך, און פּלוצים האָב איך אַזוי א קוק געטהאָן אויף מיין שכן, אז יענער האָט ניט ווילענדיג א דריגעווע געטהאָן מיט די פיס.

פאַרטיג געוואָרען מיט דעם דאָזיגען שכן מיינעם, האָב איך א קוק געטהאָן ארום זיך אויף די טענצער; מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אז א צוויי־דריי העררן האָבען געקוקט אויף מיר מיט פערוואונדערטע אויגען; דעם געשפּרעך מיינעם מיט'ן פירסט האָט אָבער קיינער ניט בעמערקט....

מיין געגנער איז שוין געזעסען אויף זיין שטול גאָר א רוהיגער און מיט זיין פריהערדיגען שמייכעל אויף די ליפּען.

ביזמענקאָוו האָט צוגעפיהרט ליזא'ן צו איהר פּלאַץ. זי האָט זיך פריינדליך פערנייגט פאַר איהם און זיך באַלד ווידער געווענדעט צום פירסט, ווי מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, מיט א געוויסער אונרוהיג־קייט אין די אויגען; אָבער ער האָט זיך צולאַכט, גראַציעז א מאַך גע־טהאָן מיט א האַנד און, הפּנים, איהר געזאָגט עפּעס זעהר אַנגענעהמעס, וואָרום זי איז זעהר רויט געוואָרען פאַר פרייד, האָט ארונטערגעלאָזט די אויגען און דערנאָך זיי ווידער אַנגעשטעלט אויף איהם מיט א צערטליכען פאָרוואורף.

דער העלדענמוטה, וואָס האָט פּלוצים ערוואַכט אין מיר, האָט אַנגעהאַלטען ביז די מאַזורקע האָט זיך געענדיגט; איך האָב אָבער שוין מעהר זיך ניט געוויצעלט און ניט „קריטיקירט", נור פון צייט־צו־צייט האָב איך א קוק געטהאָן אויף מיין דאַמע פינסטער און שטרענג; זי האָט געקראָגען מורא פאַר מיר, האָט נאָכאַנאַנד גע־

שטאמעלט און געפינטעלט, ביז איך האב זי צוגעפיהרט צו איהר מו־טער, זעהר א דיקע פרוי.

איבערגעגעבען די צושראקענע מויד איהר מוטער, בין איך אפּ־געטראטען צום פענסטער און מיט צונויפגעלייגטע הענד אויף דער ברוסט האב איך גענומעןווארטען, וואס וועט זיין.

איך האב געווארט גאנץ לאנג. דער פירסט איז די גאנצע צייט ארומגערינגעלט געווען פון דעם בעל הבית, אט מאקי ארומגערינגעלט, ווי ענגלאנד, למשל, איז ארומגערינגעלט פונ'ם ים, שוין ניט ריידענדיג וועגען די איבריגע מיטגליעדער פונ'ם בעצירקס־פארשטעהער און די אנדערע געסט. און דערצו האט ער ניט געקענט אונבעמערקטערהייט צוגעהן צו אזא קלייניציגען מענשען ווי איך, און פערפיהרען א שמועס מיט איהם.

— ווארט! — האב איך געטראכט, קוקענדיג, ווי העפליך ער האט זיך געווענדעט דא צו איינעם און באלד צו אנאנדערען פון די אנגע־זעהענע געסט, וועלכע האבען געזוכט די עהרע צו ריידען מיט איהם כאטש איין רגע: — ווארט, פייגעלע מיינס, דו וועסט שוין צוגעהן צו מיר, איך האב דאך דיך בעליידיגט...

צום סוף, האט דער פירסט זיך פלינק ארויסגעדרעהט פון דעם קרייז פון זיינע פערעהרער, פערבייגעגאנגען מיך, א קוק געטהאן, צו אויפ'ן פענסטער, צו אויף מיינע האר, האט זיך געוועזט אפּגעקעהרט און פלוצים זיך אפּגעשטעלט, אזוי ווי ער וואלט זיך אן עפּעס דער־מאנט.

— אך, יא! — האט ער געזאגט, ווענדענדיג זיך צו מיר מיט א שמייכעל: — מיט אייך דארף איך נאך ריידען וועגען עפּעס...

צוויי גוטס־בעזיצער, וואס זיינען איהם נאכגעלאפען, האבען, הפנים, געמיינט, אז ער דארף ריידען מיט מיר וועגען א זאך, וואס האט א שייכות געהאט מיט מיין אמט, און זיי זיינען מיט דרך ארץ אפּגעטראטען צוריק.

דער פירסט האט מיך גענומען אונטער דער האנד און מיך אפּ־געפיהרט אן א זייט. דאס הארץ האט זיך גענומען וואקלען אין מיין ברוסט.

— איהר זייט, דאכט זיך — האט ער אנגעהויבען, אונטער־שטרייכענדיג דאס ווארט איהר און קוקענדיג מיר אויף דער מאר־

דע מיט א פערעכטליכען אויסדרוק, וועלכער איז זעהר „געגאנגען" צו זיין פרישען און שעהנעם פנים: — איהר זייט, דאכט זיך, געווען פרעך צו מיר? איהר האט מיר געזאגט...

— איך האב געזאגט דאס, וואס איך האב געדענקט — האב איך געענטפערט הויך אויפ'ן קול.

— ש־ש־ש... שטיל — האט ער בעמערקט — אנשטענדיגע מענשען שרייען ניט. פיליכט ווילט איהר זיך מיט מיר שלאגען?

— דאס איז אייער זאך — האב איך געענטפערט, אויסגלייכענדיג זיך.

— איך וועל געצוואונגען זיין ארויסצופאדערען אייך, אויב איהר וועט ניט צוריקציהען אייערע ווערטער...

— איך דענק אפילו ניט וועגען צוריקציהען — האב איך געענטפערט מיט א שטאלצער מינע.

— ווירקליך? — האט ער געענטפערט מיט א שפאטישען שמייכעל — אויב אזוי — האט ער צוגעלייגט נאך א קורצען שווייגען — וועל איך האבען די עהרע צושיקען צו אייך מארגען מיין סעקונדאנט.

— זעהר גוט — האב איך ארויסגערעדט מיט כלומרשט א זעהר גלייכגילטיגען קול.

דער פירסט האט זיך פערנויגט.

— איך קען אייך ניט פערביטען צו האלטען מיך פאר א פוסטען מענשען — האט ער צוגעלייגט, שטאלץ זשמורענדיג מיט די אויגען: — אבער די פירסטען נ. זיינען ניט און קענען ניט זיין קיין פארוועניוס... אויף ווידערזעהן, הערר... הערר שטוקאטורין.

ער האט זיך שנעל אומגעקהערט צו מיר מיט'ן רוקען און איז ווידער צוגעגאנגען צום בעל הבית פונ'ם הויז.

הערר שטוקאטורין!.. מיך רופט מען טשולקאטורין... איך האב קיין ווערטער ניט געפונען, איהם צו ענטפערען אויף זיין לעצטע בעליידיגונג, און בלויז ווילד א קוק געטהאן אויף זיין רוקען.

— ביז מארגען! — האב איך ארויסגעשעפצעט, צונויפשצימענדיג די צייהן, און באלד אויפגעזוכט מיינעם א בעקאנטען אפיציער, דעם ראטמיסטער קאלאבערדאיעוו, א בעוואוסטער לעבע־יונג און א גוט ברודער, האב איהם דערצעהלט אין קורצע ווערטער וועגען דעם וואס איז פארגעקומען צווישען מיר און דעם פירסט, און האב איהם

געבעטען צו זיין מיין סעקונדאַנט. פערשטעהט זיך, אַז ער האָט גלייך איינגעוויליגט, און איך בין אַוועקגעפאָהרען אַהיים.

אַ גאַנצע נאַכט האָב איך מיט אַן אויג ניט געקענט צומאַכען, פאַר אויפרעגונג און ניט אויס פייגהייט. איך בין ניט קיין פייגלינג. איך האָב זאָגאַר גאַנץ ווענינ געטראַכט וועגען די מעגליכקייט פון געטויטעט צו ווערען.

איך האָב בלויז געטראַכט וועגען ליזאַ׳ן, וועגען מיינע פערלאָ־רענע האָפנונגען, וועגען דעם, וואָס איך האָב געדאַרפט טהאָן.

— דאַרף איך זיך סטאַרען צו טויטען דעם פירסט? — האָב איך זיך געפרעגט, און, פערשטעהט זיך, אַז איך האָב איהם געוואָלט טויטען, ניט אַזוי צוליעב מיר, ווי צוליעב ליזאַ׳ס טובה.

— אָבער זי וועט אַזאַ קלאַפּ ניט אַריבערטראָגען — האָב איך ווייטער געטראַכט — גיין, בעסער זאָל ער שוין מיך טויטען!

איך בין זיך מודה, מיר איז אַנגענעהם געווען צו דענקען, אַז איך, אַ קליין מענשעלע, האָב געצוואונגען אַזאַ וויכטיגע פערזענליכ־קייט צו שלאָגען זיך מיט מיר.

ביז גרויסען טאָג האָב איך ניט אויפגעהערט צו טראַכטען, און דערנאָך איז געקומען קאָלאָבערדאַיעוו.

— נו — האָט ער מיך געפרעגט, אַריינטרעטענדיג מיט אַ קלאַ־פּען אין מיין שלאָף־צימער: — וואו איז דער סעקונדאַנט פונ׳ם פירסט?

— גאָט איז מיט אייך — האָב איך געפרעגט מיט פערדרוס — דער זייגער איז דאָך ערשט אַכט, דער פירסט שלאָפט נאָך מסתמא.

— אויב אַזוי — האָט זיך אָנגערופען דער ראָטמיסטער — הייסט דערלאַנגען טהעע. פון דעם נעכטיגען אָבענד טהוט מיר וועה דער קאָפּ... איך האָב זיך אפילו ניט אויסגעטהאָן. איבריגענס האָט ער צוגעלייגט, אַ געגעניץ טהאָנדיג: — אין אַלגעמיין טהו איך זיך אויס זעהר זעל־טען.

מען האָט איהם דערלאַנגט טהעע. ער האָט אויסגעטרונקען זעקס גלעזער מיט ראָם, אויסגערויכערט פיער פּיפּקעס, האָט מיר דערצעהלט, אַז ער האָט נעכטען געהאַנדעלט אַ פערד אַ גרויסע מציאה, וועלכען די פוהרמאַנעס האָבען מורא געהאַט צו קויפען, אָבער ער וועט דעם פערד שוין איינברעכען.

איך בין אויפגעשטאַנען און געבראַכט מיינע פּאַפּירען אין אָרד־נונג. ליזא׳ס אַן איינלאַנדונגס־קאַרטע, די איינציגע, וואָס איך האָב ווען עס־איז פון איהר ערהאַלטען, האָב איך געוועזט ארויפגעלייגט ביי זיך אויף דער ברוסט, האָב אָבער זיך בעדענקט און זי אריינגעוואָרפען אין קעסטעל.

קאַלאבערדאיעוו איז דערווייליגע איינגעשלאָפען אויף דער זאָפע מיט דער פּיפּקע אינ׳ם מויל. זיין קאָפּ האָט ארונטערגעהאַנגען פון דער לעדערנער קישעלע און ער האָט שוואַך געכראָפּעט.

אזיינגער צעהן האָט מיין דיענער געמעלדעט, אַז ביזמענקאָוו איז געקומען. דער פירסט האָט איהם אויסגעוועהלט אלס זיין סעקונדאַנט.

מיר האָבען אויפגעוועקט דעם ראָטמיסטער. ער האָט זיך אויפ־געהויבען, אָנגעקוקט אונז מיט פערשלאָפענע אויגען, מיט אַ הייזערי־גען קול אַ בעט געטהאָן שנאַפּס, איז געקומען צו זיך. האָט בעגריסט ביזמענקאָוו׳ן און איז ארויס מיט איהם אין אַ צווייטען צימער, צו בעשפּרעכען די פּרטים פונ׳ם דועל.

אין אַ פערטעל שעה ארום זיינען זיי ביידע ווידער אריינגעקומען צו מיר אין שלאָף־צימער; קאַלאבערדאיעוו האָט מיר ערקלעהרט, אַז מיר וועלען זיך שלאָגען נאָך היינט אום דריי אוהר אויף פּיסטאָלע־טען.

איך האָב שטום אַ מאַך געטהאָן מיט׳ן קאָפּ: צופריעדען. ביזמענ־קאָוו האָט זיך גלייך געזעגענט און איז אוועקגעפאָהרען.

ער איז געוועזען אביסעלע בלייך און אין הארצען אויפגערעגט, ווי אַ מענש, וואָס איז ניט געוואוינט צו אזוינע געשיכטען, אָבער האָט זיך געהאַלטען העפליך און קאַלט. איך האָב זיך עפּעס ווי געשעהמט פאַר איהם און האָב ניט געוואַגט קוקען איהם אין די אויגען.

קאַלאָבערדאיעוו האָט ווידער אָנגעהויבען צו דערצעהלען וועגען זיין פערד. איצט האָט זיין געשיכטע מיט׳ן פערד מיך געפרעהט, איך האָב מורא געהאַט, ער זאָל מיר ניט דערמאָנען ליזא׳ן. אָבער מיין גו־טער ראָטמיסטער איז ניט געוועזען קיין רכילות־טרייבער, אויסער דעם, האָט ער גלאַט פעראַכטעט אַלע פרויען, האָט פאַר זיי קיין אַנדער נאָ־מען ניט געהאַט, ווי סאַלאַט.

אזיינגער צוויי האָבען מיר איבערגעביסען און אום דריי זיינען מיר שוין געוועזען אויפ׳ן פּלאַץ, אין דעם אייגענעם וועלדעל, וואו איך

האָב אמאָל געשפּאַצירט מיט ליזאַ׳ן; אַ צוויי טריט פון דעם אָפּ־גרונד.

ווען מיר זיינען געקומען, זיינען נאָך דער פירסט און ביזמענקאָוו ניט געווען; באַלד אָבער זיינען זיי אויך אָנגעקומען.

דער פירסט איז, אָהן אַ גוזמא, געווען פריש, ווי אַ בלום; זיינע קאַרע אויגען האָבען פריינדליך ארויסגעקוקט פון אונטער דעם דאשעק פון זיין מילטערישען היטעל. ער האָט גערויכערט אַ סיגאַר און, דער־זעהן קאַלאַבערדאיעוו׳ן, האָט ער איהם פריינדליך אַ דריק געטהאָן די האַנד. אפילו פאַר מיר האָט ער זיך אויך זעהר ליעבענסווירדיג פערנייגט. איך אַליין בין פערקעהרט, געווען בלייך און מיינע הענד האָבען, צו מיין מורא׳דיגען פערדרוס, אביסעלע געציטערט... אין האַלז האָט געטריקענט... דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב זיך געשלאָגען אויף אַ דועל.

— אָה, גאָט מיינער! — האָב איך געטראַכט — דער דאָזיגער הערר זאָל נור ניט מיינען, אַז איך בין אויפגערעגט, ווייל איך האָב מורא!

אין הארצען האָב איך געשאָלטען מיינע נערוועןן; אָבער אַ קוק געטהאָן צום סוף דעם פירסט גלייך אין פּנים און בעמערקט אויף זיינע ליפּען אַן איינגעהאַלטענעם שפּאָטישען שמייכעל, בין איך פּלוצים ווידער בייז געוואָרען און האָב זיך גלייך בערוהיגט.

דערווייל האָבען אונזערע סעקונדאַנטען איינגעריכטעט אַ באַר־יער, אָפּגעמאָסטען די טריט און אָנגעלאָדען די פּיסטאָלעטען.

קאַלאַבערדאיעוו האָט מעהר געאַרבייט, ביזמענקאָוו האָט זיך מעהר צוגעקוקט.

דער טאָג איז געווען זעהר אַ שעהנער, אַזאַ ווי יענער פון דעם אונפערגעסליכען שפּאַציער־גאַנג. די געדיכטע בלויקייט פונ׳ם הימעל האָט ווי דעמאָלט ארויסגעקוקט פון צווישען דער בעגילדעטער גרינקייט פון די בלעטער. זייער געמורמעל האָט ווי געדרייצט זיך מיט מיר.

דער פירסט האָט נאָך גערויכערט זיין סיגאַר, צושפּאַרענדיג זיך צו אַ שטאַם פון אַ בוים.

— מיינע הערן, פאַרטיג! — האָט קאַלאַבערדאיעוו צום סוף ארויסגערעדט — פערנעהמט אייערע פּלעצער!

און ער האָט אונז דערלאַנגט די פּיסטאָלעטען.

דער פירסט איז אפגעטראטען עטליכע טריט, האט זיך אפגע־שטעלט און, א קעהר געטהאן דעם קאפ צו מיר, האט ער געפרעגט:

— און איהר ווילט נאך אלץ ניט צוריקציהען אייערע ווערטער?

איך האב איהם געוואלט ענטפערען, אבער די שטימע האט מיר ניט געדיענט און איך האב בלויז מיט פעראכטונג א מאך געטהאן מיט א האנד.

דער פירסט האט ווידער א שמייכעל געטהאן און פערנומען זיין פלאץ.

מיר האבען גענומען געהן איינער געגען אנדערן. איך האב אויפגע־הויבען דעם פיסטאלעט, האב זיך געוועזט געצילעוועט צו דער ברוסט פון מיין שונא — אין דער דאזיגער רגע איז ער ווירקליך געוועזן מיין שונא — אבער פלוצים האב איך העכער אויפגעהויבען דעם פיסטא־לעט, אקוראט ווי עמיצער וואלט מיר א שטויס געטהאן אונטער דער פאכווע, און אויסגעשאסען.

דער פירסט האט זיך א שאקעל געטהאן, אנגעכאפט זיך מיט דער לינקער האנד פאר'ן לינקען שלייף; א שטראהם בלוט האט א גאס געטהאן איבער דער באק פון אונטער דער ווייסער זעמעשנער האנד־שוה.

ביזמענקאוו האט זיך א ווארף געטהאן צו איהם.

— ניט געפעהרליך — האט דער פירסט געזאגט, ארונטערנעה־מענדיג דאס דורכגעשאסענע היטעל: — ווען דער קויל האט אין קאפ געטראפען און איך בין ניט געפאלען, בעווייזט עס, אז עס איז בלויז א קראץ.

ער האט רוהיג ארויסגענומען פון קעשענע א באטיסטענע טיכעל און עס צוגעלייגט צו זיינע נאסע פון בלוט לאקען.

איך האב געקוקט אויף איהם, ווי א גולם, און זיך ניט א ריהר געטהאן פון'ם ארט.

— געהט צום באריער! — האט קאלאבערדאיעוו שטרענג א געשריי געטהאן אויף מיר.

איך האב איהם געפאלגט.

— דער דועל איז נאך ניט געענדיגט? — האט ער זיך געווענ־דעט צו ביזמענקאוו'ן.

ביזמענקאוו האט איהם גאר נישט געענטפערט; אבער דער

פירסט, ניט אוועקנעהמענדיג דאָס טיכעל פון דער וואונד און אָפּזאָ־געגענדיג זיך אפילו פונ'ם פערגעניגען, צו מוטשען מיך א ווײלע ביים באריער, האָט מיט א שמייכעל זיך אָנגערופען:

— דער דועל איז געענדיגט.

און האָט אויסגעשאָסען אין דער לופט.

איך האָב זיך שיער ניט צו־ווײנט פאַר פערדרוס און צאָרן. דער דאָזיגער מענש האָט מיך מיט זיין גרויסמוטהיגקייט פּשוט ווי א וואָ־רים צוטראָטען, פּשוט מיך צונישט געמאַכט. איך האָב געוועזט גע־וואָלט פּאָרדערען, ער זאָל שיסען אין מיר, אָבער ער איז צוגעגאַנגען צו מיר און האָט דערלאַנגט מיר א האַנד.

— צווישען אונז איז דאָך אַלעס שוין געענדיגט, ניט וואהר? — האָט ער ארויסגערעדט מיט א פריינדליכען קול.

איך האָב א קוק געטהאָן אויף זיין בלײכען פּנים, אויף דאָס פער־בלוטיגטע טיכעל, און א צומישטער, און א פערלאָרענער, און א צו־טראָטענער אין גאַנצען, האָב איך פעסט־פעסט געדריקט זיין האַנד...

— מיינע העררן! — האָט ער צוגעלײגט, ווענדענדיג זיך צו די סעקונדאַנטען: — איך האָף, אז אַלעס וועט בלייבען א סוד?

— פערשטעהט זיך! — האָט אונטערגעכאַפּט קאַלאָבערדאיעוו

— אָבער, פירסט, ערלויבט...

און ער האָט איהם ארומגעבונדען דעם קאָפּ.

איידער ער האָט פערלאָזען דעם וועלדעל, האָט דער פירסט זיך נאָך אַמאָל א נויג געטהאָן צו מיר; אָבער ביזמענקאָוו האָט אפילו ניט א קוק געטהאָן אויף מיר.

א דערשלאָגענער, גייסטיג א דערשלאָגענער, האָב איך זיך צו־ריקגעקעהרט מיט קאַלאָבערדאיעוו'ן אהיים.

— וואָס איז מיט אייך? — האָט דער ראָטמיסטער געפרעגט — בערוהיגט זיך: די וואונד איז ניט קיין געפעהרליכע. מאָרגען נאָך וועט ער קאָנען טאַנצען. אָדער אייך טהוט לייד, וואָרום איהר האָט איהם אויף טויט ניט דערשאָסען? אויב אזוי, בין איך מיט אייך ניט איינפער־שטאַנדען: ער איז א וואוילער יונג.

— וואָרום האָט ער מיך געשאַנעוועט! — האָב איך צום סוף ארויסגעמורמעלט.

— נאַ דיר גאָר! — האָט דער ראַטמיסטער רוהיג געענטפערט... נו, זיינען די פּערפאַסער ברואים!..

איך ווייס ניט, וואָרום איז איהם עפּעס איינגעפאַלען, אַז איך בין אַ פּערפאַסער.

איך נעהם זיך ניט אָן צו בעשרייבען די אַלע יסורים, וואָס איך האָב געליטען יענעם אבענד נאָך׳ן דועל. מיין אייגענליעבע האָט מורא׳־דיג געליטען. ניט דאָס געוויסען האָט מיך געפּלאַגט, נור דאָס בעוואוסטזיין פון מיין נאַרישקייט האָט מיך געשטיקט.

— איך האָב זיך אַליין דער׳הרג׳עט! — האָב איך גע׳טענה׳ט, שפּרייזענדיג איבער׳ן צימער מיט גרויסע טריט: — דער פירסט, פון מיר פערוואונדעט, האָט מיר פערצייהט... ליזא איז איצט אויך זיינע... איצט קען מען זי שוין ניט ראַטעווען, אָפּהאַלטען זי אויפ׳ן ברעג פונ׳ם אָפּגרונד...

איך האָב זעהר גוט געוואוסט, אַז אונזער דועל וועט ניט פער־בלייבען קיין סוד, ניט קוקענדיג אויף דעם פירסט׳ס ווערטער ,אָם וועניגסטען, וועט ליזא פון דעם וויסען.

— דער פירסט איז ניט אַזוי דום — האָב איך געמורמעלט אַ ווילדער — אום ניט אויסנוצען עס...

אין אמת׳ן, האָב איך אַ טעות געהאַט: וועגען דעם דועל האָט באַלד געוואוסט די גאַנצע שטאָדט, אָבער ניט פון דעם פירסט, ניין; ווען ער איז געקומען אויף מאָרגען צו ליזא׳ן מיט אַן ארומגעבונדענעם קאָפּ, האָט זי שוין געוואוסט אַלעס... צו האָט מען עס דערוואוסט זיך פון ביזמענקאָוו׳ן, צו אויף אַנאַנדער אופן, דאָס וויים איך ניט. און, אגב, קאָן דען עפּעס בלייבען פערבאָרגען אין אַ קליין שטעדטעל? איהר קאָנט זיך שוין פאָרשטעלען, ווי ליזא האָט איהם אויפגענומען, ווי די גאַנצע פאַמיליע פון די אָזשאָגינ׳ס האָבען איהם אויפגענו־מען!

און איך? איך בין געוואָרען דער ניעדריגסטער פון די ניעדריגס־טע, אַ משוגענער, אַ מענשען־פרעסער. אַלע האָבען זיך אָפּגעקעהרט פון מיר מיט פעראַכטונג, מיט עקעל, ווי פון אַ קרעציגען. די שטאָדטי־שע בעאַמטע האָבען פאָרגעלייגט דעם פירסט, מיך שטרענג צו בע־שטראָפען און בלויז אַ דאַנק זיין אָננעהמען זיך פאַר מיר, האָט מיך געראַטעוועט פון אַ שווערער שטראָף. דעם דאָזיגען מענשען איז בע־

שערט געווען ניט איינמאָל צו דערשטיקען מיך מיט זיין עדעלקייט. מיט זיין גרויסמוטהיגקייט האָט ער מיך בעגראָבען ניין קלאָפטער אין דער ערד.

עס איז איבריג צו זאָגען, אז אָזשאָגינ'ס הויז האָב איך שוין מעהר ניט געטאָרט בעטרעטען.

אָזשאָגין האָט מיר זאָגאר אָפּגעשיקט א בלייפעדער, וואָס איך האָב דאָרט געהאָט פערגעסען.

אייגענטליך האָט ער ניט גענדארפט זיין בייז אויף מיר, מיין „משוגענע אייפערזוכט" — מיט וואָס אין שטאָדט האָט מען ער־קלעהרט דעם דועל — האָט בעלייכטעט, קלאָהר געמאַכט די בעציי־הונגען צווישען דעם פירסט און ליזא'ן. אָזשאָגין, אזוי ווי די אַנדע־רע שטאָדטישע מענשען האָבען דאָן אָנגעהויבען צו קוקען אויפ'ן פירסט, ווי אויף ליזא'ס חתן. דאָס האָט ניט גענדארפט אזוי גוט שמע־קען דעם פירסט, אָבער ליזא איז איהם געפעלען געווען און דערצו נאָך האָט ער נאָך דאַן ניט געהאַט עררייכט זיין צוועק... מיט דער גאַנצער פעהיגקייט. פון א קלוגען וועלטליכען מענשען איז ער באַלד אריין אין זיין נייער לאַגע...

אָבער איך!... איך האָב אויף זיך אליין, אויף מיין צוקונפט א מאַך געטהאָן מיט א האַנד...

איך בין זעהר מיעד און מוז אָפּלייגען דעם סוף פון מיין ער־צעהלונג ביז מאָרגען...

---

29טען מערץ. — א לייכטער פרעסטעל; נעכטען האָט דער שנעע געטאָיעט.

נעכטען האָב איך ניט געקענט פאָרטזעצען מיין טאָגע־בוך. איך בין כמעט די גאַנצע צייט געלעגען אויף דער בעט און גערעדט מיט טערענטיעווגא'ן. אָט דאָס איז א פרוי! מיט זעכציג יאָהר צוריק האָט זי פערלאָרען איהר ערשטען חתן אין דער מגפה, האָט איבערגעלעבט אַלע איהרע קינדער, איז אליין אונפערצייהליך אַלט, טרינקט טהעע, וויפיעל זי וויל, איז זאַט, אָנגעטהאָן ווארעם; און וועגען וואָס, מיינט איהר, האָט זי נעכטען מיט מיר געשמועסט? איך האָב געהייסען

אוועקשענקען א צווייטען אלטינקער, זעהר אן אָרימער, א קאָלנער פון א צוריסענער ליוורעע, וואס מאיל האָבען געהאט צופרעסען... האָט די אַלטע טערענטיעוונא דערפאר צו מיר טענות געהאט: שטייטשט, זי איז מיין ניאנקע, אויפגעהאָדעוועט מיך און צום סוף?...

די אלטע האָט מיך פערמוטשעט מיט איהרע טענות... אָבער מיר וועלען זיך צוריקקעהרען צו דער ערצעהלונג.

קוריץ, איך האָב מורא׳דיג געליטען. גאנצע טעג האָב איך פער־בראכט גאנץ אליין און בלויז דורך ארומיגע און מיאוסע וועגען האָב איך געקאָנט דערגעהן, וואָס טהוט זיך ביי די אַזשאָגינ׳ס, וואָס דער פירסט טהוט: מיין דיענער האָט זיך בעקאנט מיט דער עלטער מוהמען פון דעם קוטשער׳ס ווייב. די דאָזיגע בעקאנטשאפט האָט מיר אביסעל גרינגער געמאכט אויפ׳ן הארצען, און מיין דיענער האָט באלד פון מיינע פרעזענטען און אָנצוהערענישען זיך אָנגעשטויסען, וועגען וואָס ער דארף ריידען מיט מיר, בעת ער האָט בייניאכט ארונטערגעשלעפט די שטיוועל פון מייענ פיס.

אמאָל האָב איך געטראָפען אויף דער גאס עמיצען פון אַזשאָגינ׳ס פאמיליע, ביזמענקאָוו׳ן, דעם פירסט... דעם פירסט און ביזמענקאָוו׳ן האָב איך געגריסט, אָבער קיינמאָל מיט זיי זיך ניט געשטעלט ריי־דען.

ליזא׳ן האָב איך אין גאנצען געזעהן א מאָל דריי: איינמאָל מיט איהר מוטער אין א מאגאזין; איינמאָל אין אן אָפענעם קאוטש מיט איהרע עלטערען און מיט׳ן פירסט און איינמאָל אינ׳ם קלויסטער. פערשטעהט זיך, אז איך האָב ניט געוואגט צוצוגעהן צו איהר און האָב בלויז געקוקט אויף איהם פון דער ווייטענס.

אינ׳ם מאגאזין האָט זי אויסגעזעהן שטארק צוטראָגען, אָבער פרעהלאך... זי האָט עפּעס דארט בעשטעלט און צוטראָגענערהייט אויסגעקליבען שטעננעס. די מוטער האָט געקוקט אויף איהר, האלטענ־דיג די הענד אויפ׳ן בויך, מיט א פעררייסענער נאָז און מיט יענעם נאַ־רישען און שקלאַפּישען שמייכעל, וועלכער איז ערלויבט בלויז ליע־בענדע מוטערס.

אין דעם קאוטש מיט׳ן פירסט האָט ליזא אויסגעזעהן... איך וועל קיינמאָל ניט פערגעסען די דאָזיגע בעגעגעניש! די אלטע אַזשאָגינ׳ס זיינען געזעסען פון הינטען, ליזא און דיר פירסט — פון פאָרענט.

זי איז געווען בלייכער, ווי געוועהנליך; די רויטע בלומען האָבען זיך קוים־קוים ארויסגעזעהען אויף איהרע באַקען. זי איז געזעסען האַלב געווענדעט צום פירסט. אָנגעשפּאַרט זיך אויף דער רעכטער האַנד( אין דער לינקער האָט זי געהאַלטען אַ שירם) און איינגעבויגט אַביסעלע דעם קאָפּ, האָט זי איהם געקוקט גלייך אין פּנים מיט איהרע אויס־דרוקספולע אויגען. אין דער דאָזיגער רגע האָט זי זיך איהם אָפּגע־געבען אין גאַנצען, אין גאַנצען...

איך האָב קיין צייט ניט געהאַט צו בעטראַכטען גוט זיין פּנים — דער קאוטש האָט זיך שנעל פערבייגעטראָגען — אָבער מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אַז ער איז אויך געווען טיעף געריהרט.

דעם דריטען מאָל האָב איך זי געזעהן אינ'ם קלויסטער אין אַ טעג צעהן אַרום נאָכדעם, ווי איך האָב זי געטראָפען מיט'ן פירסט אינ'ם קאוטש. דאָס איז געווען ניט מעהר ווי דריי וואָכען זייט דעם טאָג פון אונזער דועל.

דער ענין, וועגען וועלכען דער פירסט איז געקומען אין אָ... איז שוין געווען געענדיגט, ער האָט אָבער פערצויגען זיין אָפּרייזע, אָנגעבענדיג אין פּעטערסבורג, אַז ער איז קראַנק. אין דער שטאָדט האָט מען יעדען טאָג זיך געריכט, אַז ער וועט פאָרמעל בעטען ביי אָזשאָגינ'ען זיין טאָכטער פאַר אַ ווייב. איך האָב אַליין אויך געוואַרט אויף דעם דאָזיגען לעצטען קלאַפּ, אום דערנאָך צו פערלאָזען די שטאָדט אויף אייביג.

די שטאָדט האָט מיר דערעסען, איז מיר מיאוס געוואָרען. איך האָב ניט געקענט איינזיצען אין הויז און פון אין דער־פריה ביז פאַר־נאַכט האָב איך זיך אַרומגעשלעפּט איבער די אַרומיגע געגענדען.

און איינמאָל אין אַ גרויען, נאַסען וועטער, בעת איך האָב זיך צוריקגעקעהרט פון אַ שפּאַציער, וועלכער איז צושטערט געוואָרען פון אַ רעגען, בין איך פערגאַנגען אין קלויסטער.

דער פאַרנאַכטיגער גאָטעס־דיענסט האָט זיך נור־וואָס אָנגעהויבען. אַן עולם איז געווען אַ גאַנץ קליינער. איך האָב זיך אומגעקוקט און פּלוצים, נעבען אַ פענסטער, האָב איך דער זעהן אַ בעקאַנטען פּראָפיל.

פון אָנפאַנג האָב איך איהם ניט דערקענט: דער דאָזיגער בלייכער פּנים, דער דאָזיגער פערשלאָפענער בליק, די דאָזיגע איינגעפאַ־

לענג באקען, — שוין־זשע איז דאס יענע ליזא, וועלכע איך האב געזעהן מיט צוויי וואכען צוריק?

איינגעוויקעלט אין א לאנגען מאנטעל, אהן א הוט אויפ'ן קאפ, בעלייכטעט פון דער זייט מיט א קאלטען שיין, וואס איז געפאלען פונ'ם ברייטען, ווייסען פענסטער, האט זי אונבעוועגליך געקוקט אויף דעם געץ און האט, דאכט זיך, זיך אנגעשטרענגט צו בעטען, זיך אנגע־שטרענגט ארויסצורייסען זיך פון עפעס א מין היהנער־פלעט. א דיקער דיענער מיט רויטע באקען איז געשטאנען אהינטער איהר, די הענד פערלייגט אויפ'ן רוקען, און האט מיט א פערשלאפענער מינע געקוקט אויף איהר. איך האב זיך אין גאנצען א טרייסעל געטהאן, געוואלט געוועזט צוגעהן צו איהר, האב זיך אבער אפגעשטעלט. א פיינליך פאר־געפיהל האט מיך גענומען מוטשען.

די גאנצע צייט האט זיך ליזא ניט א ריהר געטהאן און ווען דער גאטעס דיענסט האט זיך געענדיגט און דער עולם איז זיך אין גאנצען צונעגאנגען, האט זיך ליזא נאך אלץ פונ'ם ארט ניט געריהרט.

דער דיענער איז צוגעגאנגען צו איהר, האט איהר עפעס געזאגט און זי א ציה געטהאן ביים מאנטעל; זי האט זיך אומגעקוקט, א פיהר געטהאן מיט א האנד איבער'ן פנים און איז אוועק. איך האב זי פון דער ווייטענס בעגלייט ביז איהר היים און דערנאך אוועק צו זיך.

— זי איז פערלארען! — האב איך אויסגעשריען, אריינקומענדיג צו זיך אין צימער.

איך וויים נאך עד היום ניט, וואס איך האב דאן געפיהלט. איך געדענק, איך האב זיך א ווארף געטהאן אויף דער זאפע און אויסגע־גלאצט די אויגען אויף דער פאדלאגע; אבער, איך ווייס ניט, דאכט זיך, אין מיטען דער דאזיגער פערצווייפלונג בין איך פון עפעס גע־ווען צופריעדען... איך וואלט זיך בשום אופן אין דעם ניט מודה גע־ווען, ווען איך וואלט עס ניט געשריעבען פאר זיך אליין. אמת, מיך האבען טאקי געמוטשעט פייניליכע, מורא'דיגע פארגעפיהלען... און ווער וויים, אפשר וואלט איך זיך שטארק געוואונדערט, ווען זיי וואלטען זיך ארויסגעוויזען ניט אמת.

ווי די מעשה זאל ניט זיין, מיינע פארגעפיהלען האבען זיך ארויסגעוויזען אמת. מיט אמאל האט זיך איבער דער שטאדט פונאנ־דערגעטראגען די נייעס, אז דער פירסט האט פערלאזען די שטאדט,

ניט מאַכענדיג קיין פאָרשלאַג ניט אזשאגין'ען און ניט זיין פרוי און אז ליזא וועט האָבען איצט צו קלאָגען, כל זמן זי וועט לעבען.

די דאָזיגע נייעס האָט מיך אַ ברען געטהאָן; איך האָב זיך גלייך אָנגעטהאָן און געוועזט אַוועקגעלאָפען צו די אזשאגינ'ס, אָבער איך האָב זיך בערעכענט, אַז עס איז אַנשטענדיגער צו וואַרטען ביז מאָר־גען. אגב, בלייבענדיג אין דער היים, האָב איך גאָר נישט ניט פער־לאָרען.

אין דעם אייגענעם אָבענד איז צו מיר געקומען צולויפען אַ געווי־סער גריך, אַ מורא'דיגער רכילות־טרייבער, וועלכער האָט זיך פריהער געקאָכט מעהר פון אַלעמען פאַר מיין דועל מיט'ן פירסט. ער האָט זאָגאַר ניט געוואַרט, ביז מיין דיענער וועט איהם מעלדען, איז אריינ־געפלויגען צו מיר אין צימער, האָט מיר פעסט געדריקט די הענד און טויזענד מאָל זיך ענטשולדיגט פאַר מיר, האָט געזאָגט, אַז איך בין אַ מוסטער פון העלדישקייט און גרויסמוטהיגקייט, פאַרגעשטעלט דעם פירסט אין די שוואַרצעסטע פאַרבען, ניט געשאָנעוועט די אזשאגינ'ס, וועלכע, נאָך זיין מיינונג, האָבען עס כשר פערדיענט, פערבייגעהענ־דיג בעליידיגט ליזאַ'ן אויך און איז אַנטלאָפען, אַ קוש טהאָנדיג אפרי־הער מיר אין פלייצע.

צווישען אַנדערש, האָב איך פון איהם זיך דערוואוסט, אַז דער פירסט האָט מיט אַן אָבענד צוריק, איידער ער האָט די שטאָדט פער־לאָזען, אויף אַ העפליכען שטייגער געגעבען צו פערשטעהן אזשאַ־גין'ען, אַז ער וויל קיינעם ניט בעטריגען און דערפאַר האַלט ער אלס זיין פפליכט צו ערקלעהרען, אַז ער האָט ניט אין זינען צו הייראַטהען. דערנאָך האָט ער זיך אויפגעהויבען, פערגעזעגט זיך און איז פער־שוואונדען...

אויף מאָרגען בין איך אַוועק צו די אזשאגינ'ס; דער האַלב־בלינדער לאַקעי איז אויפגעשפרונגען מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ, בעת ער האָט מיך דערזעהן. איך האָב איהם געהייסען מיך מעלדען; ער איז אַוועקגעלאָפען און זיך באַלד צוריקגעקעהרט.

— זייט מוחל, זיי בעטען, איהר זאָלט אריינגעהן.

איך בין אריין צו אָזשאָגינ'ען אין קאַבינעט... ביז מאָרגען.

30טער מערץ. — אַ פראָסט

אַלזאָ, איך בין אריין צו אַזשגיג'ען אין קאַבינעט. איך וואָלט פיעל געגעבען יענעם, ווער עס וואָלט מיר געקאָנט איצט ווייזען מיין פּנים, ווי ער האָט אויסגעזעהן אין יענער מינוט, בעת דער דאָזיגער ווירדיגער בעאַמטער, שנעל איינדרעהענדיג זיך אין זיין שלאָף־ראָק, איז צוגעגאַנגען צו מיר מיט אויסגעשטרעקטע הענד. הפּנים, איך האָב אויסגעזעהן אין גאַנצען יום טוב'דיג און גרויסמוטהיג...

אזשאָגין איז קאַנטיג געווען צומישט און טרויעריג, האָט אויס־געמיידט מיין בליק, גערעדט אונגאַטירליך הויך און ניט גאַנץ קלאָהר וועגען די אונזיכערקייט פון אירדישע גליקען און פּלוצים, דערפיהלט אויף די אויגען אַ טרעהר, האָט ער געטהאָן אַ שמעק טאַבאַק, מסתמא דערפאַר, אום מיך אָפּצונאַרען מכוח דער אורזאַך, וואָס האָט ביי איהם די טרעהר ארויסגערופען...

פערשטעהט זיך, אַז איך בין זיך זעהר פאָרזיכטיג בעגאַנגען מיט איהם, האָב געפרעגט, וואָס מאַכט זיין פרוי, זיין טאָכטער און באַלד גענומען ריידען וועגען אַ גאַנץ זייטיגען ענין.

אָנגעטאָן בין איך געווען ווי געוועהנליך; אָבער דאָס געפיהל פון עדעלער אַנשטענדיגקייט און פריינדליכער פערגעבונג האָט צוגע־געבען מיר אַזאַ יום טוב'דיגען אויסזעהן, אַזוי ווי איך וואָלט געווען אויסגעפּוצט אין אַ ווייסער וועסט און אַ ווייסען האַלזטוך.

איין זאַך בלויז האָט מיך נערוועז געמאַכט: דער געדאַנק וועגען זעהן זיך מיט ליזאַ'ן...

צום סוף, האָט אַזשאָגין אליין מיר פאָרגעלייגט, צו פיהרען מיך צו זיין פרוי. די דאָזיגע גוטע, אָבער נאַרישע פרוי, אַז זי האָט מיך דערזעהן, איז צוערשט מורא'דיג צומישט געוואָרען; אָבער איהר מוח האָט לאַנג ניט געקענט איינהאַלטען איינעם און דעם זעלביגען איינדרוק, און דערפאַר האָט זי זיך באַלד בערוהיגט. צום סוף, האָב איך דערזעהן ליזאַ'ן... זי איז אריינגעקומען אין צימער...

איך האָב ערוואַרטעט, אַז איך וועל זי טרעפען אַ פערשעהמטע, אַ דערשלאָגענע זינדערין און האָב שוין געהאַט צוגעגרייט אַ זעהר פריינדליכען, ערמונטערענדיגען שמייכעל... וואָס זאָל איך לייקע־

נען? איך האָב זי באמת ליעב געהאַט און געהאָפט אויפ׳ן גליק צו קאָ־נען איהר פערגעבען, אויסשטרעקען צו איהר אַ האַנד, אָבער ווי אי־בערראשט בין איך געוואָרען, ווען אויף מיין בעגריסונג האָט זי זיך קאַלט צולאַכט אונגעאַכטעט בעמערקט: „אַ? דאָס זייט איהר?" און זי האָט זיך גלייך אָפּגעקעהרט פון מיר.

אמת טאַקי, איהר געלעכטער האָט געקלונגען, ווי מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אביסעלע געצוואונגען, אַם וועניגסטען האָט זיך גאָר ניט געפּאַסט צו איהר מורא׳דיג אויסגעמאַטערטען פּנים... אָבער דאָך האָב איך ניט ערווארטעט אַזא אויפנאַהמע... איך האָב פערוואונדערט אַ קוק געטהאָן אויף איהר... ווי זי האָט זיך פערענדערט! זי איז גאָר געווען אַנאַנדערע, ניט צו דערקאָנען! פאַר מיר איז שוין ניט געשטאַ־נען דאָס קינד ליזאַ, נור אַ נייע ליזאַ, אַ פרוי וואָס האָט גאָר אַנדערש אויסגעזעהן. זי איז ווי עפּעס אויסגעוואַקסען, אויסגעגלייכט זיך, אַלע שטריכען פון איהר פּנים, בעזאָנדערס איהרע ליפּען, האָבען ווי אַ זי־כערע, בעשטימטערע פאָרמע געקראָגען... דער בליק איז געוואָרען טיע־פער, זיכערער און דונקעלער. איך בין אויסגעזעסען ביי די אַזשאַגינ׳ס ביז מיטאָג; זי האָט זיך אויפגעהויבען, פערלאָזען דאָס צימער און צוריקגעקעהרט זיך, האָט רוהיג געענטפערט אויף פראַגען און אומיסט־נע זיך ניט אומגעקוקט אויף מיר. זי האָט, ווי איך האָב עס קלאָהר געזעהן, געוואָלט מיר געבען פיהלען, אַז איך בין אפילו ניט ווערטה איהר צאָרן, כאָטש איך האָב שיער־שיער ניט געטויטעט איהר געליעב־טען.

צום סוף, האָב איך פערלאָרען די געדולד. אַ גיפטיגע אָנצוהע־רעניש האָט זיך ארונטערגעריסען פון מיינע ליפען... זי האָט זיך אַ צאַפּעל געטהאָן, שנעל אַ קוק געטהאָן אויף מיר, איז אויפגעשטאַנען און, צוגעהענדיג צום פענסטער, האָט זי ארויסגערעדט מיט עטוואָס אַ ציטערענדיגען קול:

— איהר קאָנט זיך ריידען, וואָס איהר ווילט, אָבער וויסען זאָלט איהר, אַז איך האָב דעם דאָזיגען מענשען ליעב און אייביג וועל איך איהם ליעבען, און איך האַלט איהם גאָר ניט, אַז ער האָט מיר שלעכטס געטהאָן, פערקעהרט...

איהר קול האָט אַ קלונג געטהאָן, זי האָט זיך אָפּגעשטעלט, גע־

וואלט זיך בעהערשען און ניט געקענט, האט זיך צו־וויינט און איז ארויסגעלאפען פונ'ם צימער.

אזשאגין און זיין פרוי זיינען צומישט געווארען... איך האב זיי ביידען א דריק געטהאן די הענד, א זיפץ געטהאן, א גלאץ געטהאן מיט די אויגען און אוועק.

איך בין זעהר שוואך, צייט איז פערבליבען זעהר ווייניג, איך בין ניט אין דער לאגע צו בעשרייבען מיט די פריהערדיגע איינצעלהייטען יענע נייע פיינליכע געדאנקען, פעסטע פלענער און די איבריגע פרוב־טען פון דעם אזוי אנגערופענעם אינערליכען קאמפף, וועלכען איך האב דורכגעלעבט נאכדעם, ווי איך האב ווידער אנגעהויבען צו בעזוכען די אזשאגינס. ביי מי איז קיין ספק ניט געווען, אז ליזא ליעבט נאך אלץ דעם פירסט און וועט איהם נאך לאנג־לאנג ליעבען... אבער, אלס מענש, וועלכען די אומשטענדען האבען צוגעדריקט, האב איך אפילו שוין ניט גע'חלום'ט וועגען איהר ליעבע: איך האב געגארט בלויז איהר פריינדשאפט, איהר צוטרויען, איהר אכטונג, וועלכע, ווי ערפאה־רענע מענשען זאגען, רעכענט זיך אלס דער זיכערסטער פונדאמענט אינ'ם פאמיליען־לעבען...

ליידער, האב איך זיך ניט גערעכענט מיט איין וויכטיגען אומ־שטאנד, איך מיין, וואס ליזא זייט דעם טאג פונ'ם דועל האט מיך געהאסט. וועגען דעם האב איך זיך ערשט דערוואוסט שפעטער.

איך האב ווי פריהער בעזוכט די אזשאגינס. אזשאגין אליין האט מיך בעהאנדעלט פריינדליכער, ווי ווען־עס־איז פריהער. איך האב זאגאר אן אורזאך צו דענקען, אז ער וואלט מיט פערגעניגען אויסגע־געבען פאר מיר זיין טאכטער, הגם איך בין ניט געווען אזא מציאה פון א חתן. די געזעלשאפטליכע מיינונג האט פערפאלגט איהם און ליזא'ן און מיך, פערקעהרט, האט זי געלויבט ביז'ן הימעל.

ליזא'ס האלטונג געגענאיבער מיר האט זיך ניט געענדערט: זי האט מעהרסטענטהיילס געשוויגען, געפאלגט, ווען מען האט זי גע־בעטען עסען, האט ניט ארויסגעוויזען קיין סימן פון ליידען, אבער אין דער איינענער צייט איז זי אויסגעגאנגען ווי א ליכט.

דער פאטער איהרער — מען מוז זיין גערעכט צו איהם — האט זי געשאנעוועט, מיט קיין מינע איהר ניט וועה געטהאן, איהר מוטער האט זיך געקרימט, קוקענדיג אויף איהר אונגליקליך קינד.

מיט איין מענשען האָט זיך ליזא געהאַלטען נאָהענט, הגם מיט איהם האָט זי אויך וועניג גערעדט, איך מיין ביזמענקאָוו׳ן.

די אַלטע אזשאַגינ׳ס האָבען איהם בעהאַנדעלט פיינדליך, גראָב: זיי האָבען איהם ניט געקענט מוחל זיין, וואָרום ער איז געווען א סע־קונדאַנט; אָבער ער האָט ניט אויפגעהערט צוגעהן צו זיי, אַזוי ווי ער וואָלט ניט בעמערקט זייער פיינדשאַפט.

מיט מיר איז ער געווען זעהר קאַלט — און מערקווירדיג! — איך האָב עפּעס פאַר איהם מורא געהאַט.

אַזוי האָט זיך עס געצויגען א וואָכען צוויי. צום סוף, נאָך איין שלאָפלאָזער נאַכט, האָב איך ביי זיך בעשלאָסען, צו האָבען אַן ערקלערוּנג מיט ליזאַ׳ן, עפענען פאַר איהר מיין האַרץ, זאָגען איהר, אַז ניט קוקענדיג אויף איהר פערגאַנגענהייט, ניט קוקענדיג אויף אַלע רכילות און ריידערייען, וועל איך זיין זעהר גליקלאַך, אויב זי וועט איינוויליגען צו זיין מיין פרוי. איינמאָל פאַר אַלע מאָל איך האָב געוואָלט מאַכען א סוף, אַהער אָדער אַהין...

הינטער אזשאַגינ׳ס הויז האָט זיך געפונען א גרויסער גאָרטען, וועלכער האָט זיך בעהעפט מיט א פערוואַקסענעם וועלדעל. אין מיטען פון דעם דאָזיגען וועלדעל איז געשטאַנען אַן אַלט־פרענקישע לעטאַנ־קע אין כינעזישען געשמאַק. א פּאַרקאַן פון קלעצער האָט אָפּגעטהיילט דעם גאָרטען פונ׳ם פערוואַקסענעם וועלדעל. ליזא האָט מאַנכעסמאָל שטונדען־לאַנג געשפּאַצירט אין דעם דאָזיגען גאָרטען.

אזשאַגין האָט עס געוואוסט און פערבאָטען זי צו בעאונרוהיגען, נאָכגעהן איהר: זאָל זי, זי מוז האָבען רוה.

ווען זי איז ניט געווען אין דער־היים, האָט מען נור געדאַרפט אָנקלינגען פאַר מיטאָג מיט׳ן גלעקעל, און זי איז באַלד ערשיענען מיט יענעם עקשנות׳דיגען שווייגען אויף די ליפּען, אין דעם בליק, און מיט עפּעס א צוקניידשטען בלעטעל אין דער האַנד.

און איינמאָל, בעמערקט, אַז זי איז ניט געווען אין הויז, האָב איך געמאַכט א מינע, אַז איך געה כלומרשט אוועק, האָב זיך געזעגענט מיט אזשאַגינ׳ען, אָנגעטאָן די הוט און בין אַרויס פונ׳ם פאָרצימער אויפ׳ן הויף, פונ׳ם הויף אויף דער גאַס, אָבער באַלד האָב איך מיט אַן אוננעוועהנליכער פלינקייט זיך ווידער אַריינגעכאַפּט אין טויער און

דורך דער קיך האָב איך זיך אריינגעגנב׳עט אין גאָרטען. צום גליק, האָט קיינער מיך ניט בעמערקט.

ניט לאַנג טראַכטענדיג, בין איך מיט שנעלע טריט אוועק אין וועלדעל. פאר מיר אויף אַ שטעגעלע איז געשטאַנען ליזא. דאָס האַרץ אין מיין ברוסט האָט זיך אַ צאַפּעל געטהאָן און גענומען שטאַרק קלאַ־פּען.

איך האָב זיך אָפּגעשטעלט, טיעף אַ זיפץ געטהאָן און געוואָלט שוין צוגעהן צו איהר, ערשט פּלוצים האָט זי אויפגעהויבען די האַנד און זיך גענומען צוהערען...

פון הינטער די בוימער, אין דער ריכטונג פונ׳ם וועלדעל, האָבען זיך קלאָהר דערהערט צוויי קלעפּ, אזוי ווי עמיצער וואָלט איבער׳ן פּאַרקאַן געקלאַפּט. ליזא האָט אַ פּאַטש געטהאָן אין די הענד, עס האָט זיך דערהערט אַ שוואַכער סקריפּ פון אַ פּאָרטקע און פון צווישען די געדיכטע בוימער האָט זיך בעוויזען ביזמענקאָוו.

איך האָב פלינק זיך פערבעהאַלטען הינטער אַ בוים. ליזא איז שווייגענדיג איהם אַנטקעגען געגאַנגען.

זי האָט איהם גענומען אונטער דער האַנד און זייביידע זיינען שטיל אוועק איבער׳ן שטעגעל.

איך האָב פערוואונדערט געקוקט אויף זיי. זיי האָבען זיך אָפּ־געשטעלט, אומגעקוקט זיך אויף אַלע זייטען, זיינען פערשוואונדען גע־וועזט הינטער די בושעס און ווידער באַלד ערשיענען און זיינען, צום סוף, אריין אין לעטאַנקע.

די לעטאַנקאַ איז געוועזען אַ קיילעכדיגע, קליינצינקע געביידעלע מיט איין טהיר און מיט אַ קליין פענסטערל; אין מיטען האָט זיך געזעהן אַן אַלטער טיש אויף איין פוס, וועלכער איז פערוואַקסען גע־ווען מיט גרינעם מאָך; צוויי בענקלאַך פון ברעטער זיינען געשטאַנען ביי די זייטען, ניט ווייט פון די פייכטע און פער׳חושכ׳טע ווענד.

דאָ אין די שטאַרק הייסע טעג, און דאָס בלויז איין מאָל אין יאָהר, און אויך בלויז אין די פריהערדיגע צייטען, האָט מען געטרונקען טהעע. די טהיר האָט זיך אין גאַנצען ניט פערמאַכט, די ראַהם איז שוין לאַנג ארויסגעפאַלען פונ׳ם פענסטערל און, פערטשעפּעט מיט איין זייט, איז זי טרויעריג געהאַנגען, ווי אַן איבערגעבראָכענער פליגעל פון אַ פויגעל.

איך האב זיך צוגע'גנב'עט צו דער לעטאנקע און פארזיכטיג א קוק געטהאן דורך א שפארונג.

ליזא איז געזעסען אויף איינעם פון די בענקלאך מיט אן ארונ־טערגעלאזטען קאפ; איהר רעכטע האנד איז ביי איהר געלעגען אויף די קניע; איהר לינקע האט ביזמענקאוו געהאלטען אין זיינעביידע הענד. ער האט געקוקט אויף איהר מיט אן אויסדרוק פון רחמנות.

— ווי פיהלט איהר זיך היינט? — האט ער שטיל געפרעגט.

— אזוי ווי פריהער, ניט ערגער און ניט בעסער — האט זי גע־ענטפערט — א שרעקליכע פוסטקייט — האט זי צוגעלייגט, אומעטיג אויפהויבענדיג איהרע אויגען.

ביזמענקאוו האט איהר גאר ניט געענטפערט.

— ווי דענקט איהר? — האט זי ווייטער גערעדט — וועט ער נאך אמאל שרייבען צו מיר?...

— איך גלויב ניט, יעליזאוועטא קירילאוונא!

זי איז אנשווייגען געווארען.

— און אייגענטליך וועגען וואס זאל ער שרייבען? ער האט מיר אלעס געזאגט אין זיין ערשטען בריעף. איך האב ניט געקענט זיין זיין פרוי; אבער איך בין געוועזען גליקלאך... ניט לאנג... אבער איך בין געוועזען גליקלאך...

ביזמענקאוו האט ארונטערגעלאזט דעם קאפ.

— אך— האט זי זיך דאן א כאפ געטהאן מיט היץ — ווי איהר וואלט געוואוסט, ווי דער דאזיגער טשולקאטורין איז מיר מיאוס... מיר דאכט זיך אלץ, אז איך זעה אויף זיינע הענד יענעמ'ס בלוט... (איך האב א ציטער געטהאן הינטער מיין שפארונג) אבער — האט זי צוגעלייגט פערטראכט — ווער ווייסט? עס קאן זיין, ווען ניט דער דאזיגער דועל... אך, ווען איך האב איהם דערזעהן א פערוואונ־דעטען, האב איך באלד דערפיהלט, אז איך בין אין גאנצען זיינע.

— טשולקאטורין ליעבט אייך — האט ביזמענקאוו זיך אנגערו־פען.

— וואס הארט עס מיך? איך דארף דען עמיצענ'ס ליעבע? — זי האט זיך אפגעשטעלט און צוגעלייגט פערטראכט — אויסער אייע־רער. יא, מיין פריינד, אייער ליעבע מוז איך האבען: אהן אייך וואלט

איך פערלאָרען געגאַנגען. איהר האָט מיר געהאָלפען אריבערטראָגען די שרעקליכע מינוטען...

זי איז אַנשווייגען געוואָרען... ביזמענקאָוו האָט מיט אַ פּאַטערלי־כער צערטליכקייט אָנגעהויבען צו גלעטען איהר האַנד.

— וואָס קאָן מען טהאָן, וואָס קאָן מען טהאָן, יעליזאַוועטא קי־רילאָוונא — האָט ער איבערגערעדט עטליכע מאָל נאָכאַנאַד.

— אפילו איצט אויך — האָט זי ארויסגערעדט פערשטיקט — וואָלט איך אָהן אייך געשטאָרבען. בלויז איהר אליין שטיצט מיך; אויסער דעם, דערמאָנט איהר מיך אָן איהם... איהר האָט דאָס אַלעס געוואוסט. איהר געדענקט, ווי גוט איהר זייט געווען יענעם טאָג... אָבער ענטשולדיגט, אייך איז דאָך מסתמא שווער...

— רעדט! רעדט! וואָס פאַלט אייך איין, גאָט איז מיט אייך!

— האָט זי ביזמענקאָוו אונטערבראָכען.

זי האָט איהם אַ דריק געטהאָן די האַנד.

— איהר זייט זעהר אַ גוטער, ביזמענקאָוו — האָט זי ווידער אָנגעהויבען — איהר זייט, ווי אַ מלאך, גוט. וואָס קאָן איך טהאָן! איך פיהל, אַז ביז׳ן טויט וועל איך איהם ליעבען. איך האָב איהם פער־געבען, איך בין איהם דאַנקבאַר. זאָל איהם גאָט גליק געבען! זאָל איהם גאָט צושיקען אַזאַ פרוי, וואָס זאָל איהם זיין צום הארצען! — איהרע אויגען זיינען פערלאָפען מיט טרעהרען — ער זאָל מיך נור אין גאַנצען ניט פערגעסען, ער זאָל נור כאָטש ווען־עס־איז זיך דער־מאָנען אָן זיין ליזא׳ן. קומט ארויס פון דאַנען — האָט זי צוגעלייגט נאָך אַ קורצען שווייגען.

ביזמענקאָוו האָט צוגעטראָגען איהר האַנד צו זיינע ליפּען.

— איך ווייס — האָט זי געגומען ריידען מיט היץ — אַלע בע־שולדיגען מיך איצט, אַלע ווארפען אין מיר שטיינער. זאָלען זיי! פונדעסטוועגען וואָלט איך ניט פערביטען מיין אונגליק אויף זייער גליק... ניין! ניין! ער האָט מיך ניט לאַנג געליעבט, אָבער ער האָט מיך געליעבט! ער האָט מיך קיינמאָל ניט בעטראָגען: ער האָט מיר ניט געזאָגט, אַז איך וועל זיין זיין פרוי; איך אליין האָב וועגען דעם קיינמאָל ניט געטראַכט. דער אָרימער פּאַפּאַ מיינער בלויז האָט אויף דעם געהאָפּט. און איצט בין איך נאָך אויך ניט אין גאַנצען אונגליק־לאך; די ערינערונגען זיינען ביי מיר פערבליעבען און ווי שרעקליך

זאָלען ניט זיין די פּאָלגען... איך ווער דאָ דערשטיקט... דאָ האָב איך זיך מיט איהם געטראָפען דעם לעצטען מאָל... קומט ארוים אויף דער פרישער לופט.

זיי האָבען זיך אויפגעהויבען. איך האָב קוים צייט געהאַט אָפּצו־שפּרינגען אָן אַ זייט און בעהאַלטען זיך הינטער אַ דיקען בוים.

זיי זיינען ארוים פון דער לעטאַנקע און, לויט דעם רויש פון זיי־ערע טריט, זיינען זיי אַוועק אין וועלדעל.

איך ווייס ניט, ווי לאַנג איך בין אַזוי געשטאַנען אויף איין אָרט אין גאַנצען אַ צודולטער, אָבער פּלוצים האָבען זיך ווידער דערהערט טריט.

איך האָב זיך אַ צאַפּעל געטהאָן און פאָרזיכטיג ארויסגעקוקט פון הינטער מיין בעהעלטעניש: ביזמענקאָוו און ליזא האָבען זיך צו־ריקגעקעהרט איבער דעם אייגענעם שטעגעל. ביידע זיינען געווען שטאַרק אויפגערעגט, בעזאָנדערס ביזמענקאָוו. ער האָט דאַכט זיך, גע־וויינט.

ליזא האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַ קוק געטהאָן אויף איהם און קלאָהר ארויסגערעדט די דאָזיגע ווערטער:

— איך בין צופריעדען, ביזמענקאָוו. איך וואָלט זיך אָפּגעזאָגט. ווען איהר וואָלט בלויז געוואָלט מיך ראַטעווען, ארויסשלעפּען מיך פון דער דאָזיגער שרעקליכער לאַגע; אָבער איהר ליעבט מיך, איהר ווייסט אַלעס און דאָך ליעבט איהר מיך, איך וועל קיינמאָל ניט גע־פינען קיין זיכערען און איבערגעבענערען פריינד. גוט, איך בין צו־פריעדען צו זיין אייער פרוי.

ביזמענקאָוו האָט אַ קוש געטהאָן איהר האַנד; זי האָט איהם געענטפערט מיט אַן אונמוטהיגען שמייכעל און איז אַוועק אהיים.

ביזמענקאָוו איז אַוועקגעלאָפען אין וועלדעל און איך — צו זיך.

אַזוי ווי ביזמענקאָוו האָט מסתמא איהר געזאָגט דאָס אייגענע, וואָס איך האָב איהר געוואָלט זאָגען, און זי האָט איהם געענטפערט דאָס, וואָס איך האָב געוואָלט פון איהר הערען, — האָב איך שוין גע־קאָנט זיין רוהיג...

אין צוויי וואָכען ארום איז זי געוואָרען זיין פרוי; דער אַלטער אָזשאָגין איז צופריעדען געווען מיט אַבי אַ חתן.

נו, איצט זאָגט אַליין, בין איך דען ניט קיין איבריגער מענש?

האָב איך דען אין דער דאָזיגער גאַנצער געשיכטע ניט געשפּיעלט די ראָלע פון אַ איבעריגען מענשען? די ראָלע פון דעם פירסט... וועגען איהר איז איבעריג צו ריידען; די ראָלע פון ביזמענקאָוו איז אויך פער־שטענדליך... אָבער איך? וואָס האָב איך זיך דאָ צוגעטשעפּעט?... וואָס פאַר אַ נאַרישע פּינטעלע ראָד צום וואָגען!... עך, ביטער, ביטער איז מיר!... נור ווי זינגען דאָרט די בורלאַקעס: „נאָך אַמאָל, נאָך אַמאָל" — נאָך אַ טאָג און נאָך אַ טאָג, און מיר וועט שוין ניט זיין ניט ביטער און ניט זיעס.

---

31טען מערץ.

שלעכט. די דאָזיגע צייל̇ען שרייב איך אין בעט. זייט נעכטען פאַר־נאַכט האָט דאָס וועטער זיך געענדערט. היינט איז הייס, כמעט אַ זומערדיגער טאָג. אַלעס צוגעהט, פאַלט, ברעכט זיך און שטראָמט. אין דער לופט שמעקט מיט צוגראָבענע ערד — אַ שווערער, שאַרפער, שטי־קענדיגער גערוך. פון אַלע זייטען הויבט זיך אַ פּאַרע. די זון שניידט אַזוי, שניידט. מיר איז שלעכט. איך פיהל, אַז איך צופאַל.

איך האָב געוואָלט אָנשרייבען מיין טאָגע־בוך, און וואָס האָב איך געטהאָן אַנשטאָדט דעם? האָב דערצעהלט איין פאַל פון מיין לעבען. איך האָב זיך צורעדט, די אייגעשלאָפענע ערינערונגען האָבען זיך אויפגעכאַפּט און מיך הינגעריסען. איך האָב געשריעבען ניט איי־לענדיג, בעשריעבען יעדע איינצעלהייט, אַזוי ווי איך וואָלט נאָך גע־האַט פיעל יאָהרען פאַר זיך; איצט איז שוין מעהר קיין צייט ניט פער־בליבען צו שרייבען ווייטער. דער טויט, דער טויט, איך הער שוין זיין בייזען רוף... שוין צייט.. שוין צייט!...

אָבער וואָס מאַכט עס אויס, וואָס איך האָב ניט געשריעבען, וואָס איך האָב ניט דערצעהלט? ביי דעם אנבליק פונ'ם טויט פערשווינדען אַלע אירדישע נאַרישקייטען... איך פיהל, אַז איך ווער רוהיגער, איינ־פאַכער, קלאָהרער. איך בין צו שפּעט צום שכל געקומען!... אַ מאָדנע זאַך! איך ווער רוהיגער, אמת, אָבער אין דער אייגענער צייט... שרעקט מיך עפּעס. יאָ, מיר איז מורא'דיג. שוין אויף אַ העלפט איינגעבויגט איבער דעם שטומען, פינסטערען קבר, שוידער איך, קעהר זיך אָפּ

און מיט הונגעריגער אויפמערקזאַמקייט בעטראַכט איך אַלעס ארום זיך. יעדע זאַך איז מיר דאָפּעלט טהייער. איך קען זיך ניט זאַט אָנקוקען אויף מיין אָרימען, ניט פרעהליכען צימער, זעגען זיך מיט יעדען פינטעלע אויף מיינע וואַנד! זעטיגט זיך אָן, מיינע אויגען, צום לעצטען מאָל!

דאָס לעבען פערלאָזט מיך, גלייך און שטיל אַנטלויפט עס פון מיר אוועק, ווי דער ברעג פון די אויגען פון א ים־רייזענדען. דו אַלטער, געלער פּנים פון מיין ניאַנקע, ארומגעבונדען מיט א דונקעלען טיכעל, דו קאָכעדיגער סאַמאָוואַר אויפ'ן טיש, דער בלומען־טאָפּ געגען פענסטער און דו, מיין אָרימער הונד טרעזאָר, דו פעדער, מיט וועלכע איך שרייב די דאָזיגע צייל[ע]ן, מיין אייגענע האַנד, איך זעה אייך איצט... אָט זייט איהר... אָט... שוין־זשע, אפשר נאָך היינט... וועל איך אייך שוין מעהר ניט זעהן?

שווער איז א לעבעדיגען וועזען צו צושיידען זיך מיט'ן לעבען!

וואָס לאָסצעסטו זיך אזוי צו מיר, אָרימער הונד? וואָס דריקסט זיך אזוי מיט דער ברוסט צו דער בעט? וואָס האָסטו אזוי טרויעריג ארונטערגעלאָזט דעם וויידעל? וואָס נעהמסטו ניט ארונטער פון מיר דיינע גוטע, טרויעריגע אויגען? דו האָסט רחמנות אויף מיר? אדער דו פיהלסט שוין, אז דיין בעל הבית וועט באַלד אויף דער וועלט ניט זיין? אַך, ווען איך וואָלט מיט די געדאַנקען געקאָנט אריבערגעהן איבער אַלע זאַכען פון מיין צימער!

איך ווייס, אז די דאָזיגע עראינערונגען זיינען ניט פרעהליכע און ניט קיין וויכטיגע, אבער קיין אַנדערע האָב איך ניט. א פוסטקייט, א מורא'דיגע פוסטקייט! ווי ליזאַ האָט זיך אויסגעדריקט.

אָה, מיין גאָט, מיין גאָט! איך שטאַרב באַלד... דאָס האַרץ, וואָס איז פעהיג און גרייט צו לעבען, וועט באַלד אויפהערען צו קלאַפּען. און שוין־זשע וועט עס אַנשווייגען ווערען אויף אייביג, ניט פערזוכענדיג קיין איין מאָל דעם טעם פון גליק, פון פרייד?... וועה איז מיר! דאָס איז אונמעגליך, דאָס קען ניט זיין, איך ווייס, איך ווייס... ווען, לכל הפּחות, איצט, פאַר'ן טויט — דער טויט איז דאָך פאָרט א היילינגקייט, ער ערהויבט דאָך יעדע בעשעפעניש — ווען עפּעס א ליעבער, טרויעריגער, פריינדליכער קול וואָלט געזונגען איבער מיר אַן אָבשיעדס־

ליעד וועגען מיינע אייגענע ליידען, וואָלט איך, אפשר, איהם פאר־ליעב אָנגענומען. אָבער שטאַרבען נאַריש, נאַריש...

דאכט זיך, אז איך הויב אָן צו ריידען פון היטץ.

אדיע, לעבען, אדיע מיין גאָרטען, און איהר, מיינע לינדען־ביימער! ווען דער זומער וועט אָנקומען, זעהט, פערגעסט ניט, צו בעדעקען זיך פון אויבען ביז ארונטער מיט בלומען... און זאָלען זיך מענשען פיהלען גוט, רוהענדיג אין אייער דופטענדיגען שאָטען, אויף די פרישע גראָז, אונטער דעם געמורמעל פון אייערע בלעטער, פונ'ם ווינד צורודערטע... אדיע, אדיע אויף אייביג!

אדיע, ליזא! איך האָב אָנגעשריעבען די דאָזיגע צוויי ווערטער און האָב זיך שיער־שיער ניט צולאכט. דער דאָזיגער אויסגעשריי דאכט זיך מיר שמעקט מיט בוך. אקוראט ווי איך פערפאס א סענטימענטאלע מעשה און ענדיג א פערצווייפעלטען בריעף...

מאָרגען איז דער ערשטער אפריל שוין־זשע וועל איך מאָרגען שטאַרבען? דאָס וואָלט עפּעס געוועזן ניט אנשטענדיג. אָבער דאָס פאסט זיך אזוי פאר מיר...

און ווי דער דאָקטאָר האָט מיך היינט געטרייסט!...

---

ערשטער אַפּריל.

א סוף... דאָס לעבען איז געענדיגט. היינט שטאַרב איך זיכער. אויף דרויסען איז היים... כמעט שטיקענד... אָדער מיין ברוסט קען שוין ניט אָטהעמען?... מיין קליינע קאָמעדיע איז אָפּגעשפּיעלט. דער פאָרהאַנג פאַלט...

פערניכטעט, הער איך אויף צו זיין אָן איבריגער...

אך, ווי די דאָזיגע זון איז ליכטיג! די דאָזיגע מעכטיגע שטראַהלען אָטהעמען מיט דער אייביגקייט...

אדיע, טערענטיעווגא!... היינט אין דער־פריה, זיצענדיג נעבען פענסטער, האָט זי א כליפּע געטהאָן... אפשר וועגען מיר... און אפשר מחמת דעם, ווייל איהר אליין וועט אויך באלד אויסקומען צו שטאַר־

בען... איך האָב ביי איהר אַ וואָרט גענומען, צו לאָזען לעבען טרעזאר'ן.

מיר איז שווער צו שרייבען... איך וואַרף די פעדער... שוין צייט! דער טויט דערגעהרט זיך שוין מיט אַ הילכענדיגען ליאַרם, ווי אַ קאַוטש וואָס פאָהרט ביינאַכט איבער'ן ברוק; ער איז דאָ, ער שוועבט אַרום מיר, ווי יענער לייכטער הויך, פון וועלכען די האָאר האָבען זיך אויפגע־שטעלט ביים פּראָפעט...

איך שטאַרב... לעבט, איהר לעבעדיגע.

